**S. MOSZKOWICZ**

# MON VILLAGE GLINOWIECK

## Souvenirs

הילע געצייכנט פון ב ע ן

Paris 1976

דאָס בוך ווידמע איך אונזערע טאַטע־מאַמע,
שמעון און רחל מאַשקאָוויטש ז״ל, מיין ברודער
יעקב־אריה ז״ל, ווי אויך די קדושים פון דער
גלינאָוויעצקער קהילה, אומגעבראַכט בימי
היטלער ימ״ש, אין לאַגער בירקענוי־
אוישוויץ, אין דעצעמבער 1942.

איך דריק אויס אַ האַרציקן דאַנק, דעם חשובֿן רעדאַקטאָר פֿון „אונזער וועג" ה' שלום קלינגער פֿאַר זיין ראַט און טאַט, צום דערשיינען פֿון מיין בוך. ווי אויך מיין פריינט נפתלי מילנער פֿאַר זיין מיטהילף. דעם שרייבער בנימין שלעווין פֿאַרן צוגרייטן מיין בוך — אַ דאַנק. אַ ספּעציעלן דאַנק דעם בוך־דרוקער יוסף שעכטער, דעם ליבהאָבער פֿון אונזערע יידישע פּירקאַנטיקע אותיות. ווי אויך מיין ליבן פריינט, דעם לינאָטיפּיסט יהושע זיידמאַן פֿאַר זיין אומדערמידלעכער אַרבעט אין צוזאַמענהאַנג מיטן דערשיינען פֿון מיין אויסגעצערטלט בוך.

איך דריק אויס אַ באַזונדערן דאַנק דעם חשובֿן קינסטלער ב ע ן פֿאַר די נשמהדיקע צייכענונג פֿון דער הילע פֿאַר מיין בוך.

אַ האַרציקן דאַנק מיינע אַנאָנימע שפּענדער.

# א י נ ה אַ ל ט

## ערשטער טייל

## צווייטער טייל



## דריטער טייל

# אַ חלום

איז דאָס אמת געווען ?
אַ דערפֿעלע קליין און שיין.
גלינאָוויעצק — אַ מאָדנער נאָמען
אָבער זיס און טייער...
די זכרונות פֿייניקן, נאָגן —
דער הויף מיט דעם ברונעם
אין יעדן ווינקעלע האָבן געשיינט זונען...
די חנבדיקע באָבע
און דער זיידע — אַ פּאַצעט —
טאַטע, מאַמע, פֿעטערס, מומעס
קוזינען, שכנים, אַוועק, אַוועק...
אין אַ יום־טוב געקומען צו גאַסט.
געלאַכט, געזונגען, דעקלאַמירט זיך גרימירט
איז דאָס אמת געווען
אַ שטעטעלע קליין און שיין...
אַלע און אַלץ פֿאַרשוווּנדן
און וואָס איז געבליבן ?
אַ שרעק — אַ חלום.

רבקה אפראטא־מאָשקאָוויטש

# אונזער חורבן

מיין שטעטעלע גלינאָוויעצק
מיר שטעלן דיר אַ מצבה — אַ מאָנומענט.
פאַריאָגט פון די מערדערלעכע נאַציס
האָבן געפינצטערט די פוסטע ווענט

אין אַ שרעקלעכער קאַלטער ווינטער נאַכט
יונג און אַלט — קינדער פון זייערע וויגן
אַרויסגעריסן פון זייער איינגעוואָרצלטער היים
האָט מען זיי צום אומקום געטריבן

פינצטער איז דאָרט אין מיין שטעטעלע אַצינד
אונזער יידיש לשון האָבן זיי פאַרשטומט
איך שפּין אויס קלאָגעדיק דעם אַמאָליקן קלאַנג
פון אונזער קינדערס געזאַנג

אין צלאלס חדר ביים לאַנגן טיש
האָבן זיי זיך געשאָקלט און געוויגט
זייערע זילבער שטימעלעך האָבן פריידיק געקלונגען
די פייגל אין פאַרנאַכטיקן אָוונט האָבן מיטגעזונגען

גאָט ! באַשאַפער פון דער וועלט
פאַרוואָס ? דיינע שערי־רחמים פאַרשלאָסן
מיט הימלישע פאַנצערס זיי פאַרשטעלט
און אויף דיין פאָלק דיין צאָרן אויסגעגאָסן

עס ברענען און ציטערן די יזכור ליכט
די חלב־טראָפּנס בריען מיין לייב
איך שטעל אַן אומבאַקאַנטן מצבה־שטיין
מיין טייערער פאַרשניטענער היים.

שלמה מאַשקאָוויטש

**
*

ווען דער בייזער סדומישער שטורעם, וואָס האָט געבושעוועט איבער די פאַרשקלאַפטע וועלט־טיילן פון באַנדיטישן היטלע־ריזם, האָט זיך איינגעשטילט און די על־פּי־נס לעבנגעבליבענע יידן האָבן געמאַכט דעם טרויעריקן חשבון, איז דער סך־הכל געווען מוראדיק.

אַ דריטל פון אונזער פאָלק — זעקס מיליאָן יידן — בתוכם, איבער אַ מיליאָן אונזערע אומשולדיקע, טייערע קינדערלעך. אונזער אייגן פלייש און בלוט, פאַרגאַזט, פאַרברענט, אומגעקומען דורך כלערליי מיתות.

שוין אַ לאַנגע צייט האָבן מיר געטראַכט, צו דערציילן און פאַר־אייביקן, וואָס די דייטשע פייניקער האָבן אונז אָפּגעטון. ערשט אין יאַנואַר 1974, אין פלאַשינג, אַ פאָרשטאָט פון ניו־יאָרק, האָט עס אַ שפּאַר געגעבן מיר זאָלן דערמאָנען די גלינאָוויעצקער יידן זיי, און זייער הייליקן קרבן.

מיט פּיעטעט האָב איך זיך געוואָרפן אין דער אַרבעט צו פאַר־אייביקן זייער אָנדענק. עס ליגט פאַר מיר אַ מאַנוסקריפּט. ס׳איז נישט געווען קיין לייכטע אַרבעט. די אַלע אַרויסגעגעבענע יזכור־ביכער פון די פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך ביז היינט, זענען זיי דערשינען אויף אַזאַ דרך.

ס׳האָט זיך געשאַפן אַ קאָלעקטיוו, אַ רעדאַקציע־קאָלעגיום און די אָפּשטאַמיקע, וואָס זענען געווען צעשפּרייט איבער דער וועלט, האָבן בייגעטראָגן זייער מיטהילף. אַנדערש איז עס געווען מיט

דעם גלינאָוויעצקער בוך. עס זענען געבליבן געציילטע פון דעם חורבן. מיר זענען געשטאַנען פאַר גאָר ערנסטע פּראָבלעמען. אַ הייליקע פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט. כמעט אָן וועלכן ס'איז היסטאָרישן מאַטעריאַל, אָן מיטהילף, מיר האָבן אפילו נישט געקאָנט שאַפן אַ קאָמיטעט פון אַ פּאָר מיטגלידער. עס האָבן אויך נישט געפעלט — קיין שטיינער אויפן וועג — אויסשליסלעך אויסגעשטעלט אויף די באַשיידענע כוחות פון שרייבער פון די שורות. — כ'דאַנק דער השגחה, וואָס האָט מיר געשאָנקען דעם כוח אַלץ אַדורכצופירן. די 20 משפחות פון מיין פאַרשניטן שטעטעלע וועלן פאַראייביקט ווערן. איך גיב זיך אָפּ אַ חשבון, אַז דער מאַטעריאַל איז אפשר נישט שלימותדיק פאַר אַזאַ בוך. מיט אַ רואיק געוויסן קאָן איך זאָגן : כ'האָב געטון דאָס, וואָס אַ מענטש איז בכוח.

מיר גיבן עס איבער די יידישע פאָרשער. זיי וועלן אין די שפּעטערדיקע דורות נאָך לאַנג שטודירן די טרויעריקע געשיכטע פון אונזערע אומגעקומענע יידישע ישובים אין פוילן און אין אַנדערע לענדער. מיר גיבן עס איבער אַלע גלינאָוויעצקער לעבן־געבליבענע, ווו זיי זאָלן זיך נישט געפינען. זאָל דאָס דאָזיקע בוך זיין, פאַר זיי און פאַר זייערע קינדער אַן אייביקער נר־תמיד אין זייערע היימען נאָך אונזערע קדושים.

מיר גיבן עס איבער מיט אַ גליענדיקן צאָרן ! אין אַ מאָמענט, ווען מען באַוואָפנט ווידער אונזערע אַראַבישע שכנים, וואָס פאַרמעסטן זיך, און זאָגן אָפן פאַר דער גאַנצער פאַלשער וועלט, חלילה, די פאַרניכטונג פון אונזער אויסגעבענקטער מדינת ישראל. זאָל אונזער באַשיידן בוך פון דעם קליינעם גלינאָוויעצקער ישוב העלפן דערציען די כוחות, וואָס זאָלן אומשעדלעך מאַכן די מערדערישע הענט.

זאָל מיין באַשיידן בוך זיך טראָגן איבער דער לעבנגעבליבענער יידישער וועלט ווי אַ דערמאָנונג, כדי נישט צו פאַרגעסן, וואָס עס איז געשעו מיט אונזער פאלק.

מיין שטעטעלע גלינאָוויעצק

זאָלן די ציטערנדיקע בלעטער פון דעם בוך זיין די האָפענונג און ווידערגעבורט פון נייע דורות נאָכן שרעקלעכן מבול. „זאָלן זיי ברענגען ליכטיקע יידישע בשורות אין ישראל און אין אַנדערע יידישע ישובים פאַר אונזער פאָלק.

מיר די לעבנגעבליבענע אין וועלכע עס ברענט אַן אומאויסלעשבאַרער פלאַם פון ווייטיק און פיין שרייען אויס דעם הייליקן רוף: ז כ ו ר: געדענקט! אל תשכח! פאַרגעסט נישט! קיינמאָל נישט פאַרגעסן וואָס מ׳האָט געטון מיט אונזער פאָלק! לאָזט אייך נישט איינוויגן!

אייביק וועלן מיר מיט ברענענדיקן צאָרן שעלטן דעם פינצטערן אָנדענק פון די פייניקער, מערדער און פאַרטיליקער פון אונזער פאָלק. זאָל אונזער הייליקער רוף זיך טראָגן לדורות.

א ל ת ש כ ח!



אונזער זיידע ר׳ יוסף־צבי מאַשקאָוויטש ז״ל אין זיינע ייננערע יאָרן



אונזער באָבע פרימעט מאָשקאָוויטש ז״ל
די געטרייע לעבנס-באַגלייטערין פון זיידן יוסף



אונזער זיידע ר׳ יוסף ז״ל אין זיינע עלטערע יאָרן



אונזער טאַטע־מאַמע שמעון און רחל מאַשקאָוויטש ז״ל
און מיין ברודער יעקב־אריה ז״ל
אומגעקומען אין די נאַצישע לאַגערן



די מומע רחל פאַגעלמאַן־סאָקאָלאָווסקי אומגעבראַכט אין
אוישוויץ־בירקענאו



יעקב־לייב פאָגעלמאַן ז״ל אומגעקומען אין לאַגער



דער פעטער מרדכי, ז"ל. דעם זיידנס יינגסטער זון
אומגעקומען אין לאַגער



מחלה פאָגעלמאַן פאַרשניטן פון די נאַציס



מחלה פאָגעלמאַן מיט איר מאַן, פון ציעכאַנאָוו, ז״ל
אומגעקומען אין די לאַגערן



יעקב־לייב פאָגעלמאַנס ייִנגעלע
פארשניטן פון די מערדערלעכע נאציס



די אומשולדיקע קליינע קינדערלעך
פון מינדל פאָגעלמאַן די עלטסטע טאָכטער פון די מומע רחל
פארשניטן פון די מערדערלעכע נאציס



שטייען די ערשטע שורה פון רעכטס צו לינקס:
1) שלום סאָקאָלאָווסקי 2) יעקב־לייב פאַגעלמאַן 3) מינדלס מאַן 4) מיין ברודער יעקב־אריה. זיצן: 5) חוה, געבליבן לעבן, זי געפינט זיך אין אַמעריקע 6) די מומע רחל 7) מינדל, איר עלטסטע טאָכטער 8) מחלה, איר ייִנגסטע טאָכטער, די קינדער זענען מינדלס און יעקב־לייבס זון. אַלע זענען פאַרשניטן געוואָרן.



מענדל פאָגעלמאַן ז״ל אומגעבראַכט אין לאַגער אוישוויץ־בירקענאַו



אונזער הויז אין גלינאָוויעצק
מיין ברודער דוב־בערעק
לעבט אין אַמעריקע
דאָס בילד איז געמאַכט געוואָרן אין 1973

## יזכור!

זייט געהייליקט טייערע אומפאַרגעסלעכע קדושים.

**פערל, יהודה־מאיר מאַרקעוויטש**
**אסתר־חיה מאַרקעוויטש**
**אבא מאַרקעוויטש, פרוי און קינדער**
**יעקב פון דער הוטאַ, פרוי און קינדער**
**שלמה סקוזע, פרוי און קינדער**
**דוד שוואַרץ, פרוי און קינד**
**בעריש שוואַרץ און פרוי**
**יוסל שוואַרץ, פרוי און קינדער**
**אסתר שוואַרץ**
**אונזער טאַטע־מאַמע שמעון, רחל מאָשקאָוויטש — ברודער, יעקב־אריה**
**שלום סאָקאָלאָווסקי, די מומע רחל, מענדל איר זון**
**מינדל פאָגעלמאַן, מאַן און קינדער**
**מחלה פאַטער, איר מאַן און קינד**
**די מומע רייזל מאַרקעוויטש, אירע קינדער איטשע, לייביש, רחל מיט איר משפחה**
**עליע־מאיער אלבערט, פרוי און קינדער**
**נתן, פרוי און קינדער**
**חיים־יצחק קליינמאַן, פרוי און קינדער**
**יוסף פאַוויאָגאַ, זיין פרוי גלדה אין קינדער**
**משה קאָהן, זיין פרוי באַשע מיט זייערע קינדער הערשל, רבקה**
**הערש־לייזער גורנא און פרוי**
**אברהם פון דער הוטא, פרוי און קינדער**
**שילום פון דער הוטא, פרוי און קינדער**
**פעטער מרדכי מאָשקאָוויטש, די מומע רחל־לאה, זייערע קינדער פאָלאַ, כעלאַ מיט איר מאַן**

אין די דערפלעך ווו עס האָבן געוווינט איינצלנע יידן, דערמאָן איך זיך נישט זייערע נעמען, זאָלן זייערע נשמות געהייליקט ווערן מיט אונזערע קדושים.

# די אנטשטייאונג און אנטוויקלונג
# פון יידישן ישוב אין גלינאוויעצק -
# זיינע געשטאלטן און געשעענישן

# די אַנטשטייאונג פון יידישן ישוב אין גלינאָוויעצק

קיין ספּעציעלן היסטאָרישן מאַטעריאַל וועגן דעם דערפל, גלי־נאָוויעצק האָב איך אין ערגעץ נישט געפונען, עס איז אָבער דער־גאַנגען צו מיר ווי אַזוי עס איז אַנטשטאַנען דער קליינער יידישער ישוב, פון אַן ערך 20 משפחות. חוץ דעם, דינט מיר צו די השגחה צו געדענקען גענויע פּרטים פון מיינע יינגסטע קינדער־יאָרן לויטן דערציילן פון מיין זיידן ר׳ יוסף צבי און פון מיין פאָטער ר׳ שמעון עליהם השלום.

דער גרעסטער טייל איז פון מיין זיידן. כ׳בין געווען זיין עלטסט אייניקל, און דער זיידע האָט ליב געהאַט צו דערציילן געשיכטעס און פּאַסירונגען פון זיינע יונגע יאָרן און פון זיינע אור־עלטערן.

פון מיינע יינגסטע יאָרן בין איך געווען אַ פאַרחלומטער, און ליב געהאַט פאַנטאַסטישע געשיכטעס. חוץ דעם אפשר האָט אים אַ העכערע קראַפט אונטערגעזאָגט צו דערציילן ווי אַזוי ס׳איז אַנטשטאַ־נען דער יידישער ישוב אין גלינאָוויעצק. דאָס אַלץ האָט זיך איינגע־קריצט אין מיין יונגן מוח, כדי כ׳זאָל עס איצט קענען איבערגעבן ווי אַ זכר לדורות.

אַ שיינע פּאָר צענדליק יאָר שפּעטער, ערשט אין 1974 אין אַ פאָרשטאָט פון ניו־יאָרק אין פלאַשינג, האָט זיך פּלוצים אויפגעוועקט אין מיר אַ פאַרלאַנג דאָס אַלץ צו דערציילן, און זאָל עס פאַרבלייבן ווי אַ יזכור־בוך, נאָך אַן אָפּגעמעקטן, פאַרגעסענעם יידישן ישוב.

**
*

די געשיכטע פון יידישן ישוב אין דערפל גלינאָוויעצק גרייכט אַזש פונעם סוף 18־טן יאָרהונדערט.

אין אַ הייסן זומער־טאָג האָבן צוויי גרויסע, מיט לייוונט־געדעקטע בוידן אויף רייפן, געצויגן פון טשעכאַנאָווער פאַרטריקנטן, זאַמדיקן וועג, דורך די אויסגעהאַקטע גרויסע וועלדער. פון הינטן ביי די פורן, האָבן זיך נאָכגעשלעפט צוויי אָנגעבונדענע קו. די בוידן האָבן אָנגעטריבן קרעפטיקע, שוואַרץ־האָריקע יידן מיט צעקאָלטנטע בערד. די גרויסע רעדער פון די בוידן האָבן זיך געקאָלערט, קרעכצנדיק פון דער שווע־רער משא, און אויפגעהויבן געדיכטע קנוילן שטויב, ווי אַ וואָלקן. די בוידן האָבן זיך פאַרקערעוועט רעכטס, צום טייכל זשאַלדאָווקאַ. אַ הילצערן בריקל איז געווען אַריבערגעוואָרפן, אַביסל ווייטער — נאָך אַ בריקל. דאָס טייכל וואָס האָט געשטראָמט פון סטשעגאָווע האָט אַ פּאָר הונדערט מעטער פאַר גלינאָוויעצק זיך צעצווייגט און געבילדעט אַ קליינעם וואַסער־שטראָם.

זייט אומפאַרגעסלעכע צייטן האָט דאָס וואַסער געריזלט, מיט־געריסן די ערדישע טיפענישן, אין די נידעריקע ברעגן, מיט דער צייט פון יאָרן האָט דער וואַסער־שטראָם זיך אויסגעברייטערט, געשאַפן אַ נייעם אָפּצווייג. נאָך לאַנגע, שווערע ווינטערס, מיט שנייען און רעגנס, וואָס האָבן געהערשט אין יענער צייט. ווען דאָס איז האָט פרילינג־צייט געלאָזן, האָבן די טייכלעך פאַרגאָסן די פעלדער אַרום, און פאַרטיפט דאָס בעט פון טייך. די ווינטן מיט דער הילף פון דער נאַטור, האָבן צוזאַמענגעפּאָרט שפּראָצונגס־זוימען. ביי די ברעגן זע־נען זיך צעוואַקסן ביימער, בלושטשן מיט לאַנגע בלעטער, פיל־קאָ־ליריקע ווילדע בלומען האָבן אַרויסגעשפּאַרט פון דער ערד, מיט זייע־רע באַחנטע קעפּלעך. די הימלען האָבן געוואַכט איבער זיי. דאָס וואַ־סער האָט געשטראָמט מיט זיין אייביקן גאַנג.

דאָ ביי די טייכלעך און די צוויי בריקן, איז געלעגן גלינאָוויעצק. נאָך דער צווייטער בריק, האָט געפירט לינקס אַ זייטיקער וועג צום דערפל זאַוואָדאַ. דאָרט האָבן די צוויי בוידן, פאַרצייטנס זיך אָפּגעשטעלט. ס'איז געווען דער סוף פון זייער וואַנדערן.

איינע פון די צוויי משפחות, וואָס האָט זיך באַזעצט אין דערפל, איז געווען אונזער אור־עלטער זיידע חיים מאָשקאָוויטש. דער צווייג פון אונזער משפחה האָט זיך געצויגן פון קוטנע. דאָס האָט מיר דער־ציילט מיין זיידע ר' יוסף צבי. אין די יונגע יאָרן האָט דער אור־עלטער

זיידע גענומען דעם וואַנדער־שטעקן און געלאָזן זיך אין דער וועלט אַריין, איבער שטעט און דערפער. ער האָט זיך גענומען אַ ווייב, וואָס האָט אים געבוירן קינדער, און ער איז לסוף געקומען אויפשלאָגן זיין געצעלט אויף זאַוואָדאַ, ביי גלינאָוויעצק.

ס׳איז אים נישט שווער געווען מפרנס צו זיין די משפחה. ער איז געווען אַ בעקער, געצויגן חיונה פון האַרעפּאַשנע פּראַצע, ער האָט געבאַקן ראַזאָווע ברייטלעך פאַר די פּויערים פון קאַנט.

איידער גלינאָוויעצק איז געוואָרן אַ ישוב, זענען דאָ אַרום געווען געדיכטע וועלדער. זיי האָבן זיך געצויגן פון טשעכאַנאָוו ביז צו דער געגנט פון קונדראַיעץ, גאַרוואָזש, איבער דעם טייכל ביז צום פּלאַנט, ס׳איז געווען צוויי וויאָרסט נאָך די הילצערנע בריקן. דאָרט האָט זיך געקרייצט דער שליאַך. רעכטס: קיין סטשעגאווא, מלאַווא, ביז דער פּרייסישער גרענעץ. לינקס: ביז ראַטשוינז, פּלאָצק, קוטנע.

דער אור־עלטער זיידע איז געווען שטאַרק רעספּעקטירט ביי די פּויערים צוליב צוויי פּאַסירונגען, וואָס זענען זיך פאַרלאָפן:

ס׳איז געווען אַ שווערער ווינטער, מיט מוראדיקע פרעסט. ביים אור־עלטער זיידן חיים איז געבוירן געוואָרן אַ קינד. ס׳האָט געלעבט אינגאַנצן אַ פּאָר וואָכן און איז נעבעך אויסגעגאַנגען. די ערד איז געווען פאַרפרוירן און ס׳איז אָנגעקומען מיט גרויס מי, אויסצוהאַקן אַ קבֿרל דערווייליק נאָענט פון דאָרף, ביז די שטאַרקע פרעסט וועלן נאָכגעבן, וועט מען עס איבערפירן אין דערבייאיקן שטעטל. די דאָרפישע שקצים האָבן אָנגעטון נישט ווייניק צרות דעם זיידן: איינער פון זיי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין רשעות און שנאה צו יידן. ער האָט זיך באַרימט אַז ער וועט פאַראומרייניקן דאָס קבֿרל פון קינד. ער האָט נישט קיין מורא פאַר טויטע, אפילו אין מיטן נאַכט, בפרט פאַר „אומגלויביקע" יידן. האָבן די איבעריקע געזאָגט אַז זיי גלויבן אים נישט: ער זאָל ברענגען אַ סימן. ענטפערט ער גוט. „כ׳וועל צוגרייטן אַ דרענגל, שאַרף־פאַרשניצן און דאָס אַריינקלאַפּן אויף דעם קבֿר". און אַזוי האָט ער געטון. די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. אַ טונקעלער הימל איז געהאָנגען דראָענדיק. פון די אַרומיקע וועלדער האָבן חיות געקלאָגט אויף זייער ביטערן גורל. הונגעריקע וועלף האָבן

אומהיימלעך געוואָיעט אין דער קאַלטער נאַכט. דער יונגער שייגעץ האָט זיך געשאַרט צום איינזאַמען קבֿרל פֿון קינד. ס'איז אים מיט־אַמאָל באַפֿאַלן אַן אימה. ער האָט באַדויערט דאָס געפֿערלעכע שפּיל, וואָס ער האָט פֿאַר זיך צוגעגרייט — ער האָט פֿאַרטריבן דעם פּחד, וואָס האָט אים אַרומגענומען ווי צוואַנגען. די ביימער פֿון נאָענטן וואַלד, האָבן אים אויסגעזען ווי שרעקלעכע ריזיקע געשטאַלטן, וואָס דערנענטערן זיך צו אים. ער האָט זיך אָבער איבערגעצלמט, אַנידער־געקניט און אָנגעהויבן מיט אַ האַק אַריינשלאָגן דאָס דרענגל. פֿאַר שרעק, האָט ער פֿאַרטשעפּעט זיין פּעלצל און ווען ער האָט זיך אויפֿ־געשטעלט אַוועקצוגיין, האָט ער זיך נישט געקענט רירן. ער האָט זיך אָנגעהויבן וואַרפֿן, און מוראדיק זיך צעשריגן: „פּושטש מניע!...” (לאָז מיך אָפּ) נאָך גוט וואָס ס'איז פֿאַרביי אַ פּויער און ער האָט דעם שיי־געץ אַוועקגעריסן פֿון קבֿר. די איבעריקע פֿאַר שרעק האָבן אַלץ דער־ציילט. ער איז דערנאָך לאַנגע יאָרן אַרומגעלאָפֿן משוגע און געשריגן „פּושטש מניע” די פּויערים אין דאָרף האָבן גערעדט צווישן זיך:

— דאָס האָט גאָט אים געשטראָפֿט...

זיי האָבן פֿון דעמאָלט אָן דרך ארץ געהאַט פֿאַרן זיידן.

אַ צווייטע געשיכטע וואָס איז זיך פֿאַרלאָפֿן האָט באַוויזן ווי העל־דיש און אומדערשראָקן דער אור־עלטער זיידע חיים איז געווען. ביי די קריסטן האָט ער געשמט ווי אַ גיבור. אין געציילטע מינוטן האָט ער אויסגעלאָדן אַ פֿור מיט פּודיקע זעק מעל. ער איז געווען הויך, ברייט־פּלייציק מיט אַ שוואַרצער באָרד און פֿייערדיקע אויגן, מיט געדיכטע באַוואַקסענע ברעמען האָט ער אויסגעזען ווי אַ לעגענדאַרע געשטאַלט. האָט זיך אין דער געגנט באַוויזן אַ וואָלף און אָנגעוואָרפֿן אַ שרעק אויף די דאָרפֿישע איינוווינער, ער האָט שוין געהאַט פֿאַרצוקט עטלעכע קעלב־לעך. אָוונט־צייט האָבן די דאָרפֿס־לייט פֿאַרהאַקט טיר און לאָדן, מורא געהאַט אַרויסצושטעקן די נאָז. דער זיידע האָט קיינעם גאָרנישט גע־זאָגט, נאָר אין אָוונט, ווען אַלע האָבן זיך פֿאַרמאַכט אין די הייזקעס, איז דער אור־עלטער זיידע אַרויס — אין איין האַנט אַ קלאָניצע — אין דער צווייטער — אַ לאַנגע ווידלע און געטשאַטעוועט אין דער נאַכט־פֿינצטערניש אויפֿן וואָלף. מיטאַמאָל האָט ער דערזען דערנענ־טערן זיך צוויי פֿייערדיקע אויגן, האָט זיך דער זיידע געוואָרפֿן אויפֿן

וואָלף און האָט אים אָװעקגעלייגט. זייט דעמאָלט האָט דער „פּאָן חיים״ גענאָסן פון גרויס רעספּעקט ביי אַלע אָרומיקע פּויערים.

און דאָס שטילע, מאָנאָטאָנע דאָרפישע לעבן, האָט געשלונגען די טעג. מיט דער צייט האָט דער יידישער ישוב זיך גענומען פאַרגרעסערן.

ס׳האָבן זיך באַזעצט אָנגעקומענע יידישע משפחות. ס׳זענען געבוירן געוואָרן קינדער. ווען זיי זענען אונטערגעוואַקסן האָט מען געברענגט פאַר זיי אַ מלמד פון דערבייאיקן שטעטל, און פון צווישן די פּויערישע הייזקעס, אין אַ נידעריק שטיבל ביים טייכל, אין די הייסע זומער־טעג, דורכן אָפענעם פענצטער, האָבן זיך געהערט יונגע, זיסע קולות, פון חיימלעך — און משהלעך, און די הייליקע פיר־קאַנטיקע אותיות פון חומש מיט רש״י האָבן אָפּגעקלונגען אין דער דאָרפישער שטילקייט.

ווען ס׳איז שוין געווען אַ מנין פון צען יידן, מיט די בר־מצווה ייִנגלעך, האָט דער אור־עלטער זיידע מנדר געווען אַ ספר־תורה, וואָס איז דערנאָך, איבערגעגאַנגען בירושה פון טאַטע צו זון, ביזן לעצטן מאָמענט, ווען דער פינצטערער עמלק, די נאַציס י״ש האָבן אומגעבראַכט די קליינע גלינאָוויעצקע קהילה, מיט די ספרים און ספר־תורה, וואָס האָט געשטאַמט פון אונזער אור־עלטער זיידן חיים.

די געגנט איז געווען רייך אין וועלדער. די פּריצים האָבן די וועלדער פאַרקויפט צום שניידן. עס זענען אָראָפּגעקומען הויכע ברייט־פּלייציקע יידן, וואַלד־סוחרים מיט לאַנגע בורקעס און פוטערנע היטלען. זיי זענען אַרומגעלאָפן אין די וועלדער, פאַריסן די קעפּ אין דער הויך, צו די באַיאָרטע דעמבעס און ליפּעס, געמאָסטן, געצייכנט, זיי מיט רויטע פאַרב. גאַנצע־טעג געשריבן אויף פאַרשידענע לשונות — לסוף האָט מען אָנגעהויבן אויסהאַקן די אַלטע וועלדער. די אונטערגעהאַקטעביימער זענען געלעגן צעוואָרפן און האָבן אויסגעזען ווי מתים נאָך אַ מגפה... דערנאָך, האָבן פּויערים אַרומגעהאַקט די צווייגן, אָפּגעטסעסעט די סענקעס, צעזעגט לויט די אָנגעצייכנטע מאָסן. עס איז אַנטשטאַנען אַ רעש פון די מחנות בעלי־עגלות מיט די לאַנגע פורן, הילכיקע געשרייען — „העפּ־העפּ!״ און דער וואַלד האָט וויט אַרום אָפּגעהילכט, די ווידער־קולות זענען אויסגעגאַנגען אין די וואַלדיקע טי־

פּענישן. מיט לאַנגע דרענגער האָבן זיי אויפגעלאַדעוועט די דיקע קלע־צער און געלאָזן זיך מיט די באָטשנע וועגן און שליאַכן.

איינמאָל אין אַ נאָכמיטאָג ווען מען האָט אונטערגעזעגט די ביימער, און צו שפּעט געגעבן דעם צייכן, דער בוים איז געפאַלן און דער זיידע איז אַוועקגעשליידערט געוואָרן אויף אַ פּיען. מ׳האָט אים גלייך אָפּגעפירט קיין טשעכאַנאָוו, אין שפּיטאָל אַריין. ער האָט אָפּגעקרענקט עטלעכע חדשים און האָט אויסגעהויכט זיין כשרע נשמה. מ׳האָט אים מקבר געווען אויפן טשעכאַנאָווער בית־עולם.

דער עלטסטער זון זיינער, יעקב, איז געווען אונזער עלטער־זיידע, דעם זיידנס יוספס פאָטער. ווען ס׳האָט פּאַסירט דאָס אומגליק מיט זיין פאָטער, איז ער דעמאָלט אַלט געווען 17 יאָר. ער איז געוואָרן דער באַ־שפּייזער פון זיין מוטער, די יינגערע ברידער און שוועסטער. ער האָט ווייטער געפירט די בעקעריי.

דאָס איז געווען אַן ערך אין אָנהייב פון 19־טן יאָרהונדערט. פון דער אַנדערער זייט טייכל, צום טשעכאַנאָווער וועג, האָט מען געהאַקט די געדיכטע וועלדער, אַרויסגעריסן די וואָרצלען, די פּיעניעס. די ערד איז געלעגן און געוואַרט מ׳זאָל זי באַאַרבעטן, פאַרבויען און אַריינברענ־גען לעבן. די ערד איז געווען אַ פעטע, ערטערווייז — אַ ליימיק — קלעפּיקע. ווען די ערשטע פּאָר הייזלעך, זענען געוואָרן אויפגעשטעלט האָט דער וואָיט, די ראַטמענער פון דער דערבייאיקער געמינע באַ־שלאָסן, און אָנגערופן דאָס אָרט גלינאָוויעצק; טאַקע דערפאַר, ווייל די ערד איז דאָ טיילווייז געווען אַ ליימיקע. (ס׳נעמט זיך פון דעם וואָרט „גלינאַ־ליים״). ווען דער עלטער־זיידע יעקב האָט חתונה געהאַט, האָט ער באַשלאָסן זיך אַריבערצוטראָגן קיין גלינאָוויעצק; ווי מען זאָגט ביי יידן — משנה מקום — משנה מזל. דאָרט האָט ער אויפגעבויט אַ בעקעריי און אַ נעסט פאַר זיין משפּחה. די מערסטע יידישע משפּחות האָבן געוווינט אויף יענער זייט וואַסער.

אין יענער צייט האָט געהערשט איבער פּוילן איר אייביקער שונא רוסלאַנד. איינער פון די צאַרן מער ליבעראַל, האָט געוואָלט צו־פרידנשטעלן די פּוילישע פּויערים, באַרואיקן די עלעמענטן, וואָס האָבן פון צייט צו צייט, אויפגעהויבן בונטן קעגן דער צאַרישער מאַכט. האָט

דער צאַר אַרויסגעגעבן אַ באַפעל: צוצוטיילן אין די דערפער די אָרעמע פויערים אַ פּאָר מאָרגעס ערד. (אַ מאָרגע איז געווען ביי אַ דריי הונ־דערט קוואַדראַט־מעטער); אויך אַן אָרט אויפצובויען אַ הייזקע, אַ שייער, איינצוזאַמלען די תבואה נאָכן שניט, אַ שטאַל פאַר די בהמות און די איבעריקע באַבויאונגען וואָס ס'פאָדערט זיך פאַר אַ דאָרפי־שערווירטשאַפט.

גערופן האָט מען דאָס „אוולאַשטשעניע״, ד. ה. דעם צאַר'ס אַ אַ מתנה פאַר די אָרעמע פויערים. ערד אין דער געגנט איז געווען גענוג פון די אויסגעהאַקטע וועלדער, און די אַרבעטזאַמע פויערים זענען געווען צופרידן. זיי האָבן מיט פלייס אָנגעהויבן בויען זייערע הייזקעס און די ווירטשאַפט. אַזוי אַרום איז גלינאָוויעצק געוואַקסן און געוואָרן אַ דערפל. דאָס דערפל איז געלעגן אויפן שליאַך צווישן וואַרשע און דער פּרייסישער גרענעץ. דורך דאַנען האָבן געצויגן יידן סוחרים, וואָס האָבן געפירט קאָנטראַבאַנדע איבער דער גרענעץ, צוריקגעברענגט פאַרשידענע סחורות און זיי פאַרקויפט אין די שטעטלעך. פון וויטן ראָסיי זענען אַראָפּגעקומען הויכגעוויקסיקע בערדיקע לייט, פאַרהאַלטן זיך אין דערפל, געגעסן, געטרינקען, איבערגענעכטיקט אין אַן אכסניה. דאָס אַלץ האָט געהאָלפן אָפּשפּאָרן אַ שיינע מטבע די גלינאָוויעצקער איינוווינער. די פרעמדע סוחרים האָבן זיך געשלעפּט איבער די פּוי־לישע וועגן, טראַקטן, שליאַכן און זיי אויפגעלעבט. רייכע פּריצים האָבן זיך באַזעצט. די פּאַראָבקעס האָבן באַאַרבעט די פעטע ערד. אין די פּריצישע הייף האָט מען בעלער געמאַכט, געהוליעט, געשיכרט און גע־פּראַוועט אָרגיעס. פון די פאַרהאַנגענע פענצטער האָבן זיך געטראָגן פאַרשייטע דערשטיקטע געלעכטערס — די וואַלדיקע שטילקייט, אין דער געגנט זייט דורות, איז איבערגעריסן געוואָרן.

אויך די יידן פון זאַוואָדאַ האָבן באַקומען צוגעטיילט צו זעקס מאָרגעס פון דער „אוולאַשטשעניע״, די ערד איז דערנאָך איבערגע־גאַנגען בירושה, ביזן אומקום פון פּוילישן יידנטום.

*****

# די משפחה מייזנער

ס׳איז דאָ כדאי, צו דערציילן וועגן דער באַקאַנטער משפחה מייזנער פון וואַרשע, ווייל ס׳האָט אַ ענגע שייכות מיט גלינאָוויעצק.

אין די זעכציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, דעמאָלט האָט איינער פון די זין פון דער משפחה מייזנער, אויפגעבויט אין גלינאָוויעצק אַ צוקער־פאַבריק און אויפגעבויט זיך אַ פּאַלאַצל אין דער מיט פון אַ גרויסן פּרעכטיקן פּאַרק.

**
*

אין אַ זייטן־גאַס אין דער געגנט ביי דער מאַרשאַלקאָווסקאַ, ווו עס זענען געשטאַנען אַלטע ציגלנע הייזער, אַריינגערוקט טיפער פון טראָטואַר, האָט זיך אַרויסגעהויבן די נגדישע קאָמעניצע. דאָ האָט גע־לעבט, איינע פון די רייכסטע משפחות, די מייזנערס.

דער זיידע פון דער דינאַסטיע האָט געשטאַמט פון רייכע אַנגע־זעענע דייטשע יידן, אַריינגעוואַנדערט קיין פּוילן פון פראַנקפורט און זיך באַזעצט אין וואַרשע. ער האָט געקענט גוט לערנען. געווען אַ משכיל, פאַרטון אין ספרים און כתובים. געהאַט אַ שאַרפן קאָפּ. געווען אויך אַריינגעטון אין מסחר. ער האָט געפירט גרויסע געשעפטן. מיט זיין אינטעליגענץ, פלייס, חכמה, געהאָלפן אויפבויען און באַרייכערן דאָס לאַנד... די מייזנערס זענען געווען אַ דינאַסטיע פון זין מיט טעכ־טער. אין אַ גרויס הויז פון אַ פּאָר שטאָק, האָט געלעבט זיין גאַנצע משפחה. מ׳האָט דערציילט אַ מעשה: איינער פון די זין איז געווען זייער פרום, אַ גערער חסיד, איז געפאָרן צום חידושי הרי״ם ז״ל. איינמאָל האָט דער חידושי הרי״ם ביים געזעגענען זיך מיט אים, דעם גביר,

מייזנער — געהאַלטן לאַנג זיין האַנט, און מיט טרויער אין די אויגן, במעט ווי אויסגעשריגן:

— ווי! — ווי!... דער ליכטיקער בוים פון תורה און יידישקייט וועט מיט דער צייט פאַרשניטן ווערן...

און ס'איז געשען, ווי דער חידושי הרי"ם האָט פאָרויסגעזען: אין די שפּעטערע יאָרן האָבן אַלע פון דער משפּחה מייזנער זיך אויסגע־שמדט, ביז צום לעצטן.

פאַרן צווייטן וועלט־קריג האָט נאָך אין פּלאָצק געלעבט איינער פון די מייזנערס. אַ באַרימטער אַדוואָקאַט. ער איז שוין געבוירן געוואָרן אַ קריסט ביי זיין געשמדטן פאָטער.

דער פּאַטריאַרך פון דער דינאַסטיע מייזנערס איז געווען אַ מיטל־וווקסיקער, ברייט־פּלייציקער ייד, מיט אַ קורץ־צוגעשוירן בערדל, שאַר־פע, גרינע שטאָלערנע אויגן. ער האָט געטראָגן אַ דרייפּערטלדיקע קאַ־פּאָטע, אַ שוואַרצן קאַפּעלוש איבערן הויכן לומדישן שטערן. געווען אַ אויטאָריטעט, ער האָט אַרויסגערופן רעספּעקט צו זיך, נישט נאָר ביי זיין גרויסער פאַרצווייגטער משפּחה, נאָר אויך ביי פרעמדע מענטשן וואָס זענען געקומען אין קאָנטאַקט מיט אים. ער האָט באַשטימט די חתונות פון זיינע קינדער. זיין שטרענג אויג האָט געוואַכט איבער אַלץ. ער האָט געפירט זיין הויז ווי ער האָט פאַרשטאַנען, קיינער האָט זיך אים נישט געטאָרט אַנטקעגנשטעלן. אַן אייזערנער ווילן, אַ ייד אַ תקיף. צו זיינע געשעפטן זענען די קינדער געווען שותפים. זיי האָבן אויפגע־קויפט ריזיקע שטחים וועלדער, דאָרט אַריינגעזעצט שרייבערס, וואַלד־ספּעציאַליסטן. מען האָט אויסגעהאַקט די וועלדער און געשיקט זיי אין טראַטוועס נאָך דאַנציג, אַראָפּ מיט דער ווייסל.

פון דייטשלאַנד האָבן די מייזנערס אַריינגעברענגט פאַרשידענע שטאָפן, דער עיקר זיידנס, בראָקאַט און געפירט דעם מסחר מיט גאַנץ פּוילן און רוסלאַנד.

***

עס איז געווען אין מיטן זומער. אַ שכן אַ פּויער האָט געשניטן דעם קאָרן אויף אונזערע פעלדער. זיי זענען געווען צעוואָרפן ביז אַ

וויאָרסט צוויי אויפן שטעכאַנאָווער וועג, ביי אַן אויסגעהאַקט סאָסנע־וועלדל. האָט זיך פּלוצים אַראָפּגעלאָזט אַ שטורעם מיט אַ „טאָרנאַדע״ ווינט. אַ פּאָר וויאָרסט פון גלינאָוויעצק האָט זיך געפונען אַ גוט (פאָל־וואַרק), געווען אויך דאָרט אַ לאַנגער שייער פון קנאַפּע פופציק מעטער די לענג. דער שטורעם האָט אַוועקגעטראָגן דעם דאַך אויף אַ פּאָר צענדליק מעטער. עס זענען אויך געווען מענטשלעכע קרבנות. דער שטורעם איז גיך אַריבער, די זון האָט ווידער אויפגעשיינט.

ס׳איז געווען אין אַ נאָכמיטאָג. כ׳בין געזעסן אין חדר, צוזאַמען מיט אַלע ייִנגלעך און געלערנט; האָט זיך באַוויזן דער זיידע און מיך אַ רוף געטון. פאַר מיר איז דאָס געווען אַ פרייד — באַפרייען זיך פון רבינ׳ס שטרענגן בליק, פון מאָנאָטאָנעם נאָכזאָגן וואָרט־ביי־וואָרט, און פון צייט צו צייט אַ געשריי — האַ! נו! ווי האַלט מען...

אויפן טשעכאַנאָווער וועג, זענען מיר געגאַנגען דורך זייטיקע, שמאָלע שטעגלעך, ביז מיר זענען צוגעקומען צו אַ שטיקל פעלד, וואָס מ׳האָט עס גערופן: „דער קלין״. דאָ האָט דער שטורעם אָנגעמאַכט אַ חורבן. מען האָט געדאַרפט איבערדרייען די אָפּגעשניטענע זאַנגען, זיי זאָלן זיך טריקענען אויף דער זון. ווען די אַרבעט איז געווען פאַר־ענדיקט, האָבן מיר זיך צוגעזעצט אויפן גראָז. דער זיידע האָט אַרויס־גענומען אַ שקאַרמיץ מיט זאַפטיקע קאַרשן און מיר דערלאַנגט. זיינע בלוי־גרויע אויגן האָבן אויפגעלויכטן. ער האָט מיך באַטראַכט מיט ליב־שאַפט. ער האָט פאַרויכערט, געבלאָזן פון זיך דעם רויך.

אַ שלוהדיקע רואיקייט איז געווען צעלייגט אַרום. די זון האָט מיט וואַרעמע גאָלדענע שטראַלן באַגאָסן די פעלדער. אַ לייכט ווינטל האָט געשוועבט איבער די זאַנגען. ווילדע קאָלירפולע בלומען זענען געווען באַשאָטן אין פעלד און געוויגט זיך אונטער דעם לייכטן ווינטל. פייגעלעך האָבן זיך צעטרילעט מיט זייערע ליכטיקע טענער — איבער־גערעדט זיך אין זייער פויגל־שפּראַך, אַ כאַפּ געטון אין שנעבעלע אַ קערנדל און פאַרשוווּנדן אונטער די ליכטיקע הימלען.

דער זיידע האָט אָפּגעהוסט, זיך פאַרקוקט צום דערפל, ווי עס האָט זיך געריסן צו די הימלען דער קוימען פון דער צוקער־פאַבריק, וואָס האָט זיך גערופן „איזאַבעלאַ״ — זעץ זיך צו נענטער, שלמה־שיעלע

— האָט דער זיידע געזאָגט — וועל איך דיר דערציילן אַ געשיכטע פון די מייזנערס, וואָס האָבן אויפגעבויט אָט די צוקער־פאַבריק.

דאָס אָונט־ווינטל האָט לייכט צעבלאָזן זיין שניי־ווייסע באָרד. ער האָט זיך נאָך אַמאָל פאַרצויגן מיטן ציגאַרעטל, און אָנגעהויבן:

— פון דער פאַרצווייגטער מייזנער־משפחה, איז איינער פון די זין געווען זייער פעאיק. נאָכן פאָטערס טויט האָט ער איבערגענומען די געשעפטן און זיי געפירט מיט גרויס חכמה. זיין קוק איז געווען אַ סך אַ ווייטערער, ווי זיין פאָטערס. נישט בלויז מיט אויסלאַנד האָט ער געפירט געשעפטן, נאָר אין פוילן גופא האָט ער אויפגעשטעלט פאַרשיי־דענע פאַבריקן.

אין איינעם אַ טאָג איז פאַרפאָרן קיין גלינאָוויעצק אַ קאָטש, גע־שפּאַנט אין פיר ראַסאָווע פערד. צווישן די עלעגאַנטע מענער, וואָס זענען אויסגעשטיגן, איז איינער געווען דער באַרימטער מאַגנאַט מייזנער, פון וואַרשע. שלאַנק, שיין געבויט, מיט אַ קאַמעץ־בערדל, און אַ הויכן צילינדער, איז ער געקומען אַהער קויפן אַ פּלאַץ, אויפצושטעלן אַ צוקער־פאַבריק.

כ'בין נאָך דאַן געווען יונג, אַ יאָר 18, פאַרקנסט, אַ חתן מיט דער באָבע פרימעט. ווי ס'וואָלט ערשט נעכטן געווען... — האָט דער זיידע אָפּגעזיפצט.

די באָבע פרימעט איז געווען זייער אַ שיין מיידל. אירע עלטערן האָבן געוווינט אין מאַלאַזשין. איר פאָטער איז געווען אַ מילנער. איך בין געפאָרן אָפּט צו אים ברענגען מעל פאַר דער בעקעריי. אַרויסגע־פאָרן זענען מיר נאָך האַלבער נאַכט פון גלינאָוויעצק. ס'איז געווען ביי אַ 14 וויאָרסט. געפאָרן איז מען מיטן באַטשנעם וועג. דעמאָלט זענען נאָך נישט געווען קיין שאָסייען, ווי היינט. אָנגעקומען פאַרטאָג, דער מילנער איז נאָך געשלאָפן, האָב איך דערווייל געכאַפּט אַ דרעמל אויפן וואָגן.

ווען דעם מילנערס טאָכטער איז אין דער פרי אַרויס אין הויף, האָט זי דערזען ווי אַ פרעמדער יונגערמאַן שלאָפט אין וואָגן. איז זי אַריין אין שטוב, אַרויסגעברענגט אַ קישן מיט אַ קאָלדרע, און מיר געגעבן. „שלאָפט דערווייל — האָט זי געזאָגט — ביז דער טאַטע וועט

אַרויסקומען". טאַקע צוליב דער מעשה מיטן קישן, בין איך אָפּט געפאָרן צום מילנער, ס'הייסט — צום מילנערס טאָכטער... אין אַ צייט אַרום זענען מיר געוואָרן פאַרקנסט און חתונה געהאַט.

כ'בין געווען זייער גערירט פון מיין זיידנס דערציילן וועגן זיין ערשטער ריינער ליבע מיט דער באָבע פרימעט. איך האָב זיך געפילט וויכטיק, וואָס ער האָלט מיך שוין פאַר אַ דערוואַקסענעם.

די געשיכטע איז די זעלבע אין יעדן דור. יעדער האָט זיין פריילינג־בלימעלע, וואָס גיט אַ פלאַטער, צעבליט זיך און לאָזט. שפּעטער הייבן אָן די סאַמעטענע בלעטעלעך צו טריקענען, פאַלן אַראָפּ און דער שיינער חלום פאַרגייט. דער זיידע האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט און אַ זאָג געטון:

— ווי האַלטן מיר? כ'וויל דאָך דיר דערציילן די מעשה פון מייזנערן: בקיצור, ער האָט אָפּגעקויפט אַ גרויס שטיק פּלאַץ, צו בויען די פאַבריק. ס'האָט געדויערט שיינע יאָרן. ער איז אָפּט געקומען, קאָנטראָלירט, צי דאָס אַלץ שטימט מיט זיינע פּלענער. מ'האָט אויפגעשטעלט פאַר אים אַ פּראָוויזאָריש הויז, נישט ווייט פון דער בוי־שטעלע.

אין אַ שבת אין דער פרי, ביים דאַווענען, קומט דער מייזנער אַריין אין שטיבל, זאָגט הויך „גוט שבת", שטעלט זיך אַוועק דאַווענען מיט אונז. דערנאָך זאָגט ער, אַז מאָרגן האָט ער יאָרצייט נאָכן פאָטער. ער וויל מנדר זיין אַ שיינע מטבע פאַר דער קהילה אין גלינאָוויעצק. איך האָב אים פאַרבעטן אויף אַ קידוש און מיר האָבן היימיש זיך צעשמועסט. די באָבע פרימעט פרעגט אים:

— פאַניע מייזנער, מאַכט אונז דאָס פאַרגעניגן און עסט מיט אונז צוזאַמען אַ שטיקל פיש.

— עס בענקט זיך מיר טאַקע נאָך אַ היימיש שטיקל פיש... — האָט ער גערן אָנגענומען דער באָבעס פאַרבעטונג.

אַזוי האָט ער פאַרבראַכט ביים זיידן אַ היפּש שטיקל צייט, און ווען ער איז אַוועק, האָט ער האַרציק געדאַנקט און האָט געזאָגט:

— ווען איר וועט זיך אַראָפּכאַפּן קיין וואַרשע, פאַרשאַפט מיר דעם כבוד און קומט מיך זעען אין מיין קאַבינעט. איר וועט זאָגן דעם דינער אייער נאָמען. אַז די גלינאָוויעצקער יידן וועלן זיך אין עפּעס

נויטיקן, שרייבט מיר אָן און איך וועל אייך העלפן מיט אַלעם, וואָס איר באַדאַרפט.

יעדעס מאָל, ווען איך בין געווען אין וואַרשע, האָב איך אים גע־טראָפן. אַ גרויסער מאַגנאַט, אַ געשעפטס־מאַן, אָבער מיט אַ וואַרעם יידיש האַרץ.

אַ גרויסע קופערנע זון איז פאַרגאַנגען, אין פורפור־רויט, פאַר־צויגן מיט זילבערנע שטרייפן. דער זיידע האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט :

— מיר גייען אַהיים. ס'ווערט שפעט. נאָך וועטשערע וועל איך ענדיקן די מעשה.

אָפּגעגעסן גיך, האָב איך געוואַרט מיט אומגעדולד דער זיידע זאָל ווייטער דערציילן. דער טאַטע איז נישט געווען. ער איז געפאָרן צום ראַדזימינער רבין. איך אייל זיך אין זיידנס שטוב. די מאַמע שרייט מיר נאָך :

— שלמה־שיעלע, וואָס איז דאָס געאייל? האָסט דאָך גאָרנישט געגעסן. כ'וויל שוין זען, צי דו האָסט נישט קיין היץ...

דער זיידע איז געזעסן אויפן בעט. די באָבע האָט צוגעהאָלפן דער מאַמען אין דער קיך. כ'האָב זיך אַראָפּגעלאָזן אויפן קליינעם בענקעלע, צופוסנס דעם זיידן, און געוואַרט. דער זיידע האָט צעקעמט די באָרד.

— אין יענער צייט — האָט ער אָנגעהויבן — זענען די מסחרים געגאַנגען שלעכט. שווער געווען מפרנס צו זיין די משפחה. בין איך געפאָרן צום ראַדזימינער צדיק, זיך אויסוויינען פאַר אים און בעטן אים געהאָלפן צו ווערן. צוריקגעפאָרן פון ראַדזימין, בין איך אָפּגעשטיגן אין וואַרשע און אַוועק אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע, אָפּשטאָטן אַ וויזיט ביים „וויעלמאָזשני פאַן" מייזנער. ווען דער דינער האָט מיך אָנגעמאָלדן, בין איך גלייך אויפגענומען געוואָרן דורך אים אַליין. ער האָט זיך מיט מיר דערפרייט, נאָר כ'האָב באַמערקט, אַז ער איז נישט ווי געוויינלעך. ער האָט געהייסן אַריינדערלאַנגען טיי, פירות. ער איז עפּעס געווען אויפגערעגט, צעטראָגן. אַ טרויער איז געלעגן אין זיינע אויגן. ער האָט געזוכט, געניששטערט צווישן דאָקומענטן. איך האָב אים דאָס ערשטע

מאָל געזען אַזוי צעטראָגן. נאָכן אויסטרינקען אַ גלאָז טיי, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז איך דאַרף מיך אָפּגעזעגענען און אַוועקגיין. האָב איך זיך אויפגעשטעלט.

— ניין! — האָט ער כמעט ווי אַ געשריי געגעבן — פּאַניע מאָשקאָוויטש, גייט נאָך נישט אַוועק!

ער האָט געשפּרייזט הין און צוריק איבערן גרויסן ביוראָ־צימער, אַריינגערופן דעם דינער און אים אָנגעזאָגט, אַז קיינער זאָל אים נישט קומען שטערן. אַראָפּגעלאָזן זיך אין לעדערנעם פאָטעל, האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַן ערנסטער שטימע:

— כ׳וויל פאַר אייך אויפעפענען מיין האַרץ, דערציילן וואָס עס דריקט מיך און פאַרסמט מיין לעבן. איך האָב חתונה געהאַט מיט אַ פרוי, וואָס איך גלויב נישט, אַז אויף דער וועלט איז נאָך פאַראַן אַ צווייטע ווי זי — שיין, גוט, אינטעליגענט, איבערגעגעבן מיט האַרץ און נשמה. כ׳האָב זי ליב געהאַט מער ווי מיין לעבן. ווען זי האָט פאַר־שוואַנגערט, האָבן מיר ביידע געהאַט אַ פאַרלאַנג ס׳זאָל געבוירן ווערן אַ מיידעלע, ס׳זאָל זיין געראָטן אין דער מאַמען. געקומען איז — אַ זון. דאָס צווייטע און דריטע — אויך זין. ווען זי האָט פאַרשוואַנגערט צום לעצטן מאָל, האָבן די דאָקטוירים פעסטגעשטעלט ערנסטע שטערונ־גען. זי האָט געבוירן אַ מיידעלע, האָט באַקומען אַ פאַרגיפטונג און איז מיר נעבעך אָפּגעשטאָרבן. כ׳בין געווען משלט אייך, אינגאַנצן צוזאַ־מענגעבראָכן. אָבער דאָס קינד איז געווען מיין איינציקע טרייסט. זי איז געווען אינגאַנצן געראָטן אין דער מאַמען. ווען איך האָב זי אויף מיינע הענט געהאַלטן, געהאַלדזט און געקושט, זיך געשפּילט מיט איר, גע־קוקט אין אירע שיינע, ליכטיקע, שוואַרצע אייגעלעך, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז איך קוש מיין פאַרשטאָרבענע פרוי. מיין טייער, ליכ־טיק מיידעלע איז געווען דאָס טייערסטע, וואָס אַ מענטש קען פאַר־מאָגן אויף דער וועלט.

אונטערגעוואַקסן, האָט זיך דאָס קינד צעבליט ווי אַ ליכטיקע רויז אין פרילינג. ווען איך האָב שפּאַצירט מיט איר אין גאַס, האָבן אונז אַלע נאָכגעקוקט און באַוווּנדערט. זי איז שוין דעמאָלט אַלט געווען זעכצן יאָר, ווען כ׳בין געשעפטלעך אַוועקגעפאָרן אויף אַ לענגערער צייט. נאָך מיין צוריקקומען, האָב איך דערפילט, אַז דאָ האָט עפּעס

פּאַסירט. ס׳קינד, איז נישט געווען די זעלבע אין אירע פרײדיקע אויסברוכן, וואָס האָבן מיר אויסגעזען נישט נאַטירלעך. וואָס האָט פּאַסירט מיט מיין קינד? ס׳האָט פּשוט צוגערויבט מיין רו. כ׳האָב באַשלאָסן מיט איר זיך דורכצורעדן, איך האָב זי געפרעגט:

— זאָג מיר, קינד מיינס, איך פיל אַז מיט דיר איז פאָרגעקומען עפּעס אַן ענדערונג פאַר דער צייט, וואָס כ׳בין דאָ נישט געווען... צי איז פאַראַן אַ מענטש, וואָס קען דיך מער ליב האָבן ווי דיין טאַטע? זאָג מיר, וואָס האָט פּאַסירט?

אירע באַקן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט אַ ראָזיקייט, אירע ליפּן האָבן לייכט געציטערט, און אַ טרויער איז געווען אין אירע אויגן. מיט אַ געשריי: טאַטעשי! און זי איז געפאַלן אין מיינע אָרעמס. זי האָט געהעשעט און כ׳האָב איר נישט געשטערט, ביז זי האָט זיך באַ־רואיקט. ווי זי וואָלט נאָך געווען אַ קליין מיידעלע, האָב איך אויסגע־ווישט אירע טרערן, געקושט זי און געזאָגט:

— אַצינד דערצייל אַלץ דעם טאַטן!

איזאַבעלאַ האָט פאַרוואָרפן די הענט אַרום מיין האַלדז, און האָט אויפגעעפנט איר האַרץ פאַרן פאָטער:

— ווען דער טאַטוש איז אַוועקגעפאָרן, האָב איך שטאַרק געבענקט. כ׳בין איינמאָל נאָכמיטאָג געגאַנגען אין זאַקסישן גאָרטן, געזעסן אויף אַ באַנק און געלייענט. פּלוצים האָב איך געזען ווי אַ יונגערמאַן זיצט קעגנאיבער מיר, מאַכט זיך כלומרשט לייענען, אָבער נעמט נישט אַראָפּ קיין אויג פון מיר. איך האָב זיך געאיילט אַהיים, ווייל די פראַנצויזי־שע גוווערנאַנטקע האָט געוואַרט אויף מיר.

צומאָרגנס, ווען כ׳בין ווידער געקומען, איז ער געזעסן שוין ווי געוואַרט אויף מיר. ער האָט זיך דערנענטערט מיט נישט זיכערע טריט, זיך באַגריסט און געפרעגט: „צי שטער איך אייך נישט?... מיין נאָמען איז ראָמעק”.

כ׳בין געווען איבעראַשט און צעטומלט. מיין האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט. כ׳בין געווען ווי היפּנאָטיזירט. ער האָט באַמערקט מיין פאַרלעגנהייט און מיר אַרויסגעהאָלפן:

— צי דערלויבט איר כ׳זאָל אייך באַגלייטן?

אַ הויך־געוווקסיקער, מיט ברוינע, וואַרעמע אויגן. ווען ער רעדט, שמייכלט ער כסדר, און רעדט מיט אַ מעלאָדישער שטימע. יעדן טאָג זענען מיר געוואָרן אַלץ היימישער, יעדן טאָג האָבן מיר זיך געטראָפן. ס'איז מיר אַזוי גוט געווען מיט אים. ווען דער אָוונט איז צוגעפאַלן, האָב איך זיך געשראָקן. ער האָט מיך באַרואיקט: „כ'וועל אייך באַגלייטן. בלייבט נאָך אַ פּאָר מינוט, ס'איז אַזוי גוט מיט אייך"... ער האָט מיך אָנגענומען ביים אָרעם און מיר האָבן זיך געזעצט אויף דער באַנק. דער אָוונט איז געווען אַ וואַרעמער, ס'האָט זיך געטראָגן אַרום דער אַראָמאַט פון צעבליטע אַקאַציעס. אין דער טונקל זענען געזעסן פאַרטוליעט פאַרליבטע פּאָרלעך. ער האָט געגלעט מיין האַנט, און ווי פון זיינע פינגער וואָלט געפלייצט אַן עלעקטרישער שטראָם. ער האָט מיט זיינע ליפּן באַרירט מיין האַנט. כ'האָב אַזש אָנגעהויבן צו ציטערן, טאַטושו קאָכאַני... דעמאָלט האָט ער מיר איינגעשלאָסן אין זיינע אָרעמס און באַרירט מיינע ליפּן. איך האָב אים צוריקגעקושט, ווי פאַרשיכורט. ווען מיר האָבן אויפגעוואַכט, האָב איך אים געבעטן ער זאָל מיך באַגלייטן.

אויפן וועג האָבן מיר נישט אויסגערעדט קיין איין וואָרט. ביים געזעגענען זיך, האָט ער אַנטשלאָסן מיר געזאָגט:

— איזאַ, מיר וועלן ביידע חתונה האָבן... דו וועסט זיין מיין פרוי... אָן דיר וועל איך נישט קענען לעבן...

מיר האָבן זיך געטראָפן כמעט יעדן טאָג. כ'האָב אים שטאַרק ליב... מיין טאַטער איז שטיל געבליבן, אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ. איך האָב איר געקושט ווי אַ פאָטער און געזאָגט:

— דאָס, וואָס דו האָסט מיר דערציילט, פּאַסירט מיט אַ מיידל, ווען זי איז אַלט זעכצן יאָר. מען דאַרף אָבער וויסן ווער ס'איז דער יונגערמאַן, פון וואָס פאַראַ משפּחה שטאַמט ער? ווער זענען זיינע עלטערן? עס איז זייער ערנסט... אַ שריט, וואָס מען מאַכט אין לעבן, צו פאַרבינדן זיך... וואָס טראַכט ער, דער יונגערמאַן, וועגן דיר? דו ווייסט מיין קינד, מיין הייליקסטער פאַרלאַנג איז, אַז דו זאָלסט זיין גליקלעך. וויל איך דעריבער באַקענען דעם יונגערמאַן און זיך מיט אים דורכרעדן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ער געקומען אין מיין ביוראָ, שעמעוו־דיק, צוריקגעהאַלטן. ער האָט זיך אָבער אָנגענומען מיט דרייסטקייט און געזאָגט:

— איך האָב ליב אייער טאָכטער, מער ווי מיין לעבן. זי מיך — אויך. איך וועל זיין דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט, אויב איר וועט אונז באַגלייטן אין... קאַשטשאָל, צום אָלטאַזש, ווו מיין פּע־טער, דער ביסקופּ, וועט אונז בענטשן... איך האָב נישט געזאָגט אייער טאָכטער, אַז איך שטאַם פון שטרענג־גלויביקע קאַטאָליקן, און מיינע עלטערן וועלן בשום אופן נישט מסכים זיין צו אַקצעפּטירן מיין צו־קונפטיקע פרוי פון אַן אַנדערן גלויבן...

זיינע ווערטער האָבן מיך צעטומלט, ממש דערשראָקן. דעם אמת זאָגנדיק, גיי איך זעלטן אַמאָל אין אַ סינאַגאָגע. נאָר מיין איינציקע טאָכטער זאָל זיך שמדן און איך זאָל אויף דעם איינשטימען!... — וועגן דעם האָט זיך מיר אפילו נישט געחלומט. איך האָב מיין פאָטער פאַרגעטערט. ווען כ'דערמאָן זיך מיינע קינדער־יאָרן... די שיינע שבתים, ווען מיין מאַמע האָט געבענטשט ליכט... די יום־טובים, ווען די גאַנצע משפחה איז געווען פונאַנדערגעזעצט אַרום לאַנגן דעמבענעם טיש... דאָס פלעמלט שטענדיק אין מיין האַרץ...

איך וועל מיין איינציקע טאָכטער צום שמד נישט פירן! איך האָב זיך באַרואיקט און זיך אָנגערופן:

— איר דאַרפט וויסן, יונגערמאַן, אַז מיר זענען יידן. און ווי איר האָט געזאָגט, וועלן אייערע קאַטוילישע עלטערן נישט מסכים זיין. פאַרשטיי איך נישט!...

האָט ער זיך אָנגערופן, דער יונגערמאַן:

— איך האָב גערעדט מיט מיינע עלטערן. זיי זענען איינשטי־מיק, אַז אייער טאָכטער זאָל איבערגיין אויפן קאַטוילישן גלויבן...

איך האָב זיך ענערגיש אויפגעשטעלט, און דאָס האָט געהייסן, אַז אונזער געשפּרעך איז פאַרענדיקט. פונדעסטוועגן האָב איך אים קאַלט געזאָגט, אַז איך וועל אים אינגיכן צו וויסן געבן מיין ענטפער.

נאָך זיין אַוועקגיין, האָב איך אַריינגערופן מיין טאָכטער. דאָס פּנים האָט ביי איר געפלאַמט. זי איז געווען נערוועז, באַומרואיקט.

אין קורצע ווערטער האָב איך איר איבערגעגעבן אונזער שמועס, און זי געפרעגט:

— וואָס האָסטו צו זאָגן וועגן דעם?

ס'איז איר שווער געווען אַרויסצוברענגען אַ וואָרט. די פלאַמען פון איר פּנים זענען אַראָפּ. זי איז בלייך געוואָרן און געזאָגט:

— דאָס, וואָס דער טאַטעשי וועט באַשליסן, וועל איך איינשטימען...

און זי איז שנעל אַרויס פון קאַבינעט.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָב איך אַרויסגערופן דעם יונגערמאַן. ער איז געווען דערשראָקן, ווען ער איז אַריין צו מיר מיט נישט זיכערע טריט.

— איר רויכערט? — האָב איך אים געפרעגט.

מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָט ער גענומען אַ פּאַפּיראָס פון דער אויסגעשטרעקטער זילבערנער פּושקע. דער פאַרגעפיל פון אַ מענטש, אין שווערע מאָמענטן, באַשטעטיקט זיך זייער אָפט. איך האָב זיך באַמיט צו זיין רואיק:

— ווען איר זענט דאָס ערשטע מאָל געקומען צו מיר, האָט איר מיר דערקלערט, אַז אייערע עלטערן וועלן נישט מסכים זיין, אַז אייער צוקונפטיקע פרוי זאָל זיין פון אַן אַנדערן גלויבן... וועל איך אייך ענטפערן מיט די זעלבע ווערטער — איך, דער פאָטער, וועל נישט מסכים זיין, אַז מיין טאָכטער זאָל בייטן איר גלויבן. עס קאָסט מיר געזונט, אָבער איך קען דאָ גאָרנישט העלפן. מיין טאָכטער איז איינשטימיק מיט מיין באַשלוס...

נאָך אַ ווײַלע שווייגן, אַ טויט־בלייכער, האָט ער זיך אָנגערופן:

— דערלויבט מיר זיך צו טרעפן מיט אייער טאָכטער צום לעצטן מאָל. איך וויל מיט איר רעדן אונטער פיר אויגן...

— ניין! — איז געווען מיין אַנטשלאָסענער ענטפער — נאָכ־וואָס פאַרגרעסערן אירע און אייערע ליידן? איר זענט ביידע יונג. די צייט וועט פאַרהיילן אַלע ווונדן. איך וויל איר זאָלט מיך פאַרשטיין...

ער איז אַרויס מיט וואַקלדיקע טריט און איך בין אַריין אין צי־

מער פון מיין טאָכטער. זי איז געלעגן אויפן בעט, דעם קאָפּ איינגע־נורעט אין קישן און געוויינט.

צוויי טעג נאָך אָט דעם דראַמאַטישן שמועס ביי מיר אין קאַ־בינעט, האָבן די צייטונגען געמאָלדן די שרעקלעכע נייעס: אַ יונגער־מאַן האָט זיך פאַרסמט צוליב אַן אומגליקלעכער ליבע... (דאָס איז געווען דאָס יינגל פון מיין טאָכטער). דאָס האָט מיך שטאַרק דער־שלאָגן. מיין טאָכטער האָט זיך אַזוי געענדערט, אַז כ׳האָב זי נישט מער דערקענט. „ווער ווייסט, צי דאָס אומגליק וועט נישט ברענגען אַ צווייט אומגליק!״... — האָב איך געהאַט אַ שרעקלעך פאָרגעפיל. און אַזוי איז עס געווען. מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז מיין קינד פאַרשוווּנדן. די פּאָליציי, די משפּחה האָבן זי געזוכט און — נישט געפונען. פּלוצים באַקום איך אַ טעלעפאָן גלייך צו קומען אויפן „צמענ־טאַזש״. איך קען נישט פאַרשטיין פון וואַנען עס האָט זיך גענומען צו מיר אַזאַ כּוח עס אויסצוהאַלטן. מיין טאָכטער, מיין הייס־געליבט קינד, איז געלעגן אויפן קבר פון אומגליקלעכן. זי האָט עפּעס גע־מורמלט, אַ צעשויבערטע, מיט ווילדע אויגן. זי איז אַראָפּ פון זינען.

די גרעסטע פּראָפעסאָרן האָבן זיך מיט איר פאַרנומען. זייער דיאַגנאָזע איז געווען: דער שאָק איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז דער וואַנזין וועט זי באַגלייטן דאָס גאַנצע לעבן...

ער האָט געענדיקט דערציילן די טראַגעדיע פון זיין טייער קינד. ער האָט אַרונטערגעלאָזן דעם קאָפּ און טרערן זענען גערונען פון זיינע אויגן.

*****

— יאָ, טייער אייניקל — האָט דער זיידע פאַרענדיקט — דאָס איז געווען אַ שרעקלעכע שטראָף פון הימל. ווי ביטער איז דעם אומ־גליקלעכן פאָטער.

און טאַקע כּדי צו פאַראייביקן דעם נאָמען פון זיין הייס־גע־ליבטער טאָכטער, האָט די גלינאָוויעצקער צוקער־פאַבריק זיך גע־רופן אויף איר נאָמען „איזאַבעלאַ״.

# דער עלטער זיידע ר׳ יעקב

דאָס לעבן פון אונזער עלטער־זיידן יעקב, איז זיך פאַרלאָפן רואיק אין שטילן דערפל. ער האָט נישט מיטגעמאַכט אַזאַ שטורמיש לעבן ווי זיין פאָטער חיים. ער האָט געירשנט די ערלעכקייט פון זיין פאָטער. אַן אָפּגעהיטענער האַרעפּאַשנער דאָרפס־ייִד און אַ גרויסער מאמין. ער האָט געלערנט אויף יענער זייט זשאָלדאָווקע ביי מלמדים אַ פּרשה חומש מיט רש״י און איז נישט געווען קיין פאַרגרעבטער ייִד. פון צייט צו צייט איז ער געפאָרן צום אַלטן ראַדזימינער צדיק ז״ל. אויך זיינע קינדער האָט ער געפירט אין די זעלבע דרכים. די עלטער־באָבע האָט געהייסן שרה. זי האָט אים געבוירן צוויי זין — דער עלטערער, דוד־חיים און דער יינגערער — דער זיידע מיינער, יוסף. זיינע טעכטער האָבן אין די שפּעטערע יאָרן אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע.

זיי האָבן שווער און ערלעך געהאָרעוועט צו דערציען די קינדער. געבראַנגט מלמדים צו זיי און אויך געלאָזן זיי לערנען וועלטלעכקייט. די יאָרן זענען געלאָפן נאָך שנעלער, ווי דאָס וואַסער אין גלינאָוויעצ־קער טייכל. איידער וואָס־ווען, איז ער שוין געווען אַן אַלטער צעבראָ־כענער ייִד, האָט אָנגעהויבן קרענקען אויפן האַרץ און איז אויסגעגאַנ־גען אין אַ זומערדיקן אָוונט. די זין זיינע האָבן אים מקבר געווען אויפן בית־עלמין אין ראַטשוינז. דער פעטער דוד־חיים האָט זיך מיר שוואַך איינגעקריצט אין זכרון. פון די יאָרן ווען ער האָט געוווינט אין גלינאָוויעצק, געדענק איך אים נישט. ווען ער האָט געוווינט אין סטשעגאָווע, האָט מיך מיין טאַטע איינמאָל מיטגענומען צום פעטער. ער האָט געוווינט אין די זייטיקע, אָרעמע געסלעך. ס׳איז געווען אין אַ חול המעד, זענען מיר געפאָרן צו דער מומע רבקה און פעטער אברהם.

פאַר מיר איז דאָס געווען אַ פריידיקע איבערלעבונג. די מומע רבקה מיט דעם פעטער האָבן מיר שטאַרק ליב געהאַט. אַזאַ האַר־ציקע משפחה־נאָענטקייט האָט אונז אַרומגענומען, ווען מיר זענען אַריין אין זייער ציגעלנע הייזקע. דאָס פנים ביים פעטער אברהם האָט שטענ־דיק געשמייכלט מיט אַ פשוטער האַרציקייט. פאַרשמייעט אין געשעפט האָט ער זיך געדרייט צווישן די זעק רייז און די גרויסע פעסער שמאַלץ־הערינג, ער האָט ליב געהאַט, און געווען פאַרטיפט אין זיינע חשבו־נות, ער האָט שטענדיק געזוכט זיין שרייב־פעדער, טראָץ דעם וואָס זי איז געווען פאַרשטעקט אונטער דעם אויער. די מומע רבקה איז געווען די גוטסקייט אַליין, דאָס האָט מען אַראָפּגעלייענט פון איר פנים. געשטאַנען ביי דער גרויסער קיך, און צוגעגרייט די ספּעציפישע יידישע מאכלים פאַר איר גרויסער משפחה. זי האָט מיטגעאַרבעט אין פאַרשידענע הילפס־אינסטיטוציעס אין סטשעגאָווע. עס גיט אַ שטאָך אין האַרצן, ווען מען פאַרטראַכט זיך, פון דעם שיינעם האַרציקן אַמאָל וואָס איז פאַרשוווּנדן. ווען כ'האָב זיך געשפּילט מיט מיינע קוזינען, האָט מיך דער טאַטע אַ רוף געטון: „קום, מיר וועלן גיין צום פעטער דוד־חיים".

אַן אַרעם שטיבל. אויף אַן אויסגעבעטער שטול, דעם קאָפּ אָנ־געלענט אין אַ קישן, איז ער האַלב־געזעסן, האַלב־געלעגן. אין מיין קינדערישן זכרון האָט ער זיך אַזוי איינגעקריצט: שטרענגע, כמורנע אויגן אונטער געדיכטע ברעמען, אַ בלאַס געלבלעך פנים, אַ לענגלעכע נאָז, אַ צעקנייטשט בערדל.

ער האָט ווינציק גערעדט, געפּיפּקעט אַ לולקע־ציבוק. ווען דער טאַטע האָט אים געפרעגט: „וואָס מאַכט דער פעטער?" האָט ער שוואַך אונטערגעברומט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז אין אַ פרימאָרגן פאַראָפּאָרן פאַר אונזער הויז אין גלינאָוויעצק אַ וואָגן מיט אַ צעפּראַלט פערדל. אַן אומבאַ־קאַנטער ייד איז מיט איילקע טריט אַריין אין אונזער הויז, און עפּעס געזאָגט דעם זיידן. האָט דער טאַטע גלייך איינגעשפּאַנט די בריטשקע און זיי זענען אין גרויס געאייל פאַראבלעטע אַוועקגעפאָרן. דערנאָך האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דער פעטער דוד־חיים איז געשטאָרבן. די מו־מעס רחל און רייזל פון גלינאָוויעצק, די מומע חוה און לאה פון

סטשעגאָווא און די מומע זיסל פון ראַטשווינז. זענען געווען זיינע טעכטער. צוויי זין, אויב דער זכרון דינט מיר, זענען געווען אין אַמעריקע.

יענע טעג פון מיין קינדהייט שטייען מיר נאָך פאַר די אויגן. ס'איז געווען אין אַ שיינעם זומער־טאָג, דאָס דערפל האָט זיך געטונקען אין גרינע קאָלאָריטן און שטילקייט. די קאָרן־זאַנגען זענען געשטאַנען אויף די רחבותדיקע פעלדער, אָפּגעשניטענע. די קליינע בינטלעך זענען געווען צונויפגעבונדן, מען האָט זיי אויפגעשטעלט אין קליינע סטאָגעס, זיי זאָלן זיך טריקענען. עס איז פּלוצים אַראָפּגעפאַלן אַ שטורעם־רעגן און אומגעוואָרפן די קאָרן־בינטלעך. דער זיידע האָט איינגעשפּאַנט דאָס גניאַדע פערדל אין אַ וואָגן און אַ רוף געגעבן:

— שלמה־שיע, מיר פאָרן!

מיט אַ שקאָצישן שפּרונג אויפן וואָגן האָב איך אָנגעכאַפּט די לייצעס און זיי אַ צי געטון. צוויי מאָרגעס אַקער־לאַנד האָבן זיך גע־פונען אין אַ סאָסנע־וועלדל, צוויי קילאָמעטער ווייט, אויפן טשעכאַנאָ־ווער וועג. נאָכן רעגן איז די לופט געווען ריין, אָנגעזאַפּט מיט די שמעקעדיקע ריחות פון די פעלדער. דאָס פערדל איז געלאָפן מיט אַ דראָבנעם טריט און געוויגט זיך פון רעכטס אויף לינקס. דער וואָגן האָט זיך געקאָלערט אויף דעם שאָסיי־וועג, אויסגעפּלאַסטערט מיט קליי־נע שטיינדלעך. פון ביידע זייטן וועג זענען געשטאַנען אַלטע ליפּע־ביימער. דורך די געדיכטע צווייגן האָט די זון אַריינגעשיינט. אין דעם מאָמענט, האָב איך פאַרשטאַנען וואָס דער רבי האָט געלערנט מיט מיר: (פרק שלישי) „מה נאה אילן זה, מה נאה ניר זה". „ווי שיין איז דער בוים, ווי שיין איז דאָס אַקער־לאַנד!" און איך האָב צו־געגעבן — ווי שיין איז די ליכטיקע וועלט, אונטער די בלויע הימ־לען פון קליינעם דערפל גלינאָוויעצק.

מיר זענען דערפאָרן ביזן סאָסנע־וועלדל, אויסגעשפּאַנט דעם גניאַדן, געפּענטעט אים די פאָדערשטע פיס, האָט ער זיך פריילעך צעהירזשעט, אַראָפּגעלאָזט דעם פערדישן קאָפּ און געקייט מיט גרויס הנאה די גע־שמאַקע גראָזן. מיר האָבן פאַרקאַטשעט די אַרבל פון די העמדער און זיך גענומען פלייסיק צו דער אַרבעט. דער שטורעם־ווינט האָט געהאָט אַלץ צעוואָרפן. האָבן מיר צוריק צונויפגעזאַמלט די בינטלעך, אויס־געשטעלט זיי, די תבואה־זאַנגען זאָלן זיך טריקענען. נאָך אַ לענגערער

צייט איז אַלץ געווען פאַרטיק. דער זיידע איז געווען צופרידן. ער האָט אַרומגענומען דאָס שטיק פעלד מיט אַ וואַרעמען בליק און זיך שטיל אָנגערופן:

— אויף דעם פעלד איז אַמאָל געווען אַ וואַלד. ווען מיין עלטסטער זון חיים האָט חתונה געהאַט, בין איך געווען געענגט אין געלט, האָב איך געמוזט פאַרקויפן דאָס שטיקל וואַלד. נאָך מיין חתונה בין איך אָפט געקומען מיט דער באָבע פרימעט קלייבן שוואָמען און די זיסע, שוואַרצע יעזשינעס. ס׳האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן וואָס מ׳האָט אונ־טערגעהאַקט די באַיאַרטע ביימער... דער זיידע איז פּלוצים שטיל געבליבן — נאָך אַ לאַנגן שווייגן, האָט ער זיך ווידער אָפּגערופן:

— לאָמיר זיך דערכאַפּן דאָס האַרץ. מיר האָבן עס גוט פאַר־דינט... ער האָט אַ פיר געטון די הענט אין די טיפע גראָזן, פייכטע, דורכגעוואַרעמטע און אָנגעהויבן מורמלען אַ תפילה — ער האָט זיך אָנגערופן — זאָלסט וויסן, מיין קינד, דער מענטש איז נאָענט צום באַשעפער, ווען ער געפינט זיך אין אַ וואַלד אָדער אין פעלד. השי״ת הערט זיך צו און איז מקבל די תפילות...

ס׳טרעפט ביי מיר אָפט, היינט צו טאָג, ווען כ׳געפין זיך ביים ים אָדער אין די בערג, דערמאָן איך זיך אין מיין זיידן יוסף פון צענדליקער יאָרן צוריק, און מיינע ליפּן, ווי דאַן דער זיידע — באַ־וועגן זיך און איך בין מתפלל אונטער די פרייע הימלען...

— אַ לענגערע צייט זענען מיר געזעסן, און איינגעזאַפּט אין זיך די שטילקייט, די סודות, וואָס עס האָבן געשעפּטשעט די ביימער אין זייער שאָקלען זיך.

— ביסט יונג — שלמה־שיעלע — האָט זיך דער זיידע ווי אויפגעכאַפּט:

אוי, ווי שנעל די יאָרן לויפן... אוי, לויפן זיי!... ווען וועסט עלטער ווערן, און דיין זיידע וועט זיין אויפן עולם האמת, פאַרגעס נישט מיינע ווערטער. געדענק זיי. ס׳וועט דיר צונוץ קומען אין דיין לעבן...

כ׳האָב דערפילט, אַז דער זיידע האָט אַ טיפן פאַרלאַנג צו דער־

ציילן אַלץ, וואָס ליגט אויפן דעק פון זיין נשמה, און כ'האָב אים גע־לאָזן ווייטער ציען דעם פאָדעם פון זיינע זכרונות:

— אין יענער צייט האָבן אין גלינאָוויעצק געלעבט צען יידישע משפחות. דו ווייסט דאָך, דאָס דערפל איז באַשטאַנען פון צוויי טיילן, פון ביידע זייטן טייכל, מיט די הילצערנע בריקן. די מערסטע יידן האָבן געלעבט אויף יענער זייט וואַסער, וואָס מ'האָט גערופן „זאַוואָדאַ". דאָרט איז געווען אַ וואַסער־מיל, וואָס האָט געהערט צו אַ ייד. אַ גרוי־סע הילצערנע טורבינע, אַ ריזן־ראָד מיט הילצערנע ציין, האָט זיך גע־דרייט און געשוימט דאָס אייביקע וואַסער. איבער דער גאַנצער ברייט פון טייכל זענען געווען פאַרוואָרפן שליוזעס, צו רעגולירן דאָס וואַסער. זומער, ווען אין טייכל איז געווען ווינציק וואַסער, זענען די שליוזעס געווען פאַרמאַכט, כדי דאָס וואַסער זאָל זיך זאַמלען צו באַוועגן דאָס ראָד.

פרילינג און האַרבסט, ווען דאָס טייכל איז געווען איבערפולט פון די רעגנס, האָט מען די שליוזעס אויפגעמאַכט, דער שטאַרקער שטראָם זאָל נישט צעברעכן די טורבינע. דאָס ראָד האָט געמישט און אויסגעשפּיגן מיט אַ רעש דאָס שוימיקע וואַסער, וואָס איז גע־פאַלן פון דער הויך אין דער טיף פון טייכל. דער וואַסער־פאַל האָט געררוישט און געשוימט זיך ווי ביר. געדרייט זיך מיט אַ שטאַרקער קראַפט, מיטגעשלעפּט אַלץ, וואָס עס האָט געטראָפן אויפן וועג. עס האָבן זיך געשאַפן גרויסע וואַסער־רייפן, און זענען מיטגעשלעפּט גע־וואָרן מיטן שטראָם. זיי האָבן זיך דערווייטערט, געוואָרן וואָס אַמאָל קלענער און פאַרשוואונדן אין טייכל.

דער מילנער האָט געהאַט אַ בילד־שיינע טאָכטער. זי האָט זיך גערופן אסתר. לאַנגע, שוואַרצע, געפלאָכטענע צעפּ איבערן רוקן, פייער־דיקע אויגן, ווייסע פּערל־ציינדלעך און זאַפטיקע ליפּן. זי איז געווען פאַרפירעריש־שיין. די דאָרפישע מיידלעך, און אויך זי, האָבן געטראָגן אַ קורץ קליידל, און זענען אַרומגעלאָפן איבערן דאָרף אויף זייערע שלאַנקע הירשן־פיס. אסתר איז געשטאַנען איבערגעבויגן ביים טייכל און געוואַשן וועש. אירע רונדע היפטן האָבן זיך באַוויגן. אין איר שיין מויל — אַ געלעכטער, אַ שעלמיש געלעכטער. די יונגען זענען אויסגעגאַנגען פאַר אירע טריט. זי האָט פאַרדרייט די קעפּ פון פאַר־

היירעטע מענער. אָבער די ווייבער האָבן זי נישט ליב געהאַט, די ווייבערישע קנאה און נישט־פאַרגינערישקייט האָט זיי פאַרצערט. דעם פאָטער אירן, אַ שטילן ערלעכן ייד, אַ האָרעפּאַשניק, איז עס נישט געווען צום האַרצן.

אין שכנות פון מילנער האָט געוווינט אַ פּאָלאַק, מיטן נאָמען סטאַניסלאַוו. ער האָט צוגעהאָלפן אין דער מיל. ער האָט געטראָגן לאַנגע שלאַכצעקע וואָנסעס. ווען זיינע קרומע אויגן האָבן געקוקט אויף די הינער, זענען די קאַטשקעס אַנטלאָפן... מען האָט אים גערופן „סקאָס”. ער האָט פאַרמאָגט פיר קינדער. דער עלטערער זון — אין זעלבן עלטער ווי אסתר. די ייִנגערע, מאַרישאַ, אַ יאָר זעכצן, מיט לאַנגע בלאָנדע צעפּ, העל־בלויע אויגן, אַ פול־ברוסטיק, דאָרפיש מיידל. זי האָט זיך געחברט מיט אסתרן. זיי האָבן געהאַט געמיינזאַמע סודות און פאַרשייט געכיכיקעט. שיין איז געווען דער קאָנטראַסט צווישן דער שוואַרץ־האָריקער אסתר און דער העל־בלאָנדער מאַרישאַ.

אין דער פרייער צייט זענען די מיידלעך אַריין אין שייער, אַרויף־געקראָכן פלינק אויפן לייטער, ווי די קעץ, און אַוועקגעוואָרפן זיך אין שמעקנדיקן היי, ביז די מוטערס זייערע האָבן זיי גערופן. זיי האָבן זיך לאַכנדיק אַראָפּגעדראַפּעט פון הויכן לייטער, און מאַרישאַס ברו־דער, פראַנעק, איז דערביי געשטאַנען און געגעסן מיט די אויגן די שיינע אסתר. די שוועסטער, מאַרישאַ, האָט אים שטיפעריש גערופן: „קום מיט אונז... ס'איז אַזוי גוט צו ליגן אויפן היי”... פראַנעק האָט נישט געענטפערט, אויסגעשפּיגן און איז אַנטלאָפן.

ס'איז געווען אין אַ זונטיק, סוף יולי. דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ הייסער. אַ פאַרנעפּלטע זון איז געהאַנגען הויך און געבריט. ס'האָט אויסגעזען, ווי דאָס דערפל וואָלט געזונקען אין טיפן שלאָף. די קלויס־טער־גלאָקן האָבן געבאַסעוועט, און די דאָרפס־לייט זענען געגאַנגען איבערן שליאַך, צו דער קירכע אויף יענער זייט הילצערנער בריק אין גלינאַוויעצק. אין די כאַטקעס זענען טיר־און־פענצטער געשטאַנען אָפן, פאַרהאַנגען מיט געשטריקטע פאַרביקע טיכער, זיך צו שיצן פון דער גרויסער חמימה.

ביידע מיידלעך, אסתר און מאַרישאַ, האָבן זיך באַוויזן אויף די שוועלן, זיך איבערגעוווּנקען און זיך געלאָזן גיין צו דער טיר פון שייער.

ס׳איז פלוצים אויסגעוואַקסן פראַנעק. אין דעם דאָרפישן שגץ האָט געטליעט אַ הייסער באַגער. די שיינע אסתרקע האָט צוגערויבט זיין שלאָף. ער איז אויסגעגאַנגען פאַר אירע טריט. כאָטש אַ גוטמוטיקער, אַ שעמעוודיקער, האָט ער געטראָגן אין זיך אַ שטורעם. ער האָט מורא באַקומען ס׳זאָל זיך נישט באַווייזן עמיצער און צורויבן אים „זיין" אסתרקע, די שענסטע יידישקע.

ער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און איז מיט שטילע טריט אַוועק צום שייער. ווי אַ קאַץ, האָט ער זיך אַרויפגעדראַפעט אויפן לייטער און איז געפאַלן אין שמעקנדיקן היי ביי די פיס פון די מיידלעך. ס׳איז צוערשט געווען אַ שטילקייט, אַז מ׳האָט געהערט דאָס קלאַפן פון זייערע יונגע הערצער. אין אַ מאָמענט האָט פראַנעק אַ זאָג געטון צו זיין שוועסטער מאַרישאַ: „אוטשעקאַי פרענדקאָ!" (אַנטלויף שנעל!), מאַ־רישאַ האָט אַ קוק געגעבן צו אסתרן. זי איז געלעגן אין היי, ס׳פּנים אין רויטע פלאַמען, געאָטעמט שווער. מאַרישאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט און איז שנעל אַרונטערגעקראָכן. אין שטילן דאָרפישן שייער האָבן זיך דערהערט דערשטיקטע אויסגעשרייען און זענען אויסגעגאַנגען אונ־טערן שטרויענעם דאַך...

וואָס צווישן די צוויי יונגע מענטשן איז געשען, האָט נאָך קיינער אין דאָרף נישט געוווּסט. מ׳האָט נאָר באַמערקט איינמאָל, ווי פראַנעק איז אַרויסגעלאָפן פון שייער, אַ צעפלאַמטער, די האָר צעפלאָשעט, פאַר־גאָסענע אויגן, און האָט זיך שנעל אָפּגעטראָגן. ער איז נישט געקומען אַהיים צום זונטיקדיקן אָוונט־ברויט. ער איז אויך נישט געקומען נעכ־טיקן, אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען אים געפונען עטלעכע וויאָרסט פון דאָרף, אַ דערטרונקענעם. דאָס וואַסער האָט אים אַרויסגעוואָרפן, אַ געשוואָלענעם, אויפן ברעג.

ס׳האָט זיך דעמאָלט אויפגעהויבן אַ שטורעם אין דערפל. די משפחה זיינע האָט געפלאַמט מיט שנאה צום יידישן מילנער און צו זיין טאָכטער. נאָך גוט, וואָס דער דאָרפישער גלח, אַן ערלעכער מאַן, האָט זיך באַמיט איינצושטילן זייער צאָרן. אין קלויסטערל, ביים אָפּ־ריכטן די תפילות, רעדנדיק פון דער אַמבאָנע פאַר די גלויביקע קריסטן, האָט ער געזאָגט, אַז די שרעקלעכע טראַגעדיע, איז אַ שטראָף פון גאָט, און מען טאָר אויף קיינעם נישט וואַרפן די שולד.

דער זיידע האָט גע׳עצהט דעם מילנער ער זאָל גלייך אוועק־שיקן זיין טאָכטער אין אַ שטעטל דערלעבן, ווו ער האָט געהאַט משפחה. אַ קנאַפּ יאָר צייט איז אסתרקע נישט געווען אין דער היים, דערנאָך האָט זי זיך צוריק באַוויזן. בייזע צינגער האָבן גענאָבלט, אַז זי האָט געבוירן אַ ממזר און דאָס קינד איז געשטאָרבן... אָבער ביסלעכווייז האָט מען אָנגעהויבן צו פאַרגעסן אין דער גאַנצער געשיכטע.

ס׳איז דעמאָלט געווען אַ לאַנגער, שווערער ווינטער, מיט אַן אדר ראשון און אַן אדר שני. צווישן פורים און פסח האָט די זון שוין אַביסל געוואַרעמט. אין אָוונט איז געווען פרעסטלדיק. בייטאָג איז אסתר איינ־מאָל געגאַנגען גליטשן זיך אויפן פאַרפרוירענעם טייכל. דאָס אייז איז געווען דין, און זי איז אַריינגעפאַלן אין קאַלטן וואַסער. זי האָט גע־פּלאָטערט מיט די הענט אין דער הויך, געראַנגלט זיך. פּויערים פון דאָרף האָבן געזען ווי אסתר טרינקט זיך און זענען נישט געלאָפן זי ראַטעווען, ווייל זיי האָבן זיך דערמאָנט די געשיכטע מיט פראַנעקן, וואָס איז דערטרונקען געוואָרן.

דער זיידע איז גראָד פאַרבייגעגאַנגען, האָט ער אויסגעטאָן די קאַפּאָטע, געוואָרפן אויפן אייז און מיט פאַרזיכטיקע טריט דערנענטערט זיך צום מיידל, זי צו ראַטעווען. אַרום ברעג זענען די פּויערים געשטאַ־נען און צוגעקוקט זיך צו דער סצענע. צוויי מעטער פון מיידל, האָט דאָס אייז ווידער געפּלאַצט און דער זיידע איז אַריינגעפאַלן אין וואַסער ביזן האַלדז. ווען די פּויערים האָבן געזען ווי דער זיידע טרינקט זיך, האָבן זיי געכאַפּט לאַנגע, דינע דרענגלעך, אָנגעבונדן שטריק און פאַר־וואָרפן צו אים. אָבער ער האָט נישט געוואָלט זיי זאָלן אים צוערשט ראַטעווען, נאָר דאָס מיידל.

צוליב דער טראַגישער געשיכטע, וואָס האָט פּאַסירט אויף „זאַוואָדאַ״, האָט מען דעם מילנער מיט זיין משפּחה, גאַנץ באַזונדער אסתרן אויסגעמיטן, געקוקט אויף זיי מיט שנאה. דער מילנער האָט פיל געליטן. איינמאָל ביינאַכט זענען אַלע אין דערפל אויפגעוועקט געוואָרן פון די געשרייען: „פּאַלי שיע!״ ס׳ברענט!

די פייער־פלאַמען וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון דער מיל, האָבן באַלויכטן דעם נאַכטיקן הימל, און אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די דאָרפס־לייט. מ׳האָט די מיל, זעט אויס, אונטערגעצונדן. אַ נאַכטיק

ווינטל, האָט געבלאָזן. די פייער־צונגען האָבן זיך אַריבערגעוואָרפן אויף די טרוקענע שטרוי־דעכער פון די כאַטקעס און דאָרפישע ווירטשאַפטן, און זיי ווילד פאַרשלונגען. דאָס גאַנצע דערפל איז אַוועק אין די פלאַמען.

דעמאָלט זענען די יידישע נשרפים אַוועק נאָך גלינאָוויעצק און זיך דאָרט איינגעאָרדנט. די גלינאָוויעצקער צוקער־פאַבריק האָט פיל צוגעהאָלפן מאַטעריעליש פאַר די איינוווינער, די יאָרן זענען געפלאָסן רואיקע.

דער מילנער מיט זיין משפחה האָט אינגאַנצן פאַלאָזן דעם ישוב, און איז אַוועק ווייט. אין לויף פון יאָרן האָט מען פאַרגעסן די געשיכטע מיט אסתרן.

# מיין שטעטעלע גלינאָוויעצק

אָנהייב 1917 זענען מיר צוריקגעקומען פון פלינצק, נאָך צוויי יאָר זיין ביי דער מומע שרה'טשע. איר מאַן, דער פעטער זעליג, איז געוועזן אַ טייערער ייד, אַ מזג טוב, האָט געקענט גוט לערנען; דער מענטש האָט אין זיין לעבן נישט געקענט אַרויסרעדן אַ הויך וואָרט. ער איז געווען אַ נאָענטער קרוב פון דעם באַליבטן דיין ר' הערש־משה פון פלינצק.

פאַר דער צייט, וואָס מיר האָבן געוווינט אין פלינצק, האָט דער זיידע אָנגעהויבן צו קרענקען. ער איז מער געלעגן אין בעט, ווי אַרומ־געגאַנגען אויף זיינע געשוואָלענע פיס. ווען מיר זענען צוריקגעקומען קיין גלינאָוויעצק, האָט דער טאַטע באַשלאָסן, און אויך דער זיידע האָט געהאַט דעם פאַרלאַנג, מיר זאָלן לעבן צוזאַמען; כאָטש דאָס הויז איז שוין געווען אַלט, ס'האָט אָנגעהויבן פשוט איינצופאַלן. פרוכנע האָט זיך געשיט פון דעם אַלטן האָלץ; פאַרלאָזן מלחמה־צייט, האָט דאָס אַלטע הויז, אַ ירושה פון עלטער־זיידן, ר' יעקב, אָנגעהויבן איינצו־פאַלן. די שוואַכע פונדאַמענטן פון ליימענע ציגל האָבן זיך געקרישלט, דאָס הויז האָט ווי אָנגעהויבן זינקען. ווען די שפּעטע האַרבסטיקע ווינטן האָבן געבושעוועט און געפייפט אויף די פרייע אַרומיקע פעל־דער, האָט זיך דאָס אַלטע הויז ווי געטרייסלט.

פון פאָרנט, צו דער גאַס, איז געווען אַ קאָלאָניאַל־קלייטל מיט זיסוואַרג, נאַשערייען, שפּייזן. די באָבע פרימעט פלעגט באַהאַלטענערהייט געבן אירע אייניקלעך כאַלוואַ, וואָס זי האָט באַקומען אין קלייטל. ס'איז געווען אַ גרויס פאָדערהויז, אין דער לינקער זייט — אַ שטיבל, ווו די מומע מינדל, די ייִנגסטע טאָכטער דער באָבעס, האָט געוווינט. אַ טייל פון בעקער־אויוון האָט זיך געגרענעצט מיט דער שטוב, ווו די

מומע האָט געהאַט איר דירהלע. זומער, אין די היצן, האָט געשלאָגן אַ גרויסע וואַרעמקייט. פון קלייטל האָט געפירט אַ טיר אין דער גרויסער קיך אַריין. דאָרט איז אויך געווען דאָס שלאָף־חדר פון דער באָבע מיטן זיידן. צוויי הילצערנע בעטן זענען געשטאַנען ביי די ווענט. אַ לאַנגער טיש, אַ קיך מיט פיר פייערקעס, אונטער אַ דריי־קאַנטיקער קאַפּע. ווען עס איז געשטאַנען אַ געדיכטע פּאַרעביים קאָכן וועש אין גרויסן קעסל, האָט מען אויפגעמאַכט דאָס אייזערנע טירל און די לופט האָט אריינגעצויגן דעם דאַמף אין קוימען. ביי דער זייט — אַ קליין שענקל מיט ספרים. פון דער קיך האָט געפירט אַ טיר אין אַ צווייט פאָדער־הויז, אין דער בעקעריי, פון דער לינקער זייט — אין גרויסן הויף אַריין. אין יענער צייט זענען אַלע דאָרפישע הייזער געבויט גע־וואָרן מיט פאָדער־הייזלעך. די בעקעריי איז געווען צעטיילט אין דער מיט מיטן גרויסן פּיעקעליק. אויפן פּיעקעליק איז געשלאָפן גאַנצע טעג דער געזעל, ווייל ער האָט געאַרבעט אין די נעכט. אין דער זייט, די גאַנצע לענג — די דייזשעס צו קנעטן דאָס טייג, און אויף זיי — קלאָפּעס, אויסצוקנעטן די געבייטלטע און ראַזאָווע ברייטלעך. אַן אויס־געמויערטע גרוב מיט טרעפּלעך אַראָפּצוגיין האָט געפירט צום בעקער־אויוון. ביי דער זייט איז געשטאַנען אַ קיילעכדיקער גרויסער דריבוס מיט וואַסער, צו געבן „שווילאַ", דאָס הייסט, ווען דאָס ברויט ווערט אַריינגערוקט אין אויוון, אַ פּאָר מינוט שפּעטער, גיסט מען אויס פון פאָרנט אַ פּאָר שעפּ וואַסער און מען מאַכט גלייך צו דאָס טירל פון אויוון.

די פּאַרע, וואָס שטייגט אויף אין אויוון, אַ פאַרמאַכטן, גיט דעם העל־ברוינעם גלאַנץ דעם ברויט. אַ בעקער־געזעלן איז געשטאַנען ביים אויוון און פון צייט צו צייט אויפגעמאַכט דאָס טירל. אַ פאַרקאָפּטשע־טער נאַפּט־לאָמפּ האָט געוואָרפן אַ טונקעלע שיין אין דער טיף פון אויוון. דער געזעלן האָט געטראָגן צעריסענע לאַפּטשעס, אַ ווייס קאַפּל. דאָס פּנים איינגעריסט מיט מעל. מיט זיינע רויטע אויגן, פון נישט־דערשלאָפן, האָט ער אויסגעזען ווי אַ צירק־קלאָון. דורכן קליינעם פענצטערל האָט אַריינגעקוקט דער גרויסער הויף.

אויפן הויף, רעכטס, ביי דער בעקעריי, לעבן פּלויט, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט מנשה שוואַרצס ווירטשאַפט, איז געשטאַנען דער

טיפער ברונעם. אַ לאַנגער דראָנג מיט אַ הילצערנעם גרויסן קיבל צו שעפּן דאָס וואַסער, אָנגעבונדן מיט אַ קייט. פון ווייקן זיך כסדר אין וואַסער, איז דער קיבל געווען אַרומגעוואַקסן מיט אַ טונקל־גרינעם שוואָם. אין די גרויסע פרעסט, ווען דער טאַטע האָט פון ברונעם גע־שעפּט, איז דאָס פאַרגאָסענע וואַסער גלייך געפרוירן געוואָרן און ס'איז אָנגעוואַקסן אַ בערגל אייז לעבן ברונעם. יעדעס מאָל, ווען ער איז געגאַנגען שעפּן וואַסער, האָט מיין יונג האַרץ שטאַרק געקלאַפּט, ער זאָל זיך חלילה נישט אויסגליטשן און אַריינפאַלן אין ברונעם.

אויפן גרויסן הויף איז געווען דער שטאַל פאַר די בהמות, די סטאָדאָלע, דער שפּייכלער פאַר די איינגעזאַמלטע תבואה, אַ טיפער אויסגעמויערטער קעלער פאַר קאַרטאָפל, אַ הינער־שטייג. לינקס אין הויף ווו מ'איז אַרויסגעפאָרן צום דערפל איז געשטאַנען אַ גרויסע שטוב מיט אַ פאָדער־הויז, דאָ האָבן געלעבט מיינע עלטערן. אַזוי האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון אונזער אַלט הויז ווו איך האָב פאַר־בראַכט מיינע קינדער־יאָרן, ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט פון פּלינצק.

***

איך טראָג עד היום די זכרונות פון מיין קליין שטעטעלע גלי־נאָוויעצק. דאָרט איז מיין וויגעלע געשטאַנען, דאָרט האָב איך פאַר־בראַכט די שענסטע יאָרן פון מיין קינדהייט. מיין האַרץ ציטערט אויף פון דעם ווונדערלעכן אַמאָל, און פּייניקט מיך — פון דעם שרעקלעכן אומקום. כ'געדענק די לאַנגע, קאַלטע ווינטער־נעכט, ווען די דאָרפישע כאַטקעלעך האָבן זיך געטוליעט ביינאַנד — איינגעהילט אין שנייאיקער ווייסקייט. אַ טונקל בלויער הימל איז געווען פאַרזייט מיט קליינע שטערן־שפּריצן. אַ קאַלטע בלאַסע לבנה האָט געוואַכט איבער אַלעמען. אַ שמאָלער שוואַרצער רויך האָט זיך שטייף געשלענגלט פון די פאַר־שנייטע קוימענס, און זיך געצויגן צו די טונקעלע הימלען. אַ פאַר־שפּעטיקטע בעל־עגלהישע בויד האָט זיך באַוויזן פון דער טשעכאַנאָ־ווער גאַס. די רעדער האָבן געקרעכצט פון דער משא, געסקריפּעט אין געפרוירענעם שניי. אַ וואַרעמער נעפּל האָט געזעצט פון די פערדישע נאָזדרעס. אַן עלנטער הונט האָט זיך יאָמערדיק צעוואָיעט, באַוויינט זיין הינטישן גורל.

ס'איז אַ מחיה צו שפּאַנען אין אַזאַ פראָסטיק־ליכטיקער נאַכט. עס דאַכט זיך דיר, אַז די גאַנצע וועלט איז פאַרזונקען אין טיפןווינטער־שלאָף. די שטילקייט איז אַ טיפע. דו הערסט... — זי רעדט און דערציילט די הימלישע סודות... די לבנה שיקט דיר אַ בלאַסן שמייכל זי שטייט אומבאַוועגלעך, ווי איינגעפרוירן, איר זילבער־שיין באַשמירט דעם דורכגערעדערטן שליאַך. פילסט נישט קיין פחד צו שפּאַנען אַליין. דיינע פוס־טריט שלאָגן זיך אָפּ אויפן אייזיקן וועג. אַ האָריק חיהלע שפּרינגט אַריבער דעם וועג און פאַרשווינדט ערגעץ אין אַ פאַרלאָזטן גאָרטן. עס דערנענטערן זיך אייליקע, הילכיקע טריט, אַן אָנגעפּעלצטער ייד, מיט פאַרפרוירענע זילבער־טראָפּנס אויף די וואָנסן, שרייט אַריין אין דער קאַלטער נאַכט:

— איך לויף צום רופא. ס'ווייב איז מיר אַוועקגעפאַלן!... און ער פאַרשווינדט אין שטילן געסל. די פאַרפרוירענע שייבלעך פון די פענצטער, לייכטן מיט אַ שוואַכן שיין פון די נאַפט־לעמפלעך, זיי צייכענען ווי באַמאָלענע פאַנטאַסטישע פייזאַזשן. אין די אָנגעהייצטע דאָרפישע הייזקעס ווערט אינגאַנצן פינצטער. די דאָרפס־מענטשן שאַרן זיך אַריין אונטער די וואַרעמע פערענעס — זיי חלומען, פון הייסן זומער, ווען די וועלט וועט זיך אָפּדעקן פון שניי, און ס'וועט ווידער אויפבליען דער אַרום אונטער אַ ליכטיקער זון. דער האָן וועט אין באַגינען וועקן די דאָרפס־לייט, אויפצושטיין צו זייער טעגלעכער מי.

**
*

אויף דעם הויפּט־טראַקט פון שטעכאַנאָו קיין מלאַוואַ, וואַרשע, דורך פלינצק, איז געשטאַנען דאָס קליינע שטעטעלע גלינאָוויעצק. קליינע און גרעסערע דאָרפישע געקאַלכטע הייזקעס. אין די זומערדיקע טעג, האָט זיך דאָס שטעטעלע געטונקען אין גרינע קאָלירן. אַלטע באַיאָרטע צעוואַקסענע קאַשטאַן־ביימער. אַ שפע מיט בעז־ביימלעך האָבן געלאָקט מיט די קליינע האַלב־אָפענע קנאָספּן און פאַרשפּרייט מחיהדיקע אַראָמאַטן. דער וועג איז געווען אויסגעלייגט מיט גרויסע שטיינער. די הויפּט־גאַס האָט געפירט פון טשעכאַנאָווער וועג ביז צו דער צוקער־פאַבריק „איזאַבעלאַ", ווייטער ביזן פלינצקער וועג.

פון דער לינקער זייט זענען געשטאַנען די הייזער פון די, וואָס האָבן פאַרמאָגט די פאָר מאָגערע מאָרגעס ערד, מיט די דאָרפישעווירטשאַפטן וואָס האָבן זיי אָרעם דערנערט: עטלעכע קאָלאָניאַל־געוועלבלעך, צוויי בעקערייען, אַ פאָר שניידער, שוסטער, און אַנדערע געפאַכן — אויף דער צווייטער זייט האָבן געוווינט די, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין דער צוקער־פאַבריק. ביי יעדן הויז איז געווען אַ גאָרטן. אין פרילינג האָבן זיי די ערד באַפלאַנצט מיט פאַרשידענע ירקות, ביי די זייטן פאַרביקע־בלומען. אין די פאַבריק־הייזער איז געווען עלעקטרישע באַלויכטונג. ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָט מען געהערט דאָס מאָנאָטאָנע קלאַפּן פון דינאַמאָ ווי מיט אַ שווערן האַמער. אין די שטילע וואַרעמע זומער־נעכט, ווען מ׳האָט שפּאַצירט איינגעהילט אין דער פינצטערניש, איז דאָס קלאַפּן פון דעם דינאַמאָ באַגלייט געווען מיטן כאָראַלן געזאַנג פון די פרעש און זשאַבעס אין די נאָענטע זומפּן. אין מיינע אָפטע איינזאַמע שפּאַצירן, האָב איך ליב געהאָט די דאָרפישע נאַכט־סימפאָניע... ס׳האָט פאַרמאָגט אַ ספּעציפישן דאָרפישן חן.

די הייזקעס, דער באָדן, דאָס אַלץ האָט געהערט צו דער פאַבריק. סוף צוואַנציקער יאָרן האָט די דירעקציע, פאַר אירע אַרבעטער קאַנאַליזירט און דיסטילירט דאָס וואַסער פון טייכל. דאַקעגן — די לינקע זייט גאַס, האָט נישט פאַרמאָגט קיין עלעקטרישע באַלייכטונג. אין די פינצטערע אָוונטן האָבן זיך געשאָטנט פון די פענצטער, נאַפט־לאָמפּן, אָדער ליכט אין טעפלעך, אָנגעשיט מיט זאַמד.

אַ דעלעגאַציע פון שטעטל האָט זיך פאָרגעשטעלט ביים דירעקטאָר און געבעטן אים, מען זאָל אויך באַלייכטן מיט עלעקטריע די צווייטע זייט גאַס. ער האָט אָפּגעזאָגט. די אַלטע צעוואַקסענע קאַשטאַן ביימער האָבן זיך געוויגט אין דער פינצטערער שטילקייט. דאָרט ווו מ׳האָט זיך פאַרדרייט צו דער הילצערנער בריק איבערן טייכל, איז געשטאַנען אַ לאַנגער טורעמדיקער, הילצערנער קלויסטער, אַרומגעצוימט מיט אַ שטיינערנעם פאַרקאַן. ביי דער זייט, אַ גלאָקן־טורעם מיט צוויי גרויסע גלאָקן. זייער טיפע שרעקנדיקע קלאַנגען האָבן אָנגעוואָרפן אַ פחד אין שטילן שטעטל. יידישע קינדער האָבן זיך געטוליעט צו די פאַרטעכער פון זייערע מאַמעס.

דער טיפער סאָד האָט זיך אַוועקגעצויגן ביזן געמויערטן הויז

פון גלח, און אַראָפּ ביזן טייכל. צווישן די פּרוכטן ביימער זענען געוועזן פּאַרזייט פאַרשידענע ירקות, בייטן מיט קאַרטאָפּל. דאָס אַלץ איז געפּלעגט געוואָרן דורך אַ געניטן גערטנער.

דער גלח איז באַקאַנט געווען אַלס ערלעכער מאַן און אַ יידן־פריינד. דערפאַר, אַדאַנק אים האָבן די יידן מיט זייערע קריסטלעכע שכנים געלעבט בשלום. אין אונזערע ווייטערע קאַפּיטלען וועלן מיר באַשרייבן גענויער וועגן דעם.

אַ קליין טייכל וואָס האָט זיך גערופן זשאָלדאָווקאַ, אין דער געגנט ביי מלאַוואַ האָט זיך אָנגעהויבן דער קוואַל ביי זשאָלדאַ, דאָס טייכל איז רואיק געפלאָסן פלעסקנדיק די ברעגן. עס זענען געוואַקסן גרויסע קיילעכדיקע בלעטער פון וואַסער־ליליעס, זיי האָבן זיך געוויגט אויפן וואַסער, דערנעבן, געלע בלומען מיט דיקע פּאָנקעס, ביי דער זייט געדיכטע קוסטן. ווערבעס מיט לאַנגע דינע צווייגן און שמאָלע בלעטער, האָבן זיך געבויגן איבערן טייכל און געבילדעט אַ חופּה. די לאַנגע לאָנקעס זענען באַדעקט געווען מיט טיפע, זאַפטיקע גראָזן. דאָרט, האָבן מיר קינדער זיך געשפּילט אין באַהעלטעניש. אונזערע פריידיקע געשרייען האָט דער עכאָ אויפגעכאַפּט און ס'האָט אָפּגעהילכט ווי ווייט. די פּילפאַרביקע ווילדע בלומען האָבן געלאָקט און גערייצט. דאָס סאָסנעוועלדל מיט די הויכע ביימער, האָט זיך געשאָקלט ווי תפילה־טוענדיק. דאָס באַהנטע נאַטור־ווינקעלע האָט געדרימלט אונטערן בלויען הימל.

**
*

דער חדר ווו איך האָב פאַרבראַכט מיינע קינדער־יאָרן, האָט זיך געפונען אין שוסטערס הייזקע. דער שוסטער האָט זיך גערופן צלאל. אַ גרויס צימער, ווייס אויסגעקאַלכט. דאָ אין חדר איז אויך געווען דאָס שטיבל צום דאַווענען. עס איז געשטאַנען אַן ארון־קודש פאַרדעקט מיט אַ פּרוכת, מיט גאָלדענע פעדים אויסגעשטיקט — די עשרת־הדברות. צוויי גרויסע לייבן האָבן געשראָקן מיט זייערע אָפענע פּיסקעס, אונטער אַ קרוין.

אין אורן־קודש זענען געשטאַנען צוויי ספרי תורה. אינמיטן — אַ טיש אין פאָרם פון אַ באַלעמער, צו קריאת התורה. אַ לאַנגער טיש

ביי דער וואַנט, פאַר די חדר־יינגלעך. פון די צוויי גרויסע פענצטער, האָט איינס אַרויסגעקוקט צו מזרח, ווו מ׳האָט געזען אַ שייער, אַ שטאַל פאַר בהמות, אַ טיפן גרוב פאַרן מיסט. אין די לאַנגע זומערדיקע טעג, ווען די פענצטער זענען געווען אָפן, האָט אין די גרויסע היצן דאָס מיסט געפוילט און פאַרשפּרייט אַן עיפּושדיקן ריח, וואָס האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם. די מחנות פליגן האָבן געראָיעט און געזשומעט, זיי האָבן זיך דערנערט פון די שטיקלעך ברויט מיט ווייסן קעז פון די חדר־יינגלעך.

אָבער ווען מ׳איז פריי געוואָרן פון חדר, באַפרייט פון די בייזע בליקן פון מלמד, פון זיין קאַנטשיק, אַריינגעשריגן אַ גוטע נאַכט רבי!... האָבן מיר זיך אַרויסגעריסן אויף דער פרייער לופט און זיך צעלאָפן איבערן דערפל מיט אַ פריידיק געשריי. די קו, האָבן פון די פּאַשע־פעלדער, מיט אָנגעשוואָלענע אייטערס מילך, אין די שטאַלן געצויגן. מיט זייערע אויסגעצויגענע לאַנגע העלדזער זיך צעמעקעט, זיי האָבן זיך פאַרבענקט נאָך זייערע קעלבלעך וואָס זענען פאַרבליבן אין די שטאַלן.

פון זייער שאַרן מיט די קאָפּיטעס, זענען זיי געשווומען אין אַ וואָלקן שטויב איבערן געסל. מיר האָבן זיך אַרויסגעלאָזט ווייט אויסערן שטעטל, מיט די שטאָלענע רייפן געקאָלערט אויף די פרייע וועגן און שטעגלעך, מיט הילכיקע פריידיקע געשרייען ביז שפּעט אין דער טיפער נאַכט.

*
**

ווי דערציילט, האָט מיין זיידע יוסף חתנה געהאַט מיט דעם מאַלאָזשינער מילנערס טאָכטער. ער האָט אויפגעבויט זיין משפחה נעסט אין גלינאָוויעצק און פאַרלייגט אַ בעקעריי. די באָבע פרימעט האָט אים געבוירן ניין קינדער, פיר זין און פינף טעכטער. דער עלטסטער זון האָט זיך גערופן חיים, יעקב, דער טאַטע מיינער שמעון און מרדכי. די עלטסטע טאָכטער רוזשיא, שרה, רבקה־לאה, דבורה און די יינגסטע מינדל.

דער זיידע האָט געברענגט גוטע מלמדים צו די יינגלעך, און אויך געלערנט די קינדער שרייבן און לייענען פויליש און רוסיש. עס

דערמאָנט זיך מיר אַ געשיכטע מיט אַ מלמד, וואָס דער זיידע האָט מיר דערציילט:

ס׳האָט אַמאָל פּאַסירט, אַז אַ מלמד האָט פאַרלאָזן דאָס שטעטל פאַרן ענדיקן פון זמן, און די קינדער זענען געבליבן אָן אַ רבין. איינ־מאָל, קומט אַריין צום זיידן אַ יונגערמאַן און זאָגט: כ׳האָב געהערט, אַז איר דאַרפט אַ מלמד פאַר די קינדער. איז דער זיידע געווען צופרידן און אים געהייסן זיך זעצן, לערנען מיט די קינדער.

אַ גאַנצע וואָך איז דער זיידע געווען פאַרהאָרעוועט. האָט געבאַקן ברויט, געפּאָרן באַזאָרגן סחורה פאַרן געוועלבל. שבת נאָכן דרימל, ס׳איז געווען זומער־צייט, האָט דער זיידע אַ טראַכט געגעבן, מ׳וועט הערן ווי אַזוי דער נייער מלמד לערנט מיט די יינגלעך. ער איז שטיל צו צו דער טיר וואָס איז געשטאַנען אויפגעלענט, און זיך איינגעהאָרכט. ער האָט געלערנט מיט די קינדער פּרק ראשון. דער מלמד האָט זיך דערביי געשאָקלט, געצופּט דאָס קליינע שפּראָצנדיקע בערדל און צו־געזונגען מיט אַ גמרא־ניגון:

— יוסי בן יועזר איש צרדה! — עס איז אַמאָל געווען אַ מאַן דער זון פון יוסי, יועזר איש צרדה! — האָט ער זיך פאַרקילט און אָנגעהויבן ציטערן...

ווען דער זיידע האָט דערהערט דעם טייטש... האָט ער פּלוצים אויפגעמאַכט די טיר, דערשטיקט אין זיך דעם כעס און אָנגערופן זיך:

— אַ הייסער טאָג היינט. לאָזט פריי די קינדער!

דער מלמד איז אַ רגע געוואָרן צעטומלט, די קאָלירן אויף זיין פּנים האָבן זיך געביטן. ווען די קינדער זענען אַרויס, האָט דער זיידע אים אויסגעזידלט:

— דו שגצדיקער יונגאַטש אײנער! האָסט געמיינט, אַז דער דאָרפס־ייִד איז אַ פּראָסטער אָרעמדאַר און פאַרשטייט גאָרנישט! דיין נס איז וואָס עס איז שבת, אַנדערש וואָלט איך דיך מקיים פּסק געווען — אַז דו וואָלסט געציטערט...

פון דער צייט וואָס איך געדענק דעם זיידן, איז זיין לאַנגע באָרד געווען ווייס. אַ ריינלעכער, אַביסל העכער פון מיטעלן וווקס, ווען ער האָט געשמייכלט, האָבן זיינע בלויע אויגן פאַרשפּרייט אַ האַרציקע וואַ־

רעמקייט. ער האָט געקענט אַ ביסל לערנען, געווען אַ קלוגער ייד, ער איז געווען אַ גוטער בעל־תפילה, זיין דאַווענען האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ זעלטענער מתוקות. זיין חזקה איז געווען צו דאַווענען פסוקה־דזימרה, מנחה, אין די ימים נוראים. ביז היינט האָב איך נישט געהערט, ס'זאָל ווער דאַווענען מיט אַזאַ האַרציקן נוסח, ווי מיין זיידע.

אַן ערלעכער ייד, שווער געהאָרעוועט אויף פרנסה צו דערציען זיין פאַרצווייגטע משפחה, אַ בעל־מכניס־אורח, ער האָט מקרב געווען אַן אָרעמאַן. זיין עלטסטער זון חיים, וואָס ער האָט אים שטאַרק ליב געהאַט, איז געווען פעאיק און געראָטן, מיט אַ שאַרפן מוח, ער האָט געלערנט אין דער מאָקאָווער ישיבה. ער האָט אויך געהאַט אַ שיינע שטימע, האָט שטודירט מוזיק.

די באָבע פרימעט האָט אירע אייניקלעך, ליב געהאַט צו דערציילן פון אירע יונגע יאָרן נאָך דער חתונה. צי האָבן מיר קינדער דאַן פאַר־שטאַנען אונזער אַלטע האַרציקע באָבע פרימעט ?... פאַר איר, איז דאָס געווען דער צווייטער אָטעם פון אירע יוגנט־יאָרן, איר פרילינג, די שיינע בלעטלעך וואָס זענען שנעל פאַרוויאַנעט געוואָרן...

מיר האָבן זיך צוגעהערט מיט אַביסל מיטגעפיל און גוטמוטיקן געלעכטער צו איר דערציילן. נו! וואָס זאָל איך אייך דערציילן מיינע אייניקלעך ?

— זי איז געשטאַנען מיט דער פלייצע אָנגעלענט ביי דער קיך, דאָס איז געווען איר באַליבטע געוווינהייט. די הענט פאַרלייגט אויף איר הויכן בויך. אַ ווייכער האַרציקער שמייכל איז געווען אויף איר גוט פנים, און איר בליק איז געווען ערגעץ ווייט...

— כ'וועל אייך דערציילן פון מיין חיימלען... ער האָט געהאַט אַ שטימע ווי אַ זינג־פייגעלע, מיין חיימל...

— זינג פון דיינע אַמאָליקע לידלעך, באָבעשי — האָט מיין ברודער יעקב־אריה פלוצים אַ בעט געטון.

— אַז נישט געדאַכט זאָלסטו ווערן — האָט די באָבע זיך גע־בייזערט — אַ צוויט מאָל וועל איך פאַר אייך זינגען...

מיין חיימל האָט געלערנט אין דער באַרימטער מאָקאָווער ישיבה. ווען ער איז אַהיימגעקומען אויף פסך האָט ער געזאָגט אַ פשטל ביים

סדר. נאָכן סדר זאָגט מיין טאָכטער דבורה: חיים זינג עפּעס! ער האָט אָפּגעהוסט, כ'זאָל אַזוי נישט וויסן פון קיין שלעכטס, ווי כ'וויס? פאַר־וואָס ער האָט געדאַרפט הוסטן... ער האָט אויפגעהויבן זיין שיינעם קאָפּ... טאַטע ליכטיקער אין הימל — איז ער געווען שיין! ווען ער האָט אָנגעהויבן זינגען, זענען אַלע געוואָרן פאַרבליפט.

מאַרישאַ האָט דערביי געוואַשן דאָס געפעס, זי האָט געהאַלטן אין דער האַנט דעם לאַנגן טעלער צו די פיש... איר האָט זיך געדאַכט אַז זי שטעלט אַוועק דעם טעלער אויף דער באַנק, איז אָבער דער פול־מיסק אַראָפּגעפאַלן אויף דער ציגעלנער פאָדלאָגע און צעבראָכן געוואָרן אויף שטיקלעך, אַזוי איבעראַשט איז זי געווען פון חיימלס זינגען „מזל טוב!" האָט זי אויסגעשריגן — אַ שיקסע, האָט זי גערעדט יידיש ווי אַ וואַסער... ער האָט געענדיקט זינגען מיט אַזאַ שטאַרקן אָטעם־קראַפט, אַז דאָס ליכט אויפן טיש האָט זיך אויסגעלאָשן...

אַזוי האָט די באָבע אונז דערציילט. אין די שפּעטערע יאָרן האָט דער פעטער חיים חתונה געהאַט קיין מאָקאָווע, ער האָט גענומען אַ טאָכטער פון אַ קאַנטאָניסט, זי איז געווען אַ שיינהייט. ער איז מיט איר אַוועק קיין אַמעריקע. דער פעטער חיים איז געשטאָרבן דאָרט אָנהייב די צוואַנציקער יאָרן.

**
*

אין די קאַלטע, לאַנגע ווינטער־נעכט, ביים שוואַכן שיין פון אַ נאַפט־לעמפּל, האָט די באָבע פרימעט דערציילט, פון איר קריסטלעך דינסט־מיידל. נאָך דער חתונה ווען איר חיימל איז געבוירן געוואָרן, איז איר שווער געווען פאַרנעמען זיך מיט איר קינד, פירן די דאָרפישע ווירטשאַפט, דאָס קאָלאָניאַל־געוועלב, האָט דער זיידע איינמאָל פון אַ וויטן דאָרף געבראַכט אַ דינסט־מיידל, אָן עלטערן, אָן משפחה, האָט זי זיך שטאַרק צוגעבונדן צו דער באָבען און זיידן. זי איז געווען איידל, ערלעך, געטריי, איבערגעגעבן, אַ פיינע נשמה. זי האָט ליב געהאַט די קינדער, ווי אייגענע. זי האָט גערעדט יידיש ווי אַלע אין הויז, אַ פרעמ־דער האָט נישט געוווסט אַז זי איז אַ קריסטין. מיט די מיידלעך האָט זי געזאָגט יעדן אין דער פרי „מדה אני".

דער זיידע האָט צו יענער צייט אויך צוגענומען אַ נישט־יידישן בעקער־געזעל צו דער אַרבעט. ער האָט אויסגעזען אַ פיינער מאַן, נישט צופיל געטרינקען, פלייסיק געטון זיין אַרבעט.

איינמאָל ביינאַכט ווען אַלע זענען געשלאָפן, האָט זיך מאַרישאַ אויפגעוועקט, זי האָט געהערט ווי מען שלייכט זיך צו איר געלעגער. דאָס מיידל האָט דערשראָקן געפרעגט: ווער איז דאָרט? האָט ער גע־ענטפערט: זיי שטיל! דאָס בין איך סטאַך דער געזעלן... דורך די צייט וואָס איך אַרבעט, האָב איך דיך באַמערקט... געפעלסט מיר. כ'וויל מיט דיר חתונה האָבן... בייטאָג שלאָף איך, אַ גאַנצע נאַכט באַק איך, האָב איך באַשלאָסן צו רעדן מיט דיר ביינאַכט...

— זי איז געווען דערשראָקן פון אַזאַ נאַכט־וויזיט און האָט אים געענטפערט:

— מירן נאָך זען, סטאַך... מיר וועלן דאָך נישט גלייך פראַווען די חתונה אין מיטן דער נאַכט?...

צומאָרגנס האָט זי אַלץ דערציילט דער באָבען. האָט איר די באָבע געזאָגט, אַז אויב ס'וועט זיך אַרויסווייזן, אַז ער איז אַן ערלעכער יונג וועלן מיר דיר חתונה מאַכן, ווי אונזערס אַ קינד.

אַ פאָר טעג נאָך דער געשיכטע האָט מאַרישאַ ביינאַכט געהערט עפעס אַ גערויש. זי איז אַרויס פון בעט, און דערזען אין דער טיר, וואָס פירט צום געוועלבל, אַ שוואַכע שיין. זי האָט אַריינגעקוקט און דערזען, ווי סטאַך שטייט מיט אַ זאַק און פאַקט אַריין פון די פאָליצעס. אָן אַ טראַכט צו טון, האָט זי זיך געוואָרפן אויף אים, זיי האָבן זיך געראַנגלט. האָט ער זי אָנגעכאַפּט ביים האַלדז און אָנגעהויבן שטיקן. זי האָט נאָך באַוויזן אים צו געבן אַ שטויס אונטערן בויך. פון ווייטיק, האָט ער לויז געמאַכט די פינגער אַרום איר האַלדז. זי האָט אויפגעהויבן אַ גרויס געשריי. באַלד איז דער זיידע געקומען צולויפן און אַרויסגעריסן מאַרישאַן פון זיינע לאַפּעס, ער האָט אַזוי צעהרגעט דעם שגץ, אַז צומאָרגנס האָט מען אים געמוזט אָפּפירן אין שפּיטאָל. דער זיידע איז אין די יונגע יאָרן געווען אַ גיבור.

אויף דער עלטער איז מאַרישאַ קראַנק געוואָרן. די באָבע האָט זיך פאַרנומען מיט איר, דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז אירע טעג זענען

געצײלטע. איז די באָבע פרימעט געגאַנגען צום גלח און אים דער־צײלט, אַז זי איז אַ קריסטין, מאַרישאַ, און ווינטשט זיך צו שטאַרבן ווי אַ קריסטין. דער גלח האָט לאַנג באַטראַכט די באָבע פרימעט. זי האָט גערעדט פויליש בעסער ווי אַ פּאָליאַטשקע. ער האָט געזאָגט, אַז ער קומט באַלד און האָט צוגעגעבן:

— פּאַני מאָשקאָוויטשאָוואַ, אַזעלכע פּײנע, אײדעלע „סטאַראָ־זאַקאָנני" ווי איר זענט, האָב איך נישט געזען...

— עס זענען דאָ אַ סך ווי מיר — האָט אים די באָבע געענטפערט — נאָר מען קען זיי נישט...

ווען מאַרישאַ האָט אויסגעהויכט די נשמה, האָט די באָבע פרימעט באַשטעלט אַ טרומנע און באַצאָלט פאַר דער לוויה מיטן גאַנצן צערע־מאָניאַל. די גאַנצע משפחה האָט זי באַגלייט אויף דעם צמענטאַזש צו איר אײביקער רו.

ווי געזאָגט, האָט דער זײדע, חוץ דער בעקערײ, געהאָט אַ קלײן געוועלבל פון פאַרנט. ס'איז נישט לײכט געווען מפרנס צו זײן אַזאַ גרויסע משפחה, קײן עין הרע. ביז די קינדער זענען גרויס געוואָרן, געשטאַנען אין שידוכים. דער פעטער יעקב האָט געהאָלפן אין דער בעקערײ. ער איז געווען אַ ביסל העכער פון מיטעלן וווקס, ברײט־פּלײציק, אַ קײלעכדיק פּנים, בלויע אויגן, אַטלעטיש געבויט. זײן גבורות האָט ער געירשנט פון זײן עלטער־זײדן חיים.

ס'האָט אַמאָל פּאַסירט, אַז ווען דער פעטער יעקב איז געשטאַנען בײנאַכט און פאַרקנעטן דאָס טײג, האָט ער דערהערט עפּעס אַ שאָרך. האָט ער פאַרשטאַנען, אַז אַ פרעמדער געפינט זיך אין הויז. שטיל, ווי אַ קאַץ, איז ער אַרײן אין געוועלבל און באַמערקט אַ שוואַכן שײן פון הינטער דער טיר. האָט ער זי שטיל אויפגעעפנט און דערזען, ווי אַ גנב, שטײט בײם געלט־שופלאַד און מיט אַ לאַנגן מעסער פון אַ קצב, האַלט ער אין אויסשנײדן אַ לאָך אַרום דעם שלאָס. ער האָט נישט אויפגעוועקט, דעם בעקער־געזעלן, נישט דעם זײדן, נאָר האָט אויף־געפּראַלט די טיר, און מיט דער גבורה פון אַ טיגער אַ שפּרונג געגעבן און געוואָרפן זיך אויף יענעם. און אַ הײסער קאַמף האָט זיך אָפּגע־שפּילט אין דער שטילער נאַכט. דער גנב איז געלעגן אויף דער ערד

און דער פעטער יעקב האָט אים מיט די פויסטן גוט צעקיילט. אויפן טומל, איז אָנגעלאָפן דער זיידע און אָפּגעריסן זיי איינעם פון צווייטן. אין גערּאַנגל, איז דער פעטער יעקב פאַרווונדערט געוואָרן מיט דעם מעסער.

***

הערבסט 1922 איז פאָרגעקומען דער חנוכת־הבית פון ניי־אויפגע־בויטן הויז. די מאַמע האָט צוגעגרייט אַ גוט מאָלצייט פאַר עטלעכע און צוואַנציק מאַן. ר׳ זלמן־משה דער דיין אונזער שכן, און זיין זון שלום, האָבן געהאַלטן שיינע דרשות. מ׳האָט זיך שטאַרק משמח געווען, אין נגינה און אין דברי תורה.

אין דעם יאָר פון ניי־אויפגעבויטן הויז, האָט זיך מיר איינגעקריצט אין מיין זכרון: כ׳געדענק גענוי דעם חנוכה פון זעלבן יאָר. צום דריטן חנוכה־ליכטל איז אויסגעפאַלן מיין בר־מצווה. כ׳בין געווען דער עלטס־טער פון דריי קינדער אין הויז. זי איז זיך פאַרלאָפן באַשיידן ווי אין יענער צייט. אַ שטילע משפחה פרייד, האָט מען געפילט אין הויז. דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן שטילער גערעדט צווישן זיך ווי געוויינלעך, און מיט האַרציקע ליבע געבליקט צו זיך. מיין טייערער מאַמעס פּנים האָט לייכט געפלאַמט. זי איז געשטאַנען ביי דער קיך געררוקט די טעפּ און געפליסטערט כמעט ווי צו זיך אַליין — מיין לאַטיק קינד, ווען דו זאָלסט וויסן ווי שווער עס קומט אָן אַ מאַמען צו דעציען אַ קינד... און דערלעבן אַ ביסעלע נחת — אירע אויגן האָבן זיך באַזילבערט און געבליבן שטיל. דער טאַטע האָט מיך אַריינגערופן אין אַ חדר־מיוחד און אָנגעהויבן מיט אַ ערנסטער שטימע. היינט איז אַ גרויסער טאָג פאַר דיר — און אויך פאַר טאַטע־מאַמע — פון היינט אָן ביסטו פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר אַלעם וואָס דו וועסט טון — געדענק דיין טאַטנס ווערטער. זאָלסט זיין אַ ערלעכער מאַן, זאָלסט אָפּגעבן כבוד דיינע עלטערן, און אַרויסהעלפן אָן אָרעמאַן. אין דעם זכות וועט השי״ת דיך אָפּהיטן פון אַלעם שלעכטן. ער האָט מיך איינגעשלאָסן אין זיינע אָרעמס, און כ׳האָב געפילט מיין טאַטנס טרערן אויף מיין פּנים.

***

גאַנץ באַזונדער געדענק איך אַ מיידל, וואָס איז געווען מיט צוויי יאָר עלטער פון מיר. זי איז געווען אַ ווייטע קרובה פון מנשה שוואַרץ. זי איז געקומען אויף ווינטער־וואַקאַציע קיין גלינאָוויעצק פון אַ שטעטל אין אונזער געגנט. דאָס מיידל האָט דערוועקט אין מיר די ערשטע צאַפּלדיקע געפילן, וואָס האָבן געדרימלט אין מיין יינגליש האַרץ.

⁂

אין דעם יאָר האָט זיך דער ווינטער פרי געשטעלט. באַגינען איז אַ טונקל־שווערער וואָלקן געהאַנגען נידעריק. אַ דין שנייעלע איז גע־פאַלן, און באַלד צעגאַנגען. דער שניי איז געפאַלן געדיכטער. דער גאַנ־צער באַשאַף, איז באַדעקט געוואָרן מיט אַ ווייסן זילבערנעם טעפּיך, וואָס האָט פאַרבלענדט די אויגן. דער שניי איז געפאַלן אַ טאָג מיט אַ נאַכט. אין אָוונט האָט גענומען בלאָזן אַ פּראָסטיק דרוב־ווינטל, און צומאָרגנס איז די ערד געלעגן אַ פאַרקאָוועטע. די קליינע הייזקעס האָבן זיך געטוליעט איינס צום אַנדערן. די פאַרפרוירענע פענצטער באַמאָלן מיט פאַנטאַסטישע פּייזאַזשן. דער שניי סקריפּעט מחיהדיק אונטער די פיס. דער רויך פון די קוימענס אויף די נידעריקע דעכלעך ציט זיך צום גרויען הימל.

אַ ליבע וואַרעמקייט איז אין שטוב. דער קאַכלאַנער אויוון איז גוט אָנגעהייצט. די מאַמע פּאָרעט זיך ביי דער קיך, זי פּרעגלט גריוון פון די געשאָכטענע גענדז. איך שטיף אַרום מיט מיין יונגערן ברודער, אַ בענקל פאַלט אום, גיט די מאַמע אַ געשריי:

— אָט גייט דער טאַטע! וועט איר באַקומען חנוכה־געלט...

אין דער גרויסער קיך, ביי דער טיר, וואָס פירט צו דעם אַלקער פון זיידע־באָבע, איז געשטאַנען אַ קליין טישל און אויפן טישל — דער מאַסיווער חנוכה־לייכטער; אַ ירושה פון עלטער־זיידן ר׳יעקב. ס׳איז געווען אַן אַנטיק — צוויי לייבן אויסגעהאַמערט, מיט פאַרשידענע הערעגליפן פון דער חשמונאים־עפּאָכע. אַכט קליינע טעפּעלעך צוגע־שרויפט, פאַרן בוימל, אָנגעשטעקט מיט וואָלענע קנויטלעך... אויבן — אַ קליין קריגעלע פאַרן בוימל.

דאָס ערשטע ליכטל האָט אָנגעצונדן דער זיידע. ער האָט געזונ־

געז מיט אַ שיינער, האַרציקער שטימע. דערנאָך האָט עס דער טאַטע אָנגעצונדן. ער איז געשטאַנען אין טונקעלן כאַלאַטל, דעם דיקן גאַרטל אַרומגעבונדן אַרום גבירישן בויך, די באָרד אין צוויי שפּיצן פאַר־קעמט; די שאַרפע, העל־בלויע אויגן הינטער די גאָלדענע ברילן, האָבן געשיינט ערנסט און קאָנצענטרירט. מיט זיין באַריטאָן שטימע, זאָגט ער פייערלעך די ברכות מיר זינגען „מעוז צור ישועתי".

אין דער גרויסער קיך, ביים טיש, זענען געזעסן: דער טאַטע, שלום סאָקאָלאָווסקי, משה קאהן און נאָך יידן, און געשפּילט לכבוד חנוכה די יידישע קאָרטן־שפּיל, אָן „אָקע". עס ברענט דער גרויסער בליך־לאָמפּ. די מאַמע און די באָבע פּרימעט פאַרען זיך ביי די לאַטקעס. די אַלטיטשקע באָבע זעלדע — דער מאַמעס מוטער — איז געזעסן אָן איינגעקורטשעטע ביי דער קיך און זיך געוואַרעמט; געטרונקען טיי אין איר טעפּעלע. אירע קליינע, פאַרטערטע רויטע אויגן האָבן געקוקט פאַרטראַכט — זיכער זיך דערמאָנט פון אירע יונגע יאָרן אין וואַרשע... זי האָט עפּעס געדזשאַמזשעט מיטן אָנציינערדיקן מויל.

מיר קינדער האָבן געשפּילט אין דריידלעך. צי קען מען עס פאַרגעסן? קיינמאָל נישט! — ווען מיר טראַכטן היינט וועגן אונזערע זיסע קינדער־יאָרן, וועגן די טייערע אומגעבראַכטע היימען... מיר בענ־קען נאָך יענער שיינקייט פון אַ שטיל, היימיש ווינקעלע, פון אַ ריין משפּחה־לעבן... פון אונזערע אומפאַרגעסלעכע פּרעכטיקע יום טובים, ווי עס האָט געשוועבט אַ דערהויבנקייט אין יעדן ווינקעלע; דאָס שיינע, ריינע, וואָס מיר האָבן איינגעזאַפּט פון אונזערע קינדער־יאָרן, שעפּן מיר, ביים היינטיקן טאָג כוח, צו דערהאַלטן זיך, אין דער איצטיקער געמיינער גזלנישער וועלט.

פאַרפלאָמט אין אונזער שפּיל, הער איך ווי דער זיידע רופט מיך. ער שטייט ביים קאַכלאָפנעם אויוון און וואַרעמט זיך, ברומט אונטער אַ ניגון.

— זאָג — פרעגט ער מיך — ווילסט כ'זאָל דיר דערציילן עפּעס? דער זיידע האָט געוווּסט, אַז דערמיט האָט ער מיך געפאַנגען. כ'האָב צוגערוקט דאָס קליינע בענקעלע, פאַרמאַכט די טיר צו דער דערביי־איקער קיך, ווו דער טאַטע מיט נאָך יידן זענען פאַרטון געווען אין דער „אָקע". אַ קליין נאָפּט־לעמפּל האָט שוואַך באַלויכטן דעם חדר. אונזערע

שאָטנס האָבן זיך באַוועגט אויף די ווענט. ווי זיין געוויינהייט איז געווען, שטיל דערציילט, ווי אַזוי אַמאָל איז זיך דאָס לעבן אין גלינאָוויעצק געפלאָסן; ווי דער פעטער יעקב האָט געפירט די בעקעריי, דער זיידע האָט באַזאָרגט דאָס געוועלבל מיט סחורה, מעל צו באַקן די ברייטלעך. ווי זאָגט רש״י אין פרשת „וישב״? „ביקש יעקב לישב בשלוה קפץ עליו ריגזו של יוסף״ (יעקב האָט געוואָלט זיצן רואיק, איז אויף אים אַרויפגעשפרונגען דער כעס אָדער צרה פון יוספן).

אין מיין הויז האָט זיך אַלץ געפירט רואיק, ביז אין אַ שיינעם טאָג איז געקומען די צרה אין געשטאַלט פון אַ שכן רע, אַ קריסט אַ שונא ישראל, וואָס האָט אונז פאַרסמט דאָס לעבן, פשוט צוגענומען די פרנסה. ער האָט אויפגעמאַכט אַ געוועלב, מיט אַ בעקעריי, און פאַר־קויפט אַלץ פאַר אַ האַלבן פרייז. ער האָט זיך פאַרנומען אונז אומצו־ברענגען. דאָס אָנגעבאַקענע ברויט איז נישט פאַרקויפט געוואָרן, די שפייז־פּראָדוקטן זענען געבליבן אויף די פּאָליצעס. מיט איין וואָרט, ס'איז געווען ביטער. איינע פון זיידנס טעכטער איז געווען אַ כלה, דער זמן חתונה רוקט זיך אָן, און דאָ איז די צרה גרויס.

דער זיידע, האָט אין אַ שיינעם פרימאָרגן איינגעפּאַקט דעם טשע־מאָדאַן, געזאָגט אַ „זיי געזונט״, זיינע בני בית און זיך געלאָזט פאָרן קיין ראַדזימין, צום אַלטן רבין, שלמה יהושועה דוד זצ״ל. דער שמש האָט אָנגעשריבן אַ קוויטל, און ערשט שפּעט ביינאַכט, פאַר 12, האָט דער רבי געהייסן אַריינפירן ר' יוסף הערש מאַשקאָוויטש פון גלינאָ־וויעצק. דער זיידע איז געקומען צום רבין מיט אַ צעבראָכן האַרץ. ווען דער רבי האָט אים געגעבן שלום און געפרעגט: „נו, יוסף גלינאָוויעצ־קער, וואָס הערט מען? פרנסה איז דאָ?״ — האָט זיך דער זיידע צעוויינט, זיך נישט געקענט באַהערשן. ווען ער האָט זיך באַרואיקט, האָט ער דערציילט בפרטיות דעם רבין וועגן דעם שכן, דעם אַנטיסעמיט, וואָס האָט זיך פאַרנומען אויף זיין לעבן.

אַ ווײַלע איז דער רבי אַנטשוויגן געוואָרן, דערנאָך גייט ער צו צו דער טיר און רופט דעם שמש:

— זאָג מיר, ישראל־משה, עס שטייט: אנא אדוני הושיעה נא — און גלייך גיט ער צו — יוסף גלינאָוויעצקער דאַרף געהאָלפן ווערן, דו הערסט?

דריי מאָל האָט ער געזאָגט די ווערטער: „יוסף גלינאָוויעצקער דאַרף געהאָלפן ווערן”. ביים רבין אויפן טיש איז געשטאַנען אַ גרויסע פּושקע מיט זילבערנע קערבלעך — די פּדיונים, וואָס די חסידים זיינע האָבן איבערגעלאָזט פאַרן רבין. האָט דער רבי גענומען אין האַנט עטלעכע קערבלעך, זיי געלאָזן פאַלן אין דער פּושקע, עס האָט אָפּגע־הילכט מיט אַ זילבערנעם קלאַנג. עטלעכע מאָל האָט ער דאָס געטון און שטיל צוגעזונגען: „ס'וועט ווערן פון אים קאַשע... ער וועט צעריבן ווערן ווי קאַשע”... — און מיט אַן אויפגעהייטערט פּנים, אויסגעשטרעקט די האַנט צום זיידן, און כמעט אויסגעשריגן:

— פאָר געזונטערהייט אַהיים, יוסף! וועסט געהאָלפן ווערן!...

ס'איז אַוועק אַ לענגערע צייט, נאָכדעם, ווי דער זיידע איז גע־פאָרן צום ראַדזימינער רבין. ס'איז געווען ביינאַכט. דאָס דערפל איז געלעגן אין אַ טיפן שלאָף, נאָר די בעקערס, וואָס אַרבעטן ביינאַכט, זענען געווען וואַך. דער פעטער יעקב מיט דעם געזעלן האָבן צוגע־גרייט אַ געבעק ברויט. די טרוקענע העלצער האָבן געפלאַקערט אין אויוון. די זומער־נאַכט איז געווען אַ וואַרעמע. איז דער פעטער יעקב אַרויסגעגאַנגען כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט. האָט ער פלוצים דערפילט, ווי עס סמאַליעט זיך ערגעץ נישט ווייט מיט אַ פאַרשטיקטן רויך. האָט ער אַ רוף געטון דעם געזעלן, און זיי האָבן באַמערקט דורך די פאַרמאַכטע לאָדנס פון גוישן שכנס געוועלב, ווי עס שפּאַרט אַ שטיקנ־דיקער רויך. דורך די לאָדן־שפּאַרעס האָבן געלויכטן קליינע פלעמלעך. האָט דער פעטער מיט אַן אויסערגעוויינלעכער גבורה אויפגעריסן די לאָדנס, פאַרשפּאַרטע מיט פּרענטעס, אויסגעהאַקט די שויבן, האָבן ערשט דעמאָלט די דערשטיקטע פלאַמען זיך אַרויסגעריסן דורכן אויפגעפּראַלטן פענצטער. דאָס שלאָפנדיקע שטעטל איז מיטאַמאָל באַלויכטן געוואָרן מיט אַ העלישע שיין.

עס איז געוואָרן אַ בהלה. די פּויערים פון אַרום זענען זיך צוזאַמענ־געלאָפן, אויפגעוועקט דאָס גאַנצע שטעטל. מען איז שנעל געלאָפן צום טייכל ברענגען עמערס וואַסער, צו פאַרלעשן די שרפה.

אויפן הויף האָט מען געפונען כראָפּען אין אַ געדיכטן שלאָף דעם שכן, דעם גוי, דעם שונא ישראל. ער איז אַוועקגעפאַלן אַ שיכורער און נישט געוווסט וואָס עס טוט זיך מיט אים. מען האָט

אויך געפונען סימנים, אַז דאָס האָט ער אַליין אונטערגעצונדן זיין געד
וועלב, מיטן געדאַנק אָפּצונעמען אַ גרעסערע סומע געלט פון דער
פאַרזיכערונג. דער שווינדל איז גיך אויפגעדעקט געוואָרן, און ער האָט
באַקומען דערפאַר אַ פּאָר יאָר תפיסה.

— יאָ, מיין קינד — האָט דער זיידע פאַרענדיקט — דאָס האָט
דער הייליקער צדיק אים פאַרשאָלטן... סוף כל סוף באַקומען די רשעים
זייער פאַרדינטן פּסק...

## מיין טאַטע שמעון מאַשקאָוויטש, ז״ל

צווישן די צוואַנציק משפחות, וואָס האָבן געלעבט אין גלינאַ־וויצק פאַרן חורבן, זענען געווען צוויי יידן, די גייסטיקע פירער פון קליינעם ישוב: מיין טאַטע און שלום סאָקאָלאָווסקי. מיין פאָטער איז געווען גבאי און בעל־תפילה. די לעצטע יאָרן — ס'איז געווען אין 1928 — האָט די גלינאָוויעצקער קהילה, כמעט מיט אייגענע כוחות, אויפ־געבויט אַ בית־מדרשל. דער טאַטע האָט געשאָנקען אַ פּלאַץ אויף אונזער הויף, ביים פּלויט, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט מנשה'ס ווירטשאַפט. ס'איז דאָרט געשטאַנען אַן אַלטער ברונעם, האָט מען אים פאַרשיט און געלייגט דעם גרונטשטיין.

שלום און דער טאַטע האָבן אין דערבייאיקע שטעטלעך געזאַמלט פאַרן בית־מדרשל. אויך די קצבים־הענדלער פון פלינצק, ווען זיי זענען געפאָרן קיין סטשעגאָווע יעדן מאָנטיק, האָבן זיי מנדב געווען זייערע באַשיידענע נדבות.

גאַנץ באַזונדער האָבן זיך געשטעלט ברייט די צוויי ברידער, די ביקעס.איינער פון זיי, איצעק ביק, איז געווען קליין, קיילעכדיק און דיק. זיינע פיס זענען געווען ווי קלעצער, ברייטע שולטערן, אָבער אַטלעטיש געבויט. דער גרויסער קאָפּ איז געזעסן אויף אַ קורצן, דיקן קאַרק, אַ פלאַטשיקע געהויקערטע נאָז, ווי ביי באָקסער, שאַרפע, גרויע שטאָלערנע אויגן. ער האָט גרויס דרך ארץ געהאָט פאַר מיין טאַטן. ווען ער האָט נאָר דערהערט, אַז מען גייט בויען דאָס בית־מדרשל, האָט ער יעדן מאָנטיק, ווען ער איז געפאָרן אויפן סטשעגאָווער מאַרק־טאָג איינצו־קויפן בהמות, געזאַמלט ביי יידן אַ פּאָר זלאָטעס און געבראַכט זיי צום טאַטן.

— זאָרגט נישט, ר' שימעשי! — האָט ער געזאָגט, געזעצט זיך

מיט דער פויסט אין האַרצן — דער קאָפּ זאָל נאָך אַזוי לעבן, ווי מען וועט צוהעלפן, אַז נישט איז מיין נאָמען נישט איצעק ביק...

און ער האָט געהאַלטן וואָרט; געווען אַ פּראָסטער ייד, אָבער מיט אַ גוט האַרץ, נישט איינמאָל איינגעשטעלט זיך, צו באַשיצן דעם יידישן כבוד.

אָפּשפּיגלען דעם כאַראַקטער פון מיין טאַטן, איז דאָס ערשטע, זיין שטאַרקע ליבע צו מוזיק. מען קען זאָגן, מיין טאַטע האָט געהאַט אַ מוזיקאַלישע נשמה — נגינה! מוזיק! זינגען! — דערמיט האָט גע־שטראַלט זיין גאַנץ וועזן. מיט אַ קורצער צייט צוריק האָב איך געלייענט נ. שמנ׳ס בוך „דאָס געזאַנג פון חסידות״, ווו ער שרייבט וועגן די גע־דאַנקען, וואָס עס האָט אַרויסגעבראַכט רבי נחמן בראַסלאַווער. כ׳גלויב אַז עס איז ווערט צו ברענגען דאָ, אַ פּאָר אויסדרוקן פון דעם גרויסן צדיק הדור וועגן נגינה און מוזיק: „דורך שמחה און געזאַנג ווערט דער מענטש דערהויבן צו אַ העכערע מדרגה. היט זיך פון עצבות, דאָס איז בייזקייט און צאָרן״.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, די זעלבע פילאָזאָפישע קאָנצעפּציע גע־פינט מען אויך ביי שפינאָזאַ — די נשמה און דער גוף פון ר׳ נחמן בראַסלאַווער זענען געווען דורכגעווייקט מיט נגינה און מוזיק. ער איז געווען דער שענסטער חסידישער פּאָעט.

היינט פאַרשטיי איך בעסער — מיין טאַטנס ממש פאַנאַטיזם און ליבע צו מוזיק. ס׳איז געווען זיין כאַראַקטער־שטריך. דאָס האָט אים באַגלייט זיין גאַנץ לעבן. פון זיין נשמה האָט געשפּרודלט קוואַליק אַ שמחה און לעבנס־לוסט. ער האָט אויך ליב געהאַט די נאַטור. אין די שבתים און יום־טובים, ווען דער זומער איז געווען צעלייגט, איז ער געזעסן אין די פרימאָרגנס ביים אָפענעם פענצטער און געלערנט מיט אַ זיסע, האַרציקע נגינה „חוק״ אָדער משניות. אין מיטן לערנען האָט אַ פויגל־כאָר זיך צעטרעלט. דער טאַטע האָט זיך פאַרטראַכט, דער פויגל־געזאַנג איז זיכער געווען שירה צום באַשעפער. זיי בליק האָט אַלץ אַרומגענומען, און באַמערקט די גרינע ניואַנסן אין וועלכע ס׳האָט זיך געטונקען די פרימאָרגן־שטילקייט.

מיין טאַטע האָט פאַרמאָגט אַ שיינע שטימע, אַ באַריטאָן, אַ ברייטע מיטל־לאַגע מיט אַ שטאַרקן טעמבער. אין די העכערע טענער איז ער

געשוווּמען פריי. דאָס זינגען האָט ער געירשנט פון זיינע עלטערן, דער זיידע יוסף און די באָבע פרימעט.

אין די יונגע יאָרן האָט דער טאַטע גענומען לעקציעס פון נאָטן ביי ר׳ אברהם־יצחק שוחט פון סטשעגאָווא. ווען כ׳בין שוין געווען אַ דערוואַקסן יינגל — האָב איך אין טאַטנס שופלאָד געפונען באַשריבענע זייטלעך פון נאָטן... ר׳ אברהם־יצחק ראָזענבערג איז געווען אַ זעלטע־נער שיינער טיפּ פון אַמאָליקע יידן, ביי וועלכע תורה, חכמה און אַ געוואַלדיקער דראַנג צום וועלטלעכן וויסן זענען געווען געפּאָרט.

איז אַמאָל געשען אַ מעשה ביי מיינע עלטערן, בעסער געזאָגט ביים טאַטן אין שייכות מיט זיין ליבע צו מוזיק: מיינע עלטערן האָבן די ערשטע צייט נאָך זייער חתונה געוווינט אין וואַרשע. איז די מאַמע אַמאָל געפאָרן אין דערבייאיק שטעטל צו משפחה אויף אַ פּאָר טעג, באַזוכן אַ קראַנקן. געבליבן אַליין, איז דער טאַטע אין אָוונט געגאַנגען צו אַ מוזיקאַלישן קאָנצערט. דאָרט האָט ער זיך באַקענט מיט אַ יונגן מעלאָמאַן. זיי האָבן זיך פונאַנדערגעשמועסט און דער טאַטע האָט אים פאַרבעטן צו זיך אין שטוב. דער טאַטע איז געווען פאַרכישופט פון זיין זינגען. יענער איז געוואָרן אַן אָפטער גאַסט ביי אונז אין הויז. אָבער איינמאָל אין אַן אָוונט האָט מיין פאָטער געטראָפן די טיר אָפן און אַלץ איז געווען אַרויסגערוימט... דער טאַטע איז אַוועק אין קאָמיסאַריאַט, האָט מען אים דאָרט געוויזן אַן אַלבום מיט בילדער, און ער האָט גלייך דערקענט דעם זינגער... דאָס איז געווען אַ ראַפינירטער גנב. ער האָט נאָכגעמאַכט שליסלען און אויף אַזאַ אופן, דורך באַקאַנטשאַפט, באַ־גנבעט. מיט יאָרן שפּעטער, ווען דער טאַטע האָט עס אונז דערציילט, האָט ער זיך נישט געקענט שענקען:

— ווּעמען האָט געקענט איינפאַלן, אַז אַ מאַן מיט אַזאַ שיינער שטימע, זאָל גאָר זיין אַ געוויינלעכער גנב ?...

מיין טאַטע איז געווען באַקאַנט אַלס אַ גרויסער מכניס־אורח, אַן אוהב ישראל, אַן ערלעכער מאַן, האָט אַרויסגעהאָלפן מיט אַ נדבה אַ נצרך. אין גלינאָוויעצק איז זומער־צייט די סטאָדאָלע געווען אויסגע־בעט מיט שטרוי, מיט היי, מיט קאָלדרעס, פאַר אָרעמע מענטשן, וואָס האָבן אָפט פאַרבייגעוואַנדערט אונזער געגנט. ווינטער האָט מען די פאַרבייוואַנדערער אַריינגענומען אין דער גרויסער, וואַרעמער קיך אויף

נאַכטלעגער. די גאַנצע קיך איז געווען פֿאַרלייגט מיט שעניקעס, אַז מען האָט נישט געקענט אַדורכגיין. דער טאַטע האָט אַליין אָנגעשטאָפּט די שעניקעס, זיך מטפּל געווען. מיט וואָס פֿאַראַ אהבה ער האָט עס געטון! האָט מען באַדאַרפֿט חתונה מאַכן אַן אָרעם מיידל, האָט זיך מיין טאַטע אַרויסגעלאָזן אין וועג צונויפֿשאַפֿן אַ נדן. די חתונה איז ביד רחבה געפּראַוועט געוואָרן ביי אונז אין שטוב. משמח צו זיין חתן־כלה, איז ווערט געווען צו זען דעם ספּעקטאַקל, וואָס מיין טאַטע האָט דיריגירט און אויסגעפֿירט.

אַ ריינלעך־געפּוצטער ייד, מיטלוווקסיק, מיט אַ נגידיש בייכל, ער האָט געטראָגן גאָלדענע ברילן, פֿון וואַנען ס'האָבן אַרויסגעלויכטן זיינע בלויע אויגן. אין זיין לעבן האָט ער קיין וועקסל נישט אונטערגעשריבן, נישט איינמאָל געצאָלט חובות פֿאַר אַנדערע, ווייל ער האָט גאַראַנטירט מיט זיין וואָרט. דער נאָמען: שמעון מאַשקאָוויטש איז געווען אַ שם דבר.

מיין טייערע מאַמע האָט געהייסן רחל, אָבער דער טאַטע האָט זי גערופֿן רוחטשע — און זי אים — שימעשי. זי האָט זיך מקריב געווען פֿאַר אירע קינדער ווי אַ יידישע מאַמע, באַשיידן, ערלעך, זי האָט געטראָגן דעם עול פֿון דער שטוב און אַלץ מקבל געווען באהבה. געווען אַן איבערגעגעבענע לעבנס־באַגלייטערין פֿאַר מיין טאַטן. אַן אמתע אשת־חיל.

דאָס לעצטע מאָל, האָב איך געזען מיינע עלטערן אין פֿרילינג 1939. זיי זענען פֿאַרבליבן אַליין. דער שרייבער פֿון די שורות האָט געוווינט אין פּלאָצק, מיין אומגעקומענער ברודער יעקב־אריה איז געווען אין מיליטער. דער יינגסטער ברודער דוב (בערעק) איז געווען אין פּלאָצק, ער האָט דאָרט שטודירט. (היינט לעבט ער אין אַמעריקע). דער טאַטע איז געווען ערנסט קראַנק, איז געלעגן צו־בעט. ער האָט זיך שטאַרק געענדערט. די געלע פּעדים פֿון דער באָרד זענען געוואָרן זילבערדיק. זיינע אויגן האָבן געבליקט מיט טרויער. ס'האָט מיך דערדריקט, מ'האָט אויסגעמיטן צו רעדן, אָבער אין האַרצן האָט יעדער געפֿילט, אַז עס גרייט זיך אַ שרעקלעך אומגליק, די פֿליגל פֿון טויט־שרעק האָבן געפֿאָכעט אין דער לופֿט.

ס'איז געווען פֿרייטיק פֿאַר ליכט־צינדן. דער טיש איז געווען געגרייט שבתדיק. דער הויכער זילבערנער קאַנדעלאַבער מיט די פֿינף ליכט איז

געשטאַנען אויפן טיש. ער איז אָפּגעהיט געוואָרן פון מלחמות און ראַ־
בירן יידיש האָב און גוטס... דער טאַטע האָט גערעדט פון בעט־אַרויס:

— רוחטשע, ס'איז צייט צו בענטשן ליכט.

די מאַמע האָט פאַרשפרייט אַ ווייס טיכל אויפן קאָפּ. אַ טרויער האָט איינגעהילט אירע פאַרטרערטע אויגן. זי האָט אָנגעצונדן די פינף ליכט, שטיל מיט אַ ציטער געמאַכט די ברכה, אַרומגענומען די ברענענ־דיקע ליכט וואָס האָבן געפלעמלט, פאַרשטעלט מיט די הענט דאָס פנים... געשטיקט זיך מיט טרערן, די מאַגערע פּלייצע האָט לייכט אונטערגעציטערט און שטיל געבעטן: „פאָטער ליכטיקער אין הימל, שיק צו אַ געזונטהייט און אַ רפואה פאַר מיין טייערן מאַן... היט אויס, מיינע טייערע קינדער, וואָס האָבן מיך פאַרלאָזט און זענען צעשפּרייט איבער דער וועלט. היט אָפּ מיין קינד, וואָס געפינט זיך אין פרעמדע הענט. אין זכות פון הייליקן שבת, פאַרהיט אים פון רשעים, וואָס באַ־גערן אונז אומצוברענגען. זאָלן דיינע מלאכים אונז אָפּהיטן פון שלעכטס, טאַטע אין הימל! פאַרנעם דאָס געבעט פון אַ יידישער טאָכטער. אמן!".

מער האָב איך מיינע טאַטע־מאַמע נישט געזען. דאָס געבעט פון אונזערע טייערע, הייליקע מאַמעס האָט דער באַשעפער נישט אויפגע־נומען, נישט דערהערט, און אויך נישט פון אונזערע קדושים. די הימלען זענען געווען פאַרשלאָסן, געשוויגן, זיך צוגעקוקט, וואָס מען האָט אָפּ־געטון דעם יידישן פאָלק.

זאָלן מיינע בלעטלעך בלייבן ווי אַ הייליקער אָנדענק נאָך זיי, נאָך מיין חרוב געוואָרענער היים, נאָך די אומגעבראַכטע יידישע קהילות.

## דער חלום וועגן אונזער טאַטן אין 1945

אין פרילינג 1946 האָב איך געטראָפן מיין ברודער בערעק (דוב). ער איינער איז מיר לעבן־געבליבן פון אונזער גאַנצער משפחה. איך האָב זיך דאַן געפונען אין פרייען־לאַגער פון פערנוואַלד, אויסגעהאַלטן פון דער „אונראַ״, אונטער דער קאָנטראָל פון דער אַמעריקאַנער מילי־טערישער מאַכט. דער לאַגער איז געווען נישט ווייט פון מינכען. אויף אָט דער בייערישער פאַרשאָלטענער ערד, איז אין אַ ביר־קעלער, אין מינכען, אין די צוואַנציקער יאָרן, געבוירן געוואָרן די שרעקלעכע היטלערישע חיה, וואָס האָט געבראַכט אונזער גרויסן חורבן און אומ־געבראַכט אַ דריטל פון אונזער פאָלק.

דער לאַגער פערנוואַלד איז געווען אין אַן אויסגעהאַקטן וואַלד. די באַראַקן זענען מלחמה־צייט באַווינט געווען פון דייטשן מיליטער. אין דעם וואַלד האָבן זיך געפונען אונטערערדישע טונעלן, צו פאַרשטעקן מיליטערישע סודות. דאָס האָט מיר פאַרטרוילעך דערציילט דער קאָמאַנ־דאַנט פון לאַגער, אַ סימפּאַטישער מענטש, אַ פאַרביסענער אַנטי־נאַצי. מיר האָבן זיך באַפריינדעט.

ווי אַזוי האָב איך זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט מיין ברודער, וואָס האָט על פּי נס איבערגעלעבט די גיהנום־יאָרן? ווי אַזוי איבערגעבן דעם האַרץ־צאַפּל פון צוויי צוריקגעפונענע ברידער? מיר זענען זיך געפאַלן אין די אָרעמס און אַ שטראָם טרערן האָט אונז באַוואַשן. ווי אַזוי דערציילן וועגן ווייטיק, וואָס אונזערע עלטערן זענען פאַרשניטן געוואָרן? אונזערע געשרייען האָבן אויפגעטרייסלט די אָרומיקע שטילקייט. דער־נאָך, ווען מיר האָבן זיך באַרואיקט, זענען מיר געזעסן און אויסדער־ציילט זיך ווי ס'האָט אויסגעזען אונזער פינצטער לעבן ביז דער באַ־פרייאונג.

דער ברודער האָט מיר דערציילט וועגן אַ חלום, וואָס ער האָט געהאַט אין זומער 1944, וועגן טאַטן:

— איך האָב זיך דאַן געפונען אין „בונאַ”, ביי אוישוויץ. נאָך אַ שווערן טאָג פּראַצע, איז מיר צוגעטיילט געוואָרן די מאָגערע פּאָרציע ברויט. אין איין אויגנבליק האָב איך עס איינגעשלונגען, און בין אַוועק־געפאַלן אויף דער פּריטשע. פון שוואַכקייט, האָבן זיך די אויגן געשלאָסן און כ'בין געזונקען אין אַ טיפן שלאָף. אַ חלום האָט פאַרנעפּלט מיין מוח. דער טאַטע האָט זיך באַוויזן פאַר מיר, אָנגעטון אין די שבתדיקע מלבושים. די צוויי שפּיצן באָרד צעקעמט, די גאָלדענע ברילן האָבן גע־פינקלט. אַ שמייכל איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיין ליכטיק פּנים. אַ זיסע וואַרעמקייט האָט אָנגעפילט מיין אויסגעטרוקנטן גוף. מיט ציטער־דיקע הענט האָב איך אים אַרומגענומען און אויסגעשריגן: טאַטע! די סכנה איז גרויס! די דייטשן גרייטן זיך אונז אַלע אומצוברענגען! האָט דער טאַטע אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אַקסל, זיינע בלוי־שטאָ־לערנע אויגן האָבן געבליקט אין דער ווייט און ער האָט מיר געזאָגט מיט אַ קלאָרער שטימע: „האָב נישט קיין מורא, מיין קינד! כ'וועל דיך היטן!” אין אַ ווײַלע אַרום זאָג איך: טאַטע, דו ווייסט, מיין מיידל געפינט זיך מיט מיר צוזאַמען אין לאַגער. ענטפערט דער טאַטע מיט דער זעלבער קלאָרער שטימע: „דיין מיידל וועל איך אויך אָפּהיטן!”...

נאָך די ווערטער, איז ער פאַרשוואונדן, דער חלום איז אויסגערונען און איך בין אויפגעקומען. מיין האַרץ האָט הויך געשלאָגן. כ'בין שוין די נאַכט מער נישט געשלאָפן. אין די לעצטע חדשים האָב איך פיל מאָל געזען דעם טויט פאַר די אויגן. די נביאישע ווערטער אין חלום פון אונזער טייערן פאָטער זענען מיר נאָכגעגאַנגען, ווי אויסגעברענט מיט פייער.

ווען כ'דערצייל איצט וועגן חלום פון מיין ברודער, גייט מיר אַדורך אַ שוידער, די אויגן ווערן פייכט און כ'פאַרטראַכט זיך: אונזער פאָטער וואָלט מעגלעך אויך אָפּגעהיט זיין זון יעקב־אריה, נאָר אונזער אומגליקלעכער ברודער האָט אפשר נישט געטראַכט, וואָס אונזערע חכמים האָבן געזאָגט און געוואָרנט: ושמרתם את נפשותיכם.

די ווערטער זענען געזאָגט געוואָרן אויף אַלע צייטן, ווו מיר זאָלן זיך נישט געפינען.

# שלום סאָקאָלאָווסקי

שלום סאָקאָלאָווסקי, דער זון פון ר׳ זלמן־משה דיין, איז געבוירן געוואָרן אין סטשעגאָווא. ער איז יונג געקומען קיין גלינאָוויעצק ווו זיין פאָטער איז געווען „שרייבער" אין די גרויסע וועלדער פון דער געגנט, אין די 80־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט.

גאַנצע טעג איז ר׳ זלמן־משה אין אַ כאַלאַטל, שטיוול מיט קורצע כאָלעוועס, די לאַנגע באָרד צעפלאָשעט פון די ווינטן, צווישן די אונ־טערגעזעגטע ביימער, געשפאַנט איבער די לאַנגע קלעצער, געמאָסטן, געצייכנט, געגעבן באַפעלן צו די אַרבעטער, פאַרשריבן, און צוריק אומ־קערט זיך אין זיין ביידל, איבער די רעכן־ביכער. ווען די נאַכט איז אַראָפּגעפאַלן און דער אַלטער וואַלד מיט די צווילינגס־ביימער, די צע־צוויגטע דעמבעס זענען געשטאַנען שטום, געוויגט זייערע קרוינען אין דער פינצטערניש, האָט אין דער הילצערנער געביידע אין אויסגעהאַקטן שטיקל וואַלד, אין פענצטער פון דער קאַנצעלאַריע אַרויסגעשיינט דער בליץ־לאָמפּ.

אין דער טיפקייט פון וואַלד האָבן געשוועבט געהיימע שאָטנס. איינגעהילט אין סודותדיקע וואַלדיקע אָרעמס, איז ר׳ זלמן־משה געזעסן און געלערנט, ביז שפּעט נאָך חצות. אין די שפּעטערע יאָרן באַקומען סמיכות אויף רבנות, אָבער קיין רב איז ער נישט געוואָרן, באַקומען דעם טיטל דיין און אים געטראָגן ס׳גאַנצע לעבן.

דער זון זיינער, שלום, האָט געלערנט ביי מלמדים, און ווען ער איז אונטערגעוואָקסן — ביי זיין פאָטער. ער האָט פאַרענדיקט די דאָרפי־שע עלעמענטאַרע־שול, גענומען לעקציעס ביי רעגינאַ שטראָמף, דעם פעלדשערס עלטסטע טאָכטער. זי האָט שטודירט יוריספּרודענץ אויפן וואַרשעווער אוניווערזיטעט. שלום האָט פאַרמאָגט אַ שאַרפן קאָפּ, גע־

קענט גוט לערנען, און אויך געהאַט קענטעניש אין וועלטלעכע לימודים, אָבער ער האָט די לימודים געמוזט איבעררייסן, ווייל זיין פאָטער איז נישט געווען פאַרמעגלעך.

ווייניק האָבן געוווסט, אַז שלום סאָקאָלאָווסקי האָט אין זיינע יונגע יאָרן אין גלינאָוויעצק, איבערגעלעבט אַ שיינעם ראָמאַן. דער זיידע מיינער יוסף־הערש מאָשקאָוויטש, האָט צו יענער צייט אויסגעגעבן זיין יינגסטן זון, מרדכי. ער האָט גענומען אַ טאָכטער פון פלאָצק, פון דער משפחה קיטאַי, זי האָט זיך גערופן רחל־לאה. געבליבן נאָך זיי איז דאָס מוזיניקל.

די מומע מינדל, אַ שיינע פון מיטעלן וווקס, מיט אַ וואַלד שוואַרצע האָר, גרויסע קאַרשן־אויגן, אַ געשניצט מויל, אַ שיין־געטאָקט נעזל. שלום האָט געוווינט בשכנות מיטן זיידן, איז אָפט אַריינגעקומען צו אים אין הויז, געחברט זיך מיטן פעטער מרדכי און האָט געאַרבעט אין דער בעקעריי. שלום איז געווען אַ שיינער בחור; יעדן טאָג האָט ער זיך געטראָפן אויג אויף אויג מיט די מומע מינדל — דאָס בלוט רינט הייסער אין די אָדערן, ווען מען געפינט זיך אויף דער שויס פון דער נאַטור— די בלוטן צעשפּילן זיך און שפּאַרן מיט זייער יוגנט־קראָפט... מען האָט זיך פאַרליבט. און ווי אַלע פאַרליבטע, איז מען גליקלעך. מען זוכט אַ געלעגנהייט צו טרעפן זיך, די אויגן רעדן, זיי דערציילן... ווי אַ שטיל פליסטערן פון אַ וואַסער־קוואַל, זענען די טעג — און די נעכט? אין די שיינע זומער־נעכט, בויט מען אילוזאָרישע פּאַלאַצן און מען חלומט. ביז איינמאָל, אין אַ זומער־נאַכט, איז אַדורכגעלאָפן אַ שוואַרצע קאַץ. די מומע מינדל איז געווען אַ גוטע נשמה, נאָר אַ נערוועאישע. צוליב קלייניקייטן, האָט זי זיך געקענט צעבייזערן, מאַכן גאַנצע טראַ־געדיעס. מ׳איז געוואָרן ברוגז. די אַמביציעס האָבן זיך צעשפּילט און מ׳האָט זיך דערווייטערט איינס פון אַנדערן, כאָטש זיי האָבןביידע שטאַרק געליטן.

האָט דער פעטער וואָווע פון פלינצק אָנגעהויבן צוצושטיין מיט שידוכים. אין דער צייט איז אַמאָל דורכגעפאָרן גלינאָוויעצק דער פּע־טער שיע לאַזענסקי. ער איז אויך געווען אַ שיינער מאַן — האָט די מומע מינדל אַ ווײַלע פאַרגעסן אין שלומען, און איינגעשטימט חתונה צו האָבן מיט דעם פעטער שיע.

דאָס איז געווען אין 1917. שלום האָט פון דעמאָלט אָן דאָס שטאַרק איבערגעלעבט, מעגלעך — אַז די מומע מינדל אויך — אָבער די צייט פאַרהיילט אַלע ווונדן.

דאָס האָט מיר געהאַט דערציילט מיין מאַמע, זאָגנדיק מיר דער־ביי, דאָס וואָס דו הערסט, מיין קינד, זאָל ווייטער נישט גיין — פאַר איר האָט זיך די מומע מינדל פאַרטרויט: „אַזויפיל יאָרן האָב איך געהאַלטן דעם סוד — אַצינד גלויב איך קען איך אים אַנטפּלעקן"...

ווען שלום וואָלט געוווינט אין וואַרשע, למשל, וואָלט ער מיט זיין שאַרפן קאָפּ און איינגעבוירענער אינטעליגענץ, געקענט ווייט דער־גרייכן. אָנהויב צוואַנציקער יאָרן האָט ער חתונה געהאַט מיט דער מומע רחל. זיי האָבן געוווינט דאָס דריטע הויז פון אונז, אין אַ שמאָל, לאַנג פּאַרטער־הייזל מיט אַ גרויסן הויף אַרום. זיינע שטיף קינדער האָבן באַמיסטיקט, צעאַקערט דאָס שטיקל באָדן אַרום הויז, פאַרזייט אַ ביסל גרינוואַרג. ער האָט געהאַט אַ קאָלאָניאַל־געווועלבל, צוזאַמען מיט שניט־סחורה, געווען אויך אַן אַגענט פון זינגערס ניי־מאַשינען. פון געווועלבל, האָט געפירט אין דער גרויסער קיך, און דורך אַ שמאָל אַלקערל אין שלאָף־צימער. דאָס געווועלבל האָט זיך געפונען אויף דער איינציקער שטעטלדיקער גאַס, אַרויפצוגיין אויף דריי שטיגלעך.

אויף אָט די שטיגלעך, זענען מיר, קינדער, מיינע קוזינעס חוה און מחלה אָפט געזעסן, אויסגעטראַכט, קינדעריש אויספאַנטאַזירט, אונ־זערע שטיפערייען אונטער די שטילע הימלען. נישט איינמאָל האָט די גוטמוטיקע מומע רחל זיך צעבייזערט: און פון דער קיך האָבן זיך געטראָגן קולות, „וואָס איז דאָס געזיצעריי דאָרט? עטץ לאָזט דאָך נישט אַריינקומען קיין קונים!"... ביזן היינטיקן טאָג טראָג איך עס אין מיין זכרון, ווי אַ שיין ווינקל פון מיינע פאַרלאָפענע קינדער־יאָרן.

ווען שלום האָט נאָר אַ פרייע צייט געהאַט איז ער געזעסן פאַר־טיפט אין אַ ספר, געגלעט דאָס קורצע צוגעשוירענע בערדל, און גע־קנייטשט דעם הויכן למדישן שטערן. ער איז געווען אַן עקסטרעמער גערער חסיד, און מיט יאָרן שפעטער, אונטערן איינפלוס פון מיין פאָטער — געוואָרן אַ ראַדזימינער חסיד.

אין די דרייסיקער יאָרן האָט פּאַסירט אַ געשיכטע וואָס איז ברייט

קאָמענטירט געוואָרן אין גלינאָוויעצק. שלום האָט באַשלאָסן אַליין אויפֿ־צובויען אַ בעקעריי. איין וואַנט האָט זיך געגרענעצט מיט דער שפּייכ־לער־וואַנט פֿון אונזער הויף, די צווייטע — מיט צוויי קריסטלעכע שכנים. ווען די אַרבעט איז שוין געווען אין פֿולן ברען, האָבן די אויפֿ־געהעצט שכנים אינטערווענירט ביי דער אַדמיניסטראַציע אין טשעכאָ־נאָוו, אָפּצוהאַלטן די אַרבעט, און ס'איז פֿאַרווערט געוואָרן ווייטער צו בויען. דאָס איז געווען פֿאַר שלומען, פּשוט אַ קאַטאַסטראָפֿע.

וואָס טוט אַ ייד, אַ חסיד? מען פֿאָרט צום ראַדזימינער רבין. ס'איז געווען אין מיטן זומער. ווי יעדעס יאָר, איז דער רבי געפֿאָרן אין די הייל־בעדער, קיין באַדען־באַדען. איז שלום געפֿאָרן אַהין צום גערער רבין. שפּעט אין אָוונט האָט דער שמש גערופֿן, שלום גלינאָ־וויעצקער דער רבי וואַרט אויף דיר — דער גערער רבי האָט אַ בליק געטון אין קוויטל, זיך אויסגעפֿרעגט, און אַן אויפֿגעהייטערטער געזאָגט:

— זאָרג נישט! ס'וועט אַלץ זיין בשלום. השי"ת וועט העלפֿן פֿאַר אַ היים געזונטערהייט...

אין אַ קורצער צייט אַרום זענען ביידע גוישע שכנים פּלוצים קראַנק געוואָרן. דער דאָקטער האָט נישט געקענט פֿעסטשטעלן וואָס זיי איז. אין אַ פּאָר חדשים אַרום זענען ביידע געשטאָרבן. און דעמאָלט איז אָומ־געשטערט פֿאַרענדיקט געוואָרן דאָס בויען די בעקעריי.

שלום האָט געהאַט אַ פֿריינד, אַ פּאָלאַק, געמביצקי. אַ זייער אינטע־ליגענטער מענטש. אין דער לעצטער „דומע" — דער פּאַרלאַמענט, וואָס דער קיסר ניקאָלאַי האָט געגעבן דעם לאַנד נאָכן 1905־טן יאָר — איז ער געווילט געוואָרן אַלס דעפּוטאַט. די „דומע", ווי באַקאַנט, האָט גע־האַט באַגרענעצטע רעכט. דאָס האָט דער קיסר צוגעוואָרפֿן די פֿעלקער אין רוסלאַנד, אונטערן דרוק פֿון רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין לאַנד. געמביצקי איז געווען העכער פֿון מיטעלן וווקס, געטראָגן בינאָקלען הויך אַרויפֿגערוקט אויף דער נאָז, העל־בלויע אויגן, שלאַנקעצקע וואָנ־סעס. ער איז געווען געקליידעט נעט, שפּאַצירט איבער די געסלעך פֿון גלינאָוויעצק מיט געמאָסטענע טריט, אַ שטעקעלע אין דער האַנט. ער איז אָפֿט אַריינגעקומען צו דער מומע רחל אין געוועלבל און אַריינגע־צויגן שלומען אין געשפּרעכן, אין דיסקוסיעס, וועגן אַקטועלע פּאָליטישע ענינים, טיילמאָל ביז שפּעט אין אָוונט. געמביצקי איז געווען אַ ליבעראַל,

גראַד און ערלעך. אין זיינע אויפפאַסונגען, אָנגעהויכט פון סאָציאַליזם, איז ער געווען אַ גרויסער יידן־פריינד.

מיין טאַטע און שלום זענען, חוץ די משפחה־פעדעם, געווען שטאַרקע ידידים, יעדן טאָג זיך געטראָפן. ווען כ'בין געווען אַ בר־מצוה־בחור, געדענק איך, איז שלום קראַנק געוואָרן. ס'איז געווען אַ נערוון־קראַנקהייט, און מיין פאָטער האָט פאַרברענגט ביי אים גאַנצע טעג, צו שטאַרקן אים מאָראַליש. פון דער קראַנקהייט איז אים פאַרבליבן אַ טיפער אָטעמזיפץ, אַ מין קרעכץ: „אוי!" כאָטש ער איז געווען אַ גרויסער מאמין, איז ער נישט געווען פאַנאַטיש. ס'איז מיר אַמאָל אויסגעקומען צו דיסקוטירן מיט אים. ס'איז געווען אין אַ שבת, נאָכן דאַווענען. דאָס איז שוין געווען אין די אָנהייב צוואַנציקער יאָרן. פוילן האָט זיך דאַן געגרייט צו נייע סיים־וואַלן. אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן האָבן זיך פאַראייניקט, אַנטקעגנצושטעלן זיך דער כיטרער, ניי־צוגעשניטענער וואַל־אָרדינאַציע. מיר האָבן אַנאַליזירט די סיטואַציע, גערופן אין בית מדרש צום עולם מען זאָל שטימען פאַר דער געאייניקטער ליסטע פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס זענען געווען פאַראייניקט, אַ חוץ די אָרטאָדאָקסישע קרייזן מיט די גערער חסידים בראש.

אין די לעצטע יאָרן, ווען די גלינאָוויעצקער יידן האָבן מיט אייגענע כוחות אויפגעבויט אַ בית־מדרשל, איז שלום געווען דער ממלא מקום פון זיין פאָטער, דעם דיין ר'זלמן־משה. ער איז אויך געווען בעל־קורא, אַמאָל, שבת און יום־טוב געהאַלטן אַ דרשה פאַר דער קליינער עדה, דערציילט די וווּנדערלעכע מעשיות פון די רבישע הויפן אין פוילן, פונאַנדערגעבלאָזן דעם פונק פון אמונה און בטחון אין דער השגחה. דערציילט וועגן דעם פירעכץ פון פּשיסכער הויף, ווו זיין פאָטער איז אָפט געפאָרן אין די יונגע יאָרן, געווען אַ הייסער חסיד. די צוזאַמענטרעפן פון די גלינאָוויעצקער יידן אין דעם בית־מדרשל, האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון. ס'דריקט אַ צער אין האַרצן פאַר די אַלע טייערע יידן, וואָס זענען דערנאָך אַזוי אכזריותדיק פאַרשניטן געוואָרן.

עס דערמאָנט זיך מיר דער בין־השמשות, ווען שלום איז געשטאַנען פאַר דער קליינער עדה יידן און דערציילט זיי אַ חסידישע מעשה: ס'איז שבת אין אַ זומערדיקן טאָג. מ'האָט פאַרענדיקט מנחה־דאַווענען. דער עולם האָט זיך צעזעצט אויף די בענק, געשמועסט דערווייל וועגן

היימישע נייעסן. מען קען נישט פאַרגעסן יענע הערלעכע בין־השמשותן, פון בין קודש לחול. די יידן זענען געזעסן אין אַ סטאַישע שטילקייט, איינ־געהילט אין אָוונטיקע שאָטנס. ס'איז געווען כמעט פינצטער, נאָר דורך די קליינע קאַלירטע שויבן, האָט זיך נאָך געהעלט דער דרויסן. עס האָט אויסגעזען אַזוי שיין, מיסטיש, מען האָט זיך געפילט אין אַ שע־נערער סודותפולער וועלט... משה קאהן רופט זיך אָפּ:

— נו, מ'וועט זיך אפשר שטעלן דאַווענען מעריב? עס שטייען שוין שטערן אויפן הימל.

— וואָס איילסטו זיך משה? — זאָגט מיין פאָטער — קיין מסחר ווערסטו היינט נישט מאַכן.

— ניין, ר' שמעון. ווער טראַכט איצט וועגן מסחרים?

שלום סאָקאָלאָווסקי רופט זיך אָפּ:

— ס'דערמאָנט זיך מיר אַ מעשה, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן ביים קאָזשעניצער מגיד ז"ל. אויב איר ווילט, וועל איך אייך דערציילן.

— דערציילט! — האָבן זיך אַלע אָפּגערופן.

שלום איז צוגעגאַנגען צום שולחן. די יידן האָבן זיך אַנידערגעזעצט אויף די בענק. דער שיין פון פאַרנאַכטיקן אָוונט, איז שוואַך אריינגע־דרונגען דורך די קליינע קאָלירטע שויבן־פענצטער.

אַן איינציקע זומערדיקע גרויסע פליג, האָט זיך אָפּגעריסן פון סופיט, אַ זשום געגעבן און פאַרשטומט געוואָרן. די זיצנדיקע יידן האָבן אַריינגעצויגן די קעפּ אין די אַקסלען, זיי זענען ווי קלענער געוואָרן. זייערע בליקן האָבן זיי אָנגעשפּיצט אויף שלומען. אַ מאָדנע זיסע שטילקייט האָט זיך צעלייגט אין קליינעם בית־מדרשל. שלום האָט אָנ־געשפּאַרט די עלנבויגנס אויפן שולחן, אַ גלעט געגעבן דאָס בלאָנד־געלע קורצע בערדל, לייכט אָפּגעהוסט און אָנגעהויבן דערציילן:

די מעשה האָט מיר דערציילט מיין פאָטער ז"ל דער גלינאָוויעצקער דיין, ווען כ'בין יונג געווען און ביי אים געלערנט. ס'איז אַ מעשה־נורא פון הייליקן צדיק דעם קאָזשעניצער מגיד ז"ל. חסידים האָבן דערציילט: איידער דער רבי אלימלך פון לוזשענסק איז נסתלק געוואָרן, האָט ער אײַנגעטיילט די אברים פון זיין גוף צווישן זיינע תלמידים. דעם רבין ר' מענדעלע פון רומענאָוו, האָט ער געגעבן די נשמה; דעם רבין ר'

אברהם יהושע העשיל פון אַפּט, האָט ער געגעבן דעם כוח פון זיין מויל; דעם חוזה פון לובלין, ר׳ יעקב יצחק האָראָוויץ זיינע אויגן; און דעם רבין ר׳ ישראל דעם קאָזשעניצער מגיד, האָט ער געגעבן זיין האַרץ...

דער מגיד איז געווען קליין און אויסגעדאַרט פון פאַסטן און פּייניקן זיין גוף. זיינע פיס זענען געווען אַזוי דין ווי ביי אַ שעפּס. זיינע ליכ־טיקע הימלישע אויגן האָבן תמיד געשמייכלט. אַ לאַנגע באָרד האָט אַרומגענומען זיין איידל פּנים. אָבער זיין אויסגעדאַרטער גוף איז געווען — בלויז האַרץ — אהבת־ד׳ און אהבת־ישראל. אַ שם דבר איז געווען זיין דאַוונען, אַ גאַנצע עבודה. ער איז אויך געווען אַ גרויסער בעל־מנגן און ליב געהאַט צו זינגען.

די חסידים האָבן דערציילט: דאָס געלט וואָס ער האָט באַקומען פון די פּידיונות האָט ער צעטיילט די אָרעמעלייט; ווען עס איז אין יאָר תקל״ח אויסגעבראָכן די גרויסע שרפה אין קאָזשעניץ, און די גאַנצע שטאָט איז פאַרברענט געוואָרן, האָט דער קאָזשעניצער מגיד אויפגעבויט אַ גאַנצע גאַס מיט הייזער און זיי אָוועקגעגעבן די אָרעמעלייט. אָבער זיין אייגן הויז איז געווען אַ קליינס מיט דריי צימערלעך.

— ווען שלום האָט לייכט אָפּגעאָטעמט, איז דאָס קליינע בית־מדרשל שוין געווען איינגעהילט אין פינצטערניש. דורך די קליינע שייבלעך האָט זיך קוים געוויזן שלומס געשטאַלט, ער האָט זיך צוגעשאָקלט און ווייטער דערציילט:

— עס ווערט געברענגט אַז דער קאָזשעניצער מגיד איז געבוירן געוואָרן מיטן כוח פון אַ ברכה. זיין פאָטער האָט געהייסן ר׳ שבתי, ער איז געווען אַן איינבינדער. אַ פּשוטער ערלעכער ייד, פון זיין מלאכה האָט ער געלעבט בדוחק. אַזוי זענען די יאָרן פאַרגאַנגען און דעם איינבינדערס ווייב האָט אים קיין קינד געבוירן. דאָס איז געווען אין דער צייט, פון הייליקן ר׳ ישראל בעל־שם־טוב.

— איינמאָל פרייטיק צו־נאַכט ביי דער סעודה ווען ער איז געזעסן צוזאַמען מיט זיינע נאָענטע תלמידים, האָבן זיי באַמערקט ווי דער בעל־שם־טוב איז שטאַרק פאַרמוּחט. אין אַ צייט אַרום האָט זיין פּנים אויפ־געשיינט פאַר שמחה, און צום סוף זיך צעלאַכט אויפן קול. די תלמידים האָבן זיך פאַרחידושט און נישט געקענט פאַרשטיין: דאָ איז דער רבי

פאַרקלערט, און פלוצלונג צעלאַכט ער זיך. אָבער ווער ווער וועט וואַגן פרעגן דעם בעל־שם־טוב ?

שבת־צו־נאַכט נאָך הבדלה איז דער הייליקער צדיק געווען גאָר אויפגעלייגט. זיין פנים איז געווען צעלויכטן, ער האָט פאַרויכערט זיין ליולקע־ציבוק. ווען זיין נאָענטסטער תלמיד ר׳ וואָלף האָט געזען די שמחה פון בעל־שם־טוב, איז ער צוגעגאַנגען און אים געפרעגט פאַר־וואָס ער האָט הילכיק געלאַכט. דער בעל־שם־טוב האָט אים גאָרנישט געענטפערט, נאָר געהייסן גלייך איינשפּאַנען די פערד און מיט אים מיטפאָרן. אַזוי זענען זיי בײַדע געפאָרן אַ גאַנצע נאַכט. דער תלמיד זיינער ר׳ וואָלף האָט נישט געוווסט ווו מען פאָרט. אין דער פרי איז מען אָנגעקומען נאָך אַפּט. אָפּגערוט זיך פון דער נסיעה, האָט דער בעל־שם־טוב געהייסן רופן צו זיך ר׳ שבתי איינבינדער און אים געזאָגט בזה־הלשון :

— דערצייל אַלץ וואָס עס האָט זיך מיט דיר פאַרלאָפן פרייטיק צו־נאַכט.

— און ר׳שבתי האָט דערציילט :

— אַלע מיינע יאָרן בין איך זיך מפרנס בדוחק, פון מיין איינבינדעריי. איך בין זיך נוהג ערב־שבת צו ענדיקן מיין אַרבעט פרי, און צו גיין אין בית־המדרש. כ׳בין מעבר די סדרה. דערנאָך גיי איך אין מקווה. פון מקווה גלייך אַ היים. איך טו אָן די שבתדיקע מלבושים, און גיי אין בית־המדרש דאַווענען. נאָך קבלת שבת, אין שטוב זאָג איך „שלום עליכם״, מאַך קידוש, און ביים טיש זינג איך זמירות ביז שפּעט אין דער נאַכט. אָבער אין דער לעצטער צייט, האָט זיך דאָס רעדל איבערגעדרייט — איך בין שוין אַלט און האָב שוין מער קיין כוח צו אַרבעטן אַ סך, דער־פאַר פאַרדין איך ווייניק.

— און וואָס איז געווען דעם לעצטן שבת ? — האָט דער בעל־שם־טוב געפרעגט.

— דעם לעצטן שבת איז אַזוי געווען האָט געענטפערט ר׳ שבתי :

— עס איז פרייטיק, איך גיב אַ קוק נישטאָ קיין פּרוטה צו געבן מיין ווייב אָנצוגרייטן אויף שבת, נישט אפילו צו קויפן קיין ליכט. איך האָב אָבער קיינמאָל ביי קיינעם נישט גענומען קיין געלט. האָב איך ביי

זיך אָפּגעמאַכט צו פאַסטן גאַנץ שבת און צו זיצן אין דער פינצטער. אויך מיין ווייב האָט מיר צוגעזאָגט ביי קיינעם נישט צו באָרגן קיין געלט אויף שבת.

— איך בין געגאַנגען ערב שבת אין בית־המדרש ווי תמיד. מעבר געווען די סדרה, דערנאָך אַוועק אין מקווה, און אין די שבתדיקע מלבו־שים אַוועק צו קבלת־שבת. איך האָב געוואַרט ביז אַלע בעלי־בתים האָבן פאַרלאָזט דעם בית־המדרש. איך בין דערנאָך אַהיימגעגאַנגען אַ טרויערי־קער מיט דער דעה גלייך זיך לייגן שלאָפן, נישט צו האָבן דעם צער פון דעם פאַרשטערטן שבת. אָבער ווען איך בין געקומען פאַר מיין הויז, האָב איך פלוצלונג באַמערקט ווי אַ גרויס ליכט שיינט אין מיין שטוב. ווען איך בין אַריין, בין איך געוואָרן שטאַרק איבעראַשט. איך האָב דערזען, דער טיש איז געדעקט מיט אַ שבתדיקן טישטוך, אויפן טיש איז אָנגעשטעלט פון כל טוב — וויין, פיש, פלייש און פירות.

איך האָב נישט געוואָלט פרעגן מיין ווייב, פּערל, פון וואַנען זי האָט גענומען געלט אָנצוגרייטן די אַלע גוטע זאַכן. איך האָב אָנגעהויבן צו זאָגן „שלום עליכם" מיט גרויס שמחה און געמאַכט קידוש.

אינמיטן דער סעודה דערציילט מיר מיין ווייב, ווען זי האָט אויפ־געררוימט די שטוב אויף שבת, אַזוי ווי יעדע וואָך, כאָטש זי האָט גוט געוווּסט אַז דער שבת וועט זיין אַ פאַרשטערטער, אין דעם זעט זי ווי עס שיינט עפּעס פון אונטער דעם בעט. האָט זי זיך אַרונטערגעבויגן און זי שלעפּט אַרויס אַן אַלטן קאַפּטן, אויף אים זענען געווען אָנגענייט גאָלדענע און זילבערנע קנעפּ.

זי איז געוואָרן צעטומלט פון וואַנען קומט דאָס צו איר ? דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרק פאַר פרייד, אָבער עס איז נישט די צייט איצט צו טראַכטן, דער שבת קלאַפּט שוין באַלד ביי דער טיר. איז זי אַוועק אין מאַרק, פאַרקויפט די קנעפּ און פאַר דעם געלט איינגעקויפט די אַלע גוטע זאַכן.

ווען איך האָב דערהערט ווי אַזוי מיין ווייב האָט גענומען געלט אויף שבת, זי האָט חס ושלום ביי קיינעם נישט געבאָרגט, נאָר געזען אַז דער רבונו של עולם האָט אונז געהאָלפן, מיר זאָלן נישט האָבן קיין פאַרשטערטן שבת, האָב איך פאַר שמחה גענומען מיין ווייב און מיט איר אָנגעהויבן טאַנצן אַרום דעם טיש...

— ווען ר׳ ישראל בעל־שם־טוב האָט אויסגעהערט די מעשה, האָט ער געזאָגט צו ר׳ שבתי איינבינדער:

— אַזוי ווי דו האָסט געטאַנצט פאַר שמחה מיט דיין ווייב — האָט די גאַנצע פמליא של מעלה מיט אייך מיטגעטאַנצט — און איצט ווייסטו שוין — האָט דער בעל־שם־טוב געזאָגט צו זיין תלמיד ר׳ וואָלף קיצעס פאַרוואָס איך האָב פריייטיק צו־נאַכט ביים טיש געלאַכט? — אין אַלע הימלען האָט מען געלאַכט פאַר שמחה.

— אַ ווײַלע איז געווען שטיל אין דער אכסניה — דערנאָך רופט זיך אָפּ דער בעל־שם־טוב צו ר׳ שבתי איינבינדער:

— זאָג מיר וואָס איז דיין בקשה — וועל איך פאַר דיר אַלץ טון.

— האָט דער אַלטער ר׳ שבתי געבעטן — נאָר אַז ער זאָל געהאָלפן ווערן מיט אַ בן־זכר.

האָט אים דער בעל־שם־טוב אָנגעוווּנטשן אַז ער וועט געהאָלפן ווערן. צום יאָר האָט זיין ווייב אים געבוירן אַ יינגעלע און דאָס איז געווען ר׳ ישראל דער קאָזשעניצער מגיד. זכותו יגן עלינו האָט ר׳ שלום פאַרענדיקט די מעשה, וואָס דער עולם, האָט אויסגעהערט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

די גלינאָוויעצקער יידן האָבן זיך אויפגעשטעלט פון די בענק. ביים עמוד האָט מען אָנגעצונדן צוויי קליינע ליכטלעך, די פלעמלעך האָבן זיך אויפגעכאַפּט — זיי האָבן זיך צעשאָקלט ווי די דאַווענענדיקע יידן אין קליינעם בית־מדרשל ביי די תפילה פון מעריב.

# די עלטער - באָבע גיטעלע

פיל צענדליקער יאָרן זענען שוין פאַרביי זינט דעמאָלט, און דאָס געשטאַלט פון דער עלטער־באָבע גיטעלע שטייט מיר נאָך אַלץ פאַר די אויגן. זעקס יאָר בין איך אַלט געווען, ווען זי איז געשטאָרבן. זי איז געווען די גוטסקייט אַליין. ס'איז אַ נאַרמאַלע זאַך, ווען מען קומט אין דעם טיפן עלטער ווי זי איז געווען, זי האָט געהאַט אַריבערגעשפּאַנט איבער הונדערט מיט צען יאָר, ווערט מען קאַפּריזנע, קינדעריש, קראַנק, מען הוסט און מען ווערט אומנוצלעך, איבעריק. ווי האָבן געזאָגט אונזערע חכמים: „בן מאה כאלו מת ועבר ובטל מן העולם".

ווייזט אויס, אויף דער עלטער־באָבע גיטעלע איז דער מאמר נישט חל געווען. זי האָט זיך געפילט געזונט, ווי אין די יינגערע יאָרן. האָט נישט געהאַט די קלענסטע קאַפּריזן, געווען אַ טייערע האַרציקע נשמה, אַ מזג טוב.

ווען מיר האָבן איר אין דער פרי צוגעטראָגן דעם „גוט מאָרגן, באָבעשי", האָט דאָס פאַרוועלקטע פּנים ביי איר זיך צעשיינט און די פאַרלאָשענע אויגן האָט עפּעס אויפגעפלאַמט, און זי האָט אַזוי שיין, האַרציק געענטפערט: אַ גוט־מאָרגן, אַ גוט־יאָר אויף אייך, טייערע אייניק־לעך. דער רבונו של עולם זאָל אָפּהיטן אייער יעדן טריט און שריט. מיר — פאַר אייער מינדסט נעגעלע...

— אַזוי — יעדן פרימאָרגן דער זעלבער פּזמון — אַזוי פּשוט, מיט אַ זיסן ליבלעכן פלאַם. פון דער צייט וואָס איך געדענק זי, איז זי גע־זעסן אין דער גרויסער קיך אין דעם אַלטן הויז. די קיך וואָס האָט אויך געדינט ווי אַ שלאָף און עס־צימער פאַר באָבע־זיידע. ביי דער טיר וואָס האָט געפירט אין דער בעקעריי, איז געשטאַנען אַ קוואַדראַט־מעטער־דיקע קיך, צי קאַכן. דערלעבן איז געשטאַנען אַ קליין בענקעלע, אויף דעם

אַ טונקל קישעלע אויף וועלכן זי איז געזעסן. אויפן קאָפּ — אַ שוואַרצע קופּקע, אַראָפּגערוקט ביזן האַלבן שטערן. די באָבע פּרימעט האָט דער־ציילט אַז זי האָט נישט געהאַט קיין איין גרויע האָר. זי איז געווען איינגע־הילט אין אַ וואַרעמען קאַפּטן, געטראָגן אַ לאַנגע ברייטע שירץ. האָט זיך געהאַלטן ריין. ס'איז געווען צו באַוווּנדערן זי. אויף דעם קליינעם פּיצעלע אָרט איז געווען איר קעניגרייך. זיצנדיק דאָ — טעג, וואָכן, חדשים האָבן זי די יאָרן באַגלייט — זי האָט זיך קיינמאָל נישט באַ־קלאָגט, שעהן לאַנג געזעסן, און געמורמלט שטיל, קוים וואָס מען האָט געהערט אירע תּפילות. ווען מען האָט איר צוגעטראָגן עסן, איז איר ענטפער געווען:

— אַ געזונט אויף דיין קאָפּ...

די אויגן האַלב־געשלאָסן, האָט כמעט נישט געזען, דערפאַר דער גערדאַנק — זעלטן פריש. יעדן טאָג האָט זי דערמאָנט דער מאַמען:

— רחלשי, גיב אַכטונג אויף די קינדער. באַהאַלט די מעסערס, אַלע שאַרפע זאַכן, אָפּגעהיטן און באַשירעמט זאָל מען ווערן...

אַזוי איז זי געזעסן אין אַ ווינקעלע און געוואַרקעט ווי אַ טויב. די באָבע פּרימעט האָט דערציילט, אַז די עלטער־באָבעשי האָט נאָך גע־דענקט ווי נאַפּאָלעאָנס זעלנער זענען פאַרביי גלינאָוויעצק, פּלינצק, אויפן וועג קיין וואַרשע. ס'איז אויך דערציילט געוואָרן אַ לעגענדע וועגן אַ יידישן פאַכטער, וואָס האָט געהאַט אַ בילד־שיינע טאָכטער. נישט ווייט, אין אַ פּאַלוואַרק, איז דער קיסר נאַפּאָלעאָן מיט זיין סוויטע איינגע־שטאַנען. און איינמאָל, אויף זיין שפּאַציר, האָט נאַפּאָלעאָן באַגעגנט די יידישע שיינהייט, פאַרליבט זיך אין איר. האָט ער באַפוילן זיינע אָפי־צירן זיי זאָלן זי ברענגען צו אים. זיי זענען געקומען צום פאַכטער מיטן באַפעל פון זייער הערשער. די טאָכטער, ווי נאָר זי האָט עס דער־הערט, איז זי אַנטלאָפן צום טייכל; צו בלייבן טריי און ריין צו דער יידישער אמונה, האָט זי זיך אין די טיפע וואַסערן פון דער זשאַלדאָווקע דערטרונקען. די פּויערים פון דער געגנט האָבן, נאָך פיל יאָרן אַרום, זיך געפּאַרכטן ביינאַכט צו דערנענטערן צום טייך, ווו דעם פאַכטערס טאָכטער האָט זיך דערטרונקען. זיי האָבן דערציילט, אַז אין די נעכט באַווייזט זיך אַ געשטאַלט, מיט לאַנגע, שוואַרצע צעפּ, פון די אויגן לויכטן כישופדיקע פייער־פונקען... אָנגעטון אין ווייסן, שוועבט זי איבער

די כוואַליעס פון וואַסער, און נאַרט אַריין אין דער טיף, ווו עס דרייט זיך אַ וואַסער־ראַד...

פרייטיק צונאַכט האָט מען ביים זיידן אין שטוב געאָטעמט מיט דער קדושה פון שבת. פיר מעשענע לייכטערס מיט אָנגעצונדענע ליכט שטייען אויפן טיש, אויפן שניי־ווייסן טישטוך. די חלות זענען צוגעדעקט מיט אַן אויסגעהאַפטן חלה־צוועלעכל. דערלעבן — אַ קאַראַפינקע ראַזשינקע־וויין. די באָבע פרימעט און איר מאַמע, די עלטער־באָבע גיטעלע, טראָגן ריינע קאָפּ־טיכלעך. זיי בענטשן די הייליקע ליכט. זייערע פּנימער זענען צוגעדעקט מיט זייערע אָדערדיקע הענט. די תחינות פון ליכט בענטשן פון אַ מאַמע אַ זקנה, מיט איר טאָכטער, גיסן זיך צונויף, זיי שפּאַרן אַרויס אין דער שבתדיקער נאַכט. מלאכים מיט זילבערנע פליגל, זאָגן: אמן! זיי כאַפּן אויף די צניעותדיקע תפילות, הייבן זיך אין די הויכקייטן צו די הימלען...

און אָט קומען פון שולעכל דער טאַטע מיטן זיידן. דביקותדיקע האַרציקע קולות פון — „שלום עליכם" — צעקלינגען זיך אין די שיינע יידישע שטוב... נאָכן קידוש, עסט מען די שבתדיקע פיש פון היימישן טייכל, מען זינגט „כל מקדש" „מנוחה ושמחה". די עלטער־באָבע גיטעלע העלפט מיט זינגען. נאָכן עסן זאָגט זי „אַ גוטן שבת" און גייט אַוועק מיט דער מומע מינדל שלאָפן אין דער גרויסער שטוב אויפן הויף. מער האָט זי זיך נישט אויפגעיועקט. זי איז איינגעשלאָפן ווי אַ הינדעלע, אויף אייביק...

די באָבע פרימעט האָט אונז געהאַט דערציילט, אַז זי האָט באַקומען אַ ברכה פון אַ צדיק, אַז זי וועט דערלעבן אריכת ימים. געשטאָרבן איז זי ווי אַ צדיקות אין יאָר 1915. זי האָט געלעבט געניי 111 יאָר.

ווען איך האָב זיך לעצטנס געטראָפן מיט מיין קוזין שלמה הערשקאָוויטש, און מיר האָבן אויפגעוועקט די זכרונות פון אונזערע קינדער־יאָרן, אין אונזערע פאַרשניטענע שטעטלעך, האָבן מיר זיך דערמאָנט אין אונזער באָבע גיטעלע. אין זיינע יונגע יאָרן איז ער געגאַנגען אין חדר ביי אונז אין גלינאָוויעצק; האָט ער מיר פאַרזיכערט, אַז די באָבע גיטעלע איז געווען פיל עלטער נאָך, ווי 111 יאָר.

# די משפּחה פּאָגעלמאַן - סאָקאָלאָווסקי

מיר, קינדער, האָבן זי גערופן: מומע רחל, כאָטש זי איז אין דער אמתן געווען אונזער אַ קוזינקע. דער פעטער דוד־חיים, די מומע רחלס פאָטער, און דער זיידע יוסף זענען געווען לייבלעכע ברידער. נישט נאָר משפּחהדיק זענען מיר געווען פאַרבונדן, נאָר אויך אינטים מעגלעך דערפאַר, ווייל די מומע רחל איז אומדירעקט געווען די שדכנטע צווישן מיינע עלטערן. ס'איז געווען אַזוי:

מיין מאַמע האָט געשטאַמט פון וואַרשע. דער פעטער דוד־חיים האָט אין יענער צייט געוווינט אין גלינאָוויעצק. די מומע רחל האָט טאַקע געוווינט אין אַ דאָרף, אָבער זי איז נישט געווען קיין דאָרפיש מיידל. שיין, קלוג, האָט פאַרשטאַנען און ליב געהאַט דאָס לעבן. זי האָט זיך געשטיקט אין פאַרוואָרפענעם דערפל, געריסן זיך אין דער גרויסער שטאָט אַריין. ס'איז נישט געווען קיין לייכטער קאַמף מיט איר פאָטער דוד־חיים, וועלכער האָט בשום אופן נישט געוואָלט, אַז אַ יונג מיידל אָן אויפזיכט, זאָל פאָרן אין דער וועלט אַריין. אָבער זי האָט אירס אויסגעפירט און איז אַוועק קיין וואַרשע.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז זי זאָל אָנקומען אַרבעטן דאָרט, ווו מיין מאַמע האָט זיך געפונען. זיי האָבן זיך באַקענט און באַפריינדעט. צו די זומערדיקע וואַקאַציעס האָט די מומע רחל פאַרבעטן מיין מאַמע צו זיך קיין גלינאָוויעצק. זי האָט באַקענט איר קוזין שמעון מיט איר חברטע, דעם וואַרשעווער מיידל — זי האָט זיך גערופן רחל... האָט מען זיך אָפּגעשטימט צו גיין שפּאַצירן. דער זומערדיקער אָוונט האָט זיך געטונקט אין שטילקייט. אַ טונקל בלויער הימל איז געווען צעזייט מיט קליינע ברילאַנטן — זיי האָבן געווונקען כישופדיק, און איינגעהילט דעם אָרום אין סודות... דופטיקע אַראָמאַטן פון אַקאַציע־ביימער האָבן

פאַרשיכורט. דאָס טייכעלע האָט שטיל געפּליסטערט, ס'האָט דערציילט די געשיכטע פון איר אַנטשטיין... פריילעכע, לעבנס־לוסטיקע בחורים און מיידלעך האָבן שפּאַצירט, געזונגען, געלאַכט. זייערע הילכיקע געלעכטער האָבן זיך זילבערדיק צערונען אין דער פינצטערער נאַכט. זיי זענען אַוועק ביז דער צווייטער הילצערנער בריק. די מאַמע האָט פון בייטל גענומען אַ טאַשן־טיכל — אַ נאַכטיק ווינטל האָט אַ בלאָז געטון, דאָס טאַשן־טיכל האָט אַ פלאַטער געטון אין דער לופט און איז אַריינגעפאַלן אין טייכל...

דער טאַטע איז געווען באַקאַנט אַלס גוטער שווימער. אפילו שפּעטער, ווען ער איז שוין געווען אין די עלטערע יאָרן, איז ער נאָך גוט געשווומען... זיינע צוויי באָרד־שפּיצן זענען געלעגן אויף דער אויבער־פלאַך פון וואַסער. דאָס מאָל, איז ער נישט זאָגנדיק קיין וואָרט, אַרונטער די בריק, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מלבושים און אַריין אין וואַסער. אין געציילטע מינוטן אַרום, איז דער טאַטע צוריקגעקומען און ריטעריש דערלאַנגט דעם וואַרשעווער מיידל רחל — איר טאַשן־טיכל...

אַזוי איז געבוירן געוואָרן די ריינע ליבע אין שטילן דערפל. אין די שפּעטערע יאָרן ווען מיר קינדער זענען געווען קראַנק, איז די מאַמע געזעסן ביים בעטל און דערציילט געשיכטעס פון אירע יונגע יאָרן. יעדעס מאָל האָט זי פאַרענדיקט פון איר באַקענען זיך מיטן טאַטן אין אַ זומער־אָוונט און די געשיכטע מיט דעם טאַשן־טיכל... דערביי, האָבן אירע האַרציקע אויגן געבליקט ווייט, און אַ פלאַם האָט אין זיי אויפגעשיינט...

די מומע רחל איז געבליבן אַן אלמנה אין אירע יונגע יאָרן. זי האָט געהאַט זעקס קינדער, דריי זין און דריי טעכטער. מיט גרויס מי, אָבער אין כבוד, האָט זי דערצויגן אירע קינדער. ס'האָט זיי גאָרנישט געפעלט, אַחוץ זייער פאָטער. עס לעבן נאָך היינט אירע צוויי קינדער. יצחק, אָדער ווי מ'האָט אים גערופן, איטשע, לעבט אין פלאָרידאַ מיט זיין פרוי און קינדער. ער איז אַוועק קיין אַמעריקע אָנהויב צוואַנציקער יאָרן. איר טאָכטער חוה מיט איר מאַן משה גורנאָ און קינדער, זיי האָבן מיטגעמאַכט דעם גיהנום מלחמה־צייט אין רוסלאַנד. (מיט אַ צייט צוריק האָב איך באַקומען די טרויעריקע ידיעה אַז משה גורנאָ איז געשטאָרבן, מען קען זאָגן אַ קרבן פון דער היטלער־צייט).

די מומע רחל האָט ליב געהאַט צו זיצןביים פענצטער און אויפ־געכאַפּט אַלץ, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף דער איינציקער הויפּט־גאַס אין גלינאָוויעצק. אין די אָוונטן פלעגן מיר אָפּט אַריינקומען צו דער מומע רחל. עס איז געווען דאָס דריטע הויז פון אונז, ביי די לינקע זייט. מען האָט דאָרט זייער פריילעך פאַרברענגט. מען האָט געלאַכט, אָפּ־געלאַכט איינער פון אַנדערן אויף אַ גוטמוטיקן אופן, מיט אַ דאָרפישן הו־מאָר, סאַרקאַסטיש גענומען אויפן צימבל... דער טאַטע מיינער, שלום און די מומע רחל זענען געווען די ריכטיקע אַרטיסטן. ווען די מומע רחל האָט דערציילט אַ פּיקאַנטע געשיכטע, האָבן אירע אויגן אויפגעלויכטן יוגנט־לעך, ס׳האָט אַריינגעבראַכט הייטערקייט אין דעם משפחה־קרייז.

די מומע רחל האָט געהאַט אַ שוועסטער ווינען אין גלינאָוויעצק — די מומע רייזל — אָבער זעלטן זענען זיי געקומען איינע צו די אַנדערע, כאָטש זיי האָבן זיך ליב געהאַט. זיי זענען געווען פאַרשידענע כאַראַקטערן. די מומע רחל איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכע, און די מומע רייזל — מער פאַרשלאָסן אין זיך. אפשר דערפאַר, וואָס דער גורל איז נישט גוט געווען צו איר. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זי פאַרלוירן איר מאַן, זי איז געבליבן אַן אלמנה מיט פינף פיצלעך קינדער, שווער געהאָרעוועט און שטיל געליטן.

אין מיין זכרון לעבט אויף אַ שפּעט־האַרבסטיקער שבת־צונאַכטס. דער טאַטע מאַכט הבדלה, מען זינגט „המבדיל״. מיר גייען אַריין צו דער מומע רחל. גוט וואָך! אַ מזלדיקע וואָך! — צעקלינגט זיך איר קול. שלום דערציילט אַ חסידיש מעשהלע, פול מיט נסים ונפלאות. די מאַמע און די מומע רחל שטייען ביי דער קיך און סודלען זיך עפּעס. די עלטסטע טאָכטער מינדל גיט האַסטיק אַ פּראַל אויף די טיר, מיט יוגנט־לעכן ברען. אַ ביסל דיקלעך, אַ פולער בוזעם, בלויע, לאַכנדיקע אויגן, איינפאַך, באַשיידן. כ׳האָב זי שטאַרק ליב געהאַט. פון שלאָף־צימער רופט מען מיך:

— קום — זאָגט מיר מיין קוזינקע חוה — מחלה איז קראַנק.

מען שפּילט אַ „66״, אונזער באַליבטער צייט־פאַרטרייב. מינדל קומט אַריין און דערציילט אַ געשיכטע פון אַ שכנה, וואָס האָט פאַראַטן איר מאַן... אירע אויגן שפּריצן מיט געלעכטער און רייצן. עס וועקן זיך אונזערע יוגנטלעכע פאַרלאַנגען. אין דעם הערט מען מיין מאַמעס קול:

— קינדערלעך, מען גייט אַהיים. ס׳איז שפּעט.

ס׳ווילט זיך נאָך נישט פאַרלאָזן די פריילעכע שטוב ביי דער מומע רחל.

צענדליקער יאָרן זענען זייט דעמאָלט פאַרלאָפן, און ס׳דאַכט זיך דיר — ס׳איז ערשט גאָרנישט לאַנג. עס נאָגט אַ בענקשאַפט מיט וויטיק נאָך די שיינע זכרונות פון אונזער שטעטעלע גלינאָוויעצק. פאַר־וואָס האָט מען דיך אַזוי מערדערלעך פאַרשניטן? וועמען האָט איר שלעכטס געטאָן? אייביקע חרפּה דער פינצטערער וועלט!

געוועז פריידן און לײדן אין אונזער משפּחה. דער מומע רחלס ערשטער מאַן האָט געהייסן יאָסל פאָגעלמאַן. אַ גוטע, האַרציקע נשמה. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער געפירט מסחרים צוזאַמען מיטן טאַטן. ער איז געשטאָרבן אין חודש אב 1914, ביי טראַגישע אומ־שטענדן. מיט פיל יאָרן שפּעטער האָט שלום חתונה געהאַט מיט דער מומע רחל. זיי האָבן געלעבט גליקלעך. ער איז געוועזן פאַר אירע קינדער אַ גוטער, איבערגעגעבענער פאָטער.

## בנימין שטראַמף — דער פעלדשער

כ׳געדענק אים פון מיינע קינדער־יאָרן דעם פעלדשער. מ׳האָט אים טיטולירט „פּאַניע דאָקטאָזשע״: געווען העכער פון מיטעלן וווקס, אַ דיקלעכער מיט אַ שטיקל בייכל. טונקל־בלויע אויגן אונטער פּענסנע־ברילן אויף דער פליישיקער נאָז. די אַראָפּהענגענדיקע באַקן האָבן אויסגעזען ווי געשוואָלן. געדיכטע האָר, שטעכיקע וואָנסעס, אויפן קאָפּ — אַ האַרטער קאַפּעלוש — דאָס איז געווען דער „סטאַרשי־פעלדשער״ — פאַן שטראַמף.

ווען איך בין נאָך יונג געווען האָט ער אָנגעוואָרפן אויף מיר אַ שרעק, ווען ער האָט מיך געהיילט פון די קינדער־קראַנקייטן. ס׳האָט זיך געטראָגן פון אים אַ עטער געשטאַנק און ריחות פון פאַרשידענע איבלדיקע רפואות. שווער געאָטעמט, געסאָפּעט, ער האָט געליטן אויף אַסטמע.

ווען ער איז געקומען אין יידישע היימען האָט ער ליב געהאָט אַרויסנעמען דעם דיקן פאַרטפעל מיט די דאָקטאָרסקע אינסטרומענטן, פונאַנדערגעלייגט זיי אויף דעם טיש. ס׳האָבן געבלאַנקט די שאַרפע, שמאָלע מעסערלעך, שערלעך, שפּיזלען, צוואַנגען צו רייסן ציין. מיר קינדער האָבן זיך געשראָקן פאַר זיין דערנענטערן זיך צו אונז. ער האָט גערעדט פויליש מיט אַ שאַרפן אַקצענט. די אַסטמע האָט שווער געמאַכט זיין רעדן. ווען ער האָט זיך צעהוסט האָט זיין פּנים באַקומען אַ רויט־בלויע קאָליר, מ׳האָט זיך געפרעגט ווער דאַרף מער הילף — דער פעלדשער אָדער דער קראַנקער?

ער איז אַראָפּגעקומען נאָך גלינאָוויעצק פון וואַרשע ענדע דעם 19־טן יאָרהונדערט. געווען אַ שטיקל משפּחה פון באַרימטן יידישן מאַגנאַט מייזנער, וועלכער האָט אויפגעבויט אין גלינאָוויעצק די צוקער־פאַבריק.

אין די יונגע יאָרן האָט שטראַמף שטודירט אויף דאָקטאָר, ער

איז אָבער אַדורכגעפאַלן ביי די עקזאַמענס. פאַר פאַרדרוס האָט ער באַ־קומען אַ נערוון־צערודערונג וואָס האָט אים באַגלייט דאָס גאַנצע לעבן. ער האָט אָבער באַוויזן צו ענדיקן אויף „סטאַרשי־פעלדשער״. דאָס האָט אים טאַקע מייזנער געשיקט אין דער צוקער־פאַבריק צו היילן די אַרבע־טער און ביי פאַרפאַלן אין דער פאַבריק. ער האָט געהאַט אַ גרויסע פּראַקטיק, אַזוי אַרום איז ער געוואָרן באַליבט און פּאָפּולער אין דער גאַנצער געגנט. כאָטש דער באַרימטער ד״ר ברודניצקי פון טשעכאַנאָוו, האָט גאָר רעקאָמאַנדירט, זיך צו היילן ביים רופא זאַלצבערג פון סטשע־גאָווא, אגב אַ קרוב פון שטראָמפּן.

עס איז ווערט צו באַמערקן אַז סוף 19־טן יאָרהונדערט, ווען אַרבע־טער אין דער וועלט זענען געוואָרן עקספּלואַטירט, אָן שום סאָציאַלע רעכט האָט אַ יידישער קאַפּיטאַליסט פון וואַרשע מיטן נאָמען מייזנער גע־שיקט אַ „סטאַרשי־פעלדשער״ צו היילן די אַרבעטער. צוגעטיילט זיי רפו־אות אויף די קאָסטן פון דער פאַבריק, פאַרזיכערט פאַר פאַרפאַלן. דער כאַראַקטעריסטישער פאַל איז געווען אין קליינעם שטעטל גלינאָוויעצק.

עס האָט פּאַסירט אין די שפּעטערע יאָרן, ביים פעלדשער שטראָמף זענען די נערוון געווען אָפּגעשוואַכט, ער האָט באַקומען אַ שאָק. זיינע געדאַנקען האָבן נישט געאַרבעט קלאָר. מ׳האָט אים געפירט קיין וואַרשע, אין אַ קליניק פאַר גייסטיק־קראַנקע. עס איז אים געקומען צוליב אַ געשעעניש מיט זיינס אַ טאָכטער:

זיינע אַ טאָכטער צעשאַ, זי איז געווען זיין ליבלינג, האָט שטו־דירט אין וואַרשע. אין אַ טריבן יעשענדיקן טאָג, איז פון דער גמינע מלאָצק געקומען אַ רייטער אויף אַ דערשוויצט פערד, פאַרהאַלטן זיך פאַרן ווייס־געקאַלכטן הויז פון רופא. ביי דער טיר האָט זיך באַוויזן די דינסט און אָפּגענומען די טעלעגראַמע פון רייטער. זי האָט זי אַריינ־געטראָגן דעם „פּאַן דאָקטאָר״ אין קאַבינעט, האָט ער די טעלעגראַמע אויפגעמאַכט און געלייענט „טייערע עלטערן! ווינטשט אונז פיל מזל איך האָב חתונה געהאַט מיט ד״ר מאַקאָווסקי״.

דאָס איז געווען פאַר אים אַ שאָק פון אַזאַ פאַרנעם, אַז מ׳האָט אים געמוזט אָפּפירן אין אַ קליניק פאַר גייסטיק־קראַנקע.

זיין פרוי האָט זיך גערופן מאַטילדאַ: אַ הויכע אַ דיקלעכע מיט אַ פולכנע, אויסגעקעכלט פנים, בלויע שמייכלדיקע אויגן, פון דער

נאַטור אַ האַרציקע. איר גאַנג איז געווען אַ שווערער, זי האָט זיך געבויגן אין ביידע זייטן, זי איז געווען אַן אַקושערקע. האָט אָפּגענומען אַלע קינדער אין גלינאָוויעצק; כאָטש אין גרעסטן טייל האָבן די דאָרפישע ווייבער געברענגט זייערע קינדער אויף דער וועלט אָן שווערקייטן.

אין גלינאָוויעצק האָט מען דערציילט, אַז די מוטער פון דער פּאַר־צווייגטער משפּחה מאַרקעוויטש האָט געבוירן אַ קינד ביים יאָטקע־קלאָץ... זי איז געווען אַ קצבטע, ווען זי האָט אויפגעהויבן די שווערע האַק, אָפּצוהאַקן אַ שטיק פלייש, האָט זי דערפילט אַז עפּעס האָט זיך פון איר אַרויסגעגליטשט; ס׳האָט זיך דערהערט אַ געוויין פון אַ נייַ־געבוירן נפשל. דער מאַן ר׳ יהודה־מאיר האָט אויפגעהויבן ס׳קינד און זי איז מיט שווערע טריט אַריין אין שטוב.

די פּאַני שטראָמפּאָוואַ האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גאַנצער דאָקטאַרשע. ווען אַ פרוי איז שווער געגאַנגען צו־קינד האָט זי געוואַרט ביזן לעצטן מאָמענט ביז זי האָט זיך דעצידירט און געהייסן ברענגען אַ דאָקטאָר פון דערבייאיקן שטעטל, אָבער ס׳איז שוין געווען צו שפּעט. דאָס קינד האָט מען אָפּגענומען אַ טויטס, דערשטיקט אין דער מוטערס בויך פון צו לאַנג וואַרטן.

אין דער גרויסער ריינער קיך ביי איר האָט מען נאָכאַנאַנד געקאָכט, געפּרעגלט, און די קיך־ריחות האָבן זיך אויסגעמישט מיט די רפואה־ריחות. דעם גאַנצן טאָג איז זי געשטאַנען ביי די קופּערנע און ניקלענע פאַנען, אַרומגערינגלט מיט דינסטן. זי האָט גערעדט אַן אידעלן, שאַרפן פּויליש. זי האָט מיט די דינסטן דיריגירט ווי אַ גענעראַל. רעכטס פון דער קיך איז געווען דעם פעלדשערס קאַבינעט. אין מיטן — אַ מאַסיווער טיש, אויף אים צוויי קופּערנע טינטערס, פעדערס און פּאַפּיר צו פאַר־שרייבן רעצעפּטן. אין שקאַרמיצלעך פאַרשידענע פּראָשקעס. ס׳איז געלעגן זיין הער־טרייבל צו אויסהערן דאָס אָטעמען פון די קראַנקע. עס זענען געשטאַנען צוויי לעדער־געבעטע שטולן. און ביי דער וואַנט — אַ גלעזערנע שאַנק מיט דאָקטאָרסקע אינסטרומענטן, אויסגעלייגט אויף וואַטע.

אַ שרעק האָט מיך אַרומגענומען, אַנקוקנדיק בלויז די דאָקטאָרסקע אינסטרומענטן, ווען כ׳בין אַמאָל געקומען צו אים קינדווייז. הענט האָט דער פעלדשער געהאַט שווערע. כ׳בין דעמאָלט אַלט געווען 8 יאָר און ס׳האָבן מיר וויי געטון די ציין. האָט מיך דער טאַטע געפירט צום פעלדשער.

— דער צאָן איז פאַרפוילט. מ׳דאַרף אים אַרויסרייסן... — איז איז געווען זיין דיאַגנאָזע.

און ער האָט אָנגעהויבן רייסן דעם צאָן מיט זיינע שווערע הענט, געדריקט אויף דער באַק, און כ׳האָב געהאַט גרויסע יסורים. כ׳בין אונטערגעשפּרונגען פון ווייטיק, אים אַ זעץ געטון אין דער האַנט. די צוואַנג איז אַראָפּגעפאַלן, ער איז געבליבן שטיין מיט אויפגעריסענע אויגן, מיט צאָרן אַרויסגעסיקעט „פשיאַ... אָן זוואַריאָוואַל"... (ער איז משוגע געוואָרן). פון אַזוי רייסן ציין האָט מען טאַקע געקענט משוגע ווערן.

זיין רייכע פּראַקטיק, האָט אים געבערענגט פיל מעדיציטישע קענטענישן. די פּויערים פון דער געגנט, האָבן שטאַרק געהאַלטן פון „פּאַן דאָקטאָר".

פאַר זיין גאָרטן־טירל איז שטענדיק געשטאַנען אַ פערד איינגעשפּאַנט אין אַ בריטשקע, אָדער פירן אויסגעבעט מיט היי, די געזעסן איבערגעצויגן מיט געשטריקטע פּויערישע קאָלירטע דעקן. דער פּויער האָט געוואַרט געדולדיק מיט רעספּעקט. ווען דער פעלדשער איז אַרויסגעקומען מיט זיינע שווערע, פּאַמעלעכע טריט, האָט דער פּויער אַראָפּגעכאַפּט דאָס היטל, געהאָלפן אים, זיך זעצן אין וואָגן אַריין. ווינטערצייט, האָט ער דעם פעלדשער אַרומגעדעקט מיט פוטערס, אַ שמייס געגעבן די פערד, מיט אַ הילכיקן וויאָ! — שנעל אָוועקגעפאָרן. ס׳האָט אָפט געטראָפן אַז דאָס דערפל איז געבליבן אָן מעדיצינישע הילף.

— די געשיכטע וואָס מיר ווילן איבערגעבן, איז זיך פאַרלאָפן סוף פון די צוואַנציקער יאָרן:

אין אַ שיינעם פרימאָרגן, איז באַשע קאָהן מיט איר ברודער אַבאַ מאַרקעוויטש, געשטאַנען אין דער יאַטקע, וואָס האָט זיך געפונען לעבן דער הייזקע פון די מומע רחל. קומט אַריין אַ פרוי, און בעט אַ פאַר קילאָ פלייש. אין מיטן דער יאַטקע, איז געשטאַנען אַ רונדיקער קלאָץ. אויף אים, אַ גרויסער טאַפּאָר, אַבאַ האָט אַראָפּגענומען דאָס זייטל פלייש פון דעם האָק, אויפגעהויבן דעם טאַפּאָר אָפּצוהאַקן דאָס פלייש. זיין שוועסטער באַשע איז דערביי געשטאַנען, אים אָנגעוויזן מיט דער האַנט, ווי ער זאָל האַקן. אין זעלבן מאָמענט, האָט זיך אַבאַ פאַרמאַסטן אַראָפּצולאָזן די האַק, און בלויז אַ שפּיץ האָר פון טאַפּאָר, האָט אָנגערירט די האַנט, נישט וויט פון די פינגער, און אויפגעשניטן די ברייט פון איר האַנט ביזן ביין. מיט

אַ געוואַלד, איז באַשע געלאָפן איבער דער גאַס, דאָס בלוט גיסט זיך, זי איילט צום פעלדשער שטראָמף. איז ער נישטאָ. געפאָרן צו אַ קראַנקן אין אַ דערבייאיק דאָרף. עס האָט איר׳ געדראָט אַ פאַרגיפטונג, די האַק איז נישט געווען ריין. איז זי אַריינגעפאַלן צו אונז אין שטוב מיט אַ געוויין:

— ראַטעווע מיך! — פאַרוואָס איז באַשע גראַד אַריינגעפאַלן צו אונז?

מיין טאַטע האָט געהאַט די אַמביציע, אַז זיין עלטסטער זון זאָל שטודירן מעדיצין, ואני הקטן האָב געטראַכט פון אַנדערע זאַכן... נאָר נישט פון לערנען זיך. אָנשטאָט אַ דאָקטאָר בין איך געוואָרן — אַ שניידער.

שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען די עוולה, וואָס איך האָב געטון מיין טאַטן און — זיך אַליין. ס׳האָט זיך אויפגעוועקט אין מיר אַ געוואַל־דיקער דראַנג צו וויסן, גאַנץ באַזונדער, וואָס שייך מעדיצין. מיר האָבן געהאַט ביי אונז אין הויז אַן אַפּטייקל און דערטיילט קליינע הילף יעדן איינעם, וואָס האָט זיך צו אונז געוואַנדן. דערפאַר איז באַשע געקומען צולויפן צו אונז און געבעטן כ׳זאָל איר ראַטעווען.

עס איז גראָד אויך דעמאָלט געווען אויף וואַקאַציע אין גלינאָוויעצק, משה קאָהנס אַ ברודערן־זון ער איז געקומען פון דער שווייץ, ווו ער האָט שטודירט מעדיצין אין ציריך. מיר האָבן זיך באַפריינדעט און אָפט פאַר־ברענגט צוזאַמען. ער איז מיטגעקומען מיט דער מומען און מיר געזאָגט שטיל:

— די האַנט געפעלט מיר נישט! זי׳ פאַרזיכטיק. ווען עס זאָל פּאַ־סירן עפּעס שלעכטס, דראָט דיר תפיסה...

— איך האָב געזאָגט באַשען, אַז די ווונד איז אַן ערנסטע, איך בין נישט באַרופן זיך צו פאַרנעמען דערמיט.

— זי האָט זיך ממש געוואָרפן צו מיינע פיס מיט אַ געוויין:

— ראַטעווע מיך! כ׳בין אַ מאַמע פון פינף קינדער!

ס׳האָט מיך אַזוי צענומען, אַז כ׳האָב איינגעשטעלט, און — מצליח געווען. אין משך פון צוויי וואָכן איז די האַנט געווען פאַרהיילט.

די לעצטע צייט האָט זיך דאָס פינטעלע ייד, דערוועקט ביים פעלדשער שטראָמף. ער איז יעדן שבת געקומען אין בית־מדרשל, סוכות געגעסן אין אונזער סוכה. און אָנגעהויבן זיך וואַרעמען ביים פאַרגעסענעם יידישקייט.

אָנהייב דרייסיקער יאָרן, האָט ער זיך איבערגעצויגן קיין מלאַווע,

געלעבט ביי זיין טאָכטער צעשאַ און איידעם ד״ר מאַקאָווסקי, אַ געוועזענער ישיבה־בחור און שטאָלצער נאַציאָנאַלער ייד.

בנימין שטראָמף איז געשטאָרבן אין 1934. מען האָט אים קובר געווען אין פאַמיליע־קבר אין וואַרשע. ס׳איז געווען אַ טריבער, האַרבסטיקער טאָג אַ פאַרוואָלקנטער הימל איז געהאָנגען איבער גלינאָוויעצק, און פאַר־שפּרייט טרויער. ביי דער צווייטער בריק, די זאַוואָדנאַ, זענען זיך צוזאַמענ־געקומען די גלינאָוויעצקער יידן, אויך אייניקע קריסטן און אָפּגעוואַרט ׳עם וואָגן מיטן ארון.

איינגעהילט אין צער, אין אַ טויטע שטילקייט, טריט ביי טריט, איז די לוויה אַדורך דאָס שטעטל, אָפּגעשטעלט זיך פאַרן הויז, ווו ער האָט געלעבט אַ פּאָר צענדליק יאָר. מיטגעמאַכט פריידן און ליידן, געגאַנגען, געפאָרן צו קראַנקע, ביי טאָג, ביי נאַכט, געהיילט און געראַטעוועט פון טויט.

איך וויל אויך דערמאָנען זיין פרוי מאַטילדאַ, איר איידעלן טאַט, ביים ממש אָפּראַטעווען מיין מאַמען:

אין יאָר 1921, האָט מיין מוטער פאַרשוואַנגערט, אין פינפטן חודש, צוליב אַ פאָרפאַל, פאַרלוירן דאָס קינד. אַזוי ווי זי האָט גלייך נישט באַ־קומען די נויטיקע מעדיצינישע הילף, האָט אַ פיבער און פאַרגיפטונג געשטעלט איר לעבן אין געפאַר. ד״ר גראָכאָווסקי איז געקומען פון סטשע־גאָווע. עס איז נישט געווען קיין צייט צו פאַרלירן. אין די פרימיטיווסטע באַדינגונגען האָט מען מיין מוטער אָפּערירט אויפן טיש, מיט דער אַסיס־טענץ פון פעלדשער שטראָמף. נאָך דער אָפּעראַציע האָט דער דאָקטער גע־זאָגט דעם רופא, אַז דאָס לעבן פון מיין מאַמען געפינט זיך אין גרויס סכנה: זי נייטיקט זיך אין אַ ספּעציעלער דערנערונג.

דער רופא האָט עס באַלד דערציילט זיין פרוי. איז זי געקומען צו אונז און זיך פרייוויליק פאַרנומען מיט דער מאַמען.

צוויי מאָל אין טאָג, האָט זי געקאָכט ספּעציעלע מאכלים און געשיקט מיט דעם דינסט־מיידל פאַר דער מאַמען. זעקס וואָכן האָט עס געדויערט, ביז די מאַמע איז געזונט געוואָרן. זי האָט אָפּגעזאָגט צו נעמען דערפאַר וועלכע ס׳איז באַלוינונג.

דאָס איז איינע פון די גרעסטע מצוות — דער איידעלער טאַט, פון איין מענטש צום צווייטן.

**אייביקער אָנדענק פאַר אייערע ליכטיקע נשמות!**

# ר׳ זלמן - משה, דער גלינאָוויעצקער דיין

מיט ר׳ זלמן־משה דעם דיין זענען מיר געווען שכנים, אַ טיר אין אַ טיר. אונזער שלאָף־שטוב האָט אָפּגעטיילט דעם דיינס וווינונג, מיט אַ פּאָדער־הויז פון נישט דיקע ברעטער און אַ דינעם ליים־שיכט. פון צייט צו צייט, ווען זיין ווייב לאה — אגב אַ גוטע נשמה — האָט זיך אַמאָל צעבייזערט, האָט מען עס ביי אונז גוט געהערט. זי איז געווען ביי אים די צווייטע פרוי. מיט זיין ערשטער פרוי האָט ער איבערגעלעבט אַ טראַגעדיע.

נאָך דער חתונה האָט ער געוווינט אין סטשעגאָווע. ער איז געווען וואַלד־"שרייבער" אין די געדיכטע וועלדער ביי קונדערייעץ, נישט ווייט פון גלינאָוויעצק. אויף יעדן שבת איז ער געפאָרן אַהיים. ס׳איז אים געבוירן געוואָרן אַ זון. ס׳איז אָבער אַדורך אַ שוואַרצע קאַץ צווישן פּאָרפאָלק, ביז זיי האָבן זיך צעשיידט. ר׳ זלמן־משה האָט חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל מיט אַ פרוי, וואָס האָט זיך גערופן פון דער היים צייטאַג. זי איז געקומען פון אַ פיינער, איידעלער משפחה אין וואַרשע. מיט איר, מיט לאהן, האָט ער געהאַט זעקס קינדער, דריי זין און דריי טעכטער — קלוגע, פעאיקע, שאַרפע קעפּ. אָבער דער זון פון דער ערשטער פרוי איז געבוירן געוואָרן אָן אַ ברעקל מזל. אויך דער זון האָט איבערגעלעבט אַ טראַגעדיע, וואָס האָט אים באַגלייט ביז זיין יונגן אומגליקלעכן טויט.

ער האָט אָנהייב 1914 חתונה געהאַט קיין וואַרשע, איז אינגיכן מאָבילירט געוואָרן אין דער רוסישער אַרמיי, דורכגעמאַכט די מלחמה. נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע, האָט ער זיך צוריק דערקליבן אַהיים. נאָר זיין היים איז שוין געווען צעשטערט. ער האָט שטאַרק געבענקט נאָך זיין פרוי דורך די יאָרן, וואָס ער האָט זיך געוואַלגערט אויף רוסישע פראָנטן. זי איז געווען, זעט אויס, אַ הייס־בלוטיקע. האָט זי זיך באַקענט מיט אַן אַנדערן מאַן און געשטילט אירע ליידנשאַפטן. ר׳ זלמן־משהס זון, אַ גע־

בילדעטער, אַ פעאיקער, האָט אַהיימקומענדיק דערזען זיין חורבן, אַ פוסטע היים. ער איז צוריקגעקומען אַ קראַנקער, פון אַרומשלעפּן זיך איבערן סי־בירישן רוסלאַנד, האָט ער מיטגעברענגט אַ כראָנישן רעוומאַטיזם און שטאַרק געליטן.

זיי האָבן געהאַט אַ זון, אָבער דאָס קינד האָט נישט געקענט צונויפ־בינדן דעם ריס פון זיינע עלטערן. ער האָט געוווסט אַז זי האָט אַ צווייטן מאַן, זי האָט דאָס נישט געקענט באַהאַלטן; און דאָס איז געווען דער פּרייז, וואָס ער איז געצוווּנגען געווען צו צאָלן, זי זאָל בלייבן מיט אים. זיין האַרץ איז צעפּרעסן געוואָרן פון דעם שרעקלעכן וואָרעם, וואָס הייסט אייפערזוכט — ליידן — פון אַ פאַרליבטן... אומגליקלעכן מאַן.

אָנהייב צוואַנציקער יאָרן האָט שלום אַראָפּגעברענגט זיין קראַנקן ברודער קיין גלינאָוויעצק. דער דאָקטאָר האָט געז'עצהט ער זאָל פאָרן אין אַ דאָרף, אויף פרישע לופט, און דעם פוס וואַרעמען אונטער די דירעקטע שטראַלן פון דער זון. ער איז געווען אַ פיינער, איידעלער מאַן, ער האָט געהאַט קלוגע, שמייכלענדיקע אויגן, און אין זיי האָט געטליעט אַ טרויער. כאָטש ער האָט זיך געוויצלט צו פאַרדעקן זיינע ליידן. ער האָט זיי אויפגע־נומען מיט אַ ספּעציפישער פילאָזאָפיע, זי איז געווען אייגנאַרטיק פאַר אים. מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז ער געשטאָרבן, אָבער עס זענען אַרומגע־גאַנגען קלאַנגען, אַז ער האָט אַליין אַ סוף געמאַכט צו זיין לעבן.

ר' זלמן־משה האָט געוווינט אין אַ שמאָל שטיבל — אַן אַלקערל — צוויי אייזערנע בעטן זענען געשטאַנען אין דער לענג, ביי דער וואַנט. אַ קליין שענקל צום געפעס, אַן אַלטע שאַנק, דערלעבן אַ קליין ספרים־שענקל, אַ קאָמאָדע פאַרן ביסל וועש. ביים פענצטער איז געשטאַנען דער טיש. דורכן איינציקן פענצטער איז קיינמאָל נישט אַריינגעדרונגען קיין ליכט־שטראַל. קיין ברעקל זון האָט קיינמאָל נישט באַשיינט די טונקעלע, פייכטע ווענט. דאָס פענצטער איז אַרויס צום שמאָלן אַרויספאָר פון אונזער הויף.

ס'האָט אַמאָל פּאַסירט ווען מען האָט געבראַכט די קאָרן־זאַנגען פון די פעלדער, דער גרויסער דראַביניאַסטער וואָגן איז אַריינגעפאָרן אין שמאָלן הייפל, האָט זיך גראַד צעבראָכן אַ ראָד, דער וואָגן האָט זיך איבערגעבויגן און פאַרשטעלט דאָס פענצטער פון ר' זלמן־משה דיין.

ס׳האָט געדויערט אַ לענגערע צייט ביז מען האָט אַראָפּגענומען די קאָרענע־בינטלעך, אַריינצוטראָגן אין שייער. דערווייל איז אין שטיבל געווען פינצטער.

יום ולילה איז ער געזעסן און געלערנט, דעם קאָפּ טיף געבויגן צו דער גמרא, אָדער זוהר. אַ קליין פּאַרקאָפּטשעטע נאַפט־לעמפּל האָט גע־לויכטן און געראויכערט, און אויף דער וואַנט האָט זיך געשאָטנט אַ שאָקל־דיקער קאָפּ מיט אַ לאַנגער באָרד. ער איז פון צייט צו צייט אַריין צו מיין פאָטער באָרגן אַ גמרא. דער טאַטע האָט פאַרמאָגט גאַנץ ש״ס אין אַ שיינעם לעדער־באַנד, געדרוקט אין ווילנע. דער ש״ס האָט נאָך געשטאַמט פון פעטער חיים, ווען ער האָט געלערנט אין דער מאָקאָווער ישיבה. דעמאָלט, האָט דער זיידע אים געקויפט דעם ש״ס.

האַלטנדיק די גמרא האָט דער דיין דרך־אגב דערציילט אַ חסידישע מעשה, ער האָט די אויגן געהאַלטן האַלב געשלאָסן, און דערביי זיך געוויגט.

ער איז געווען פון נידעריקן וווקס, אַ דאַרער מיט אַ שמאָלער קינ־דערישער פּלייצע, אַ לאַנגע, גראָ־געלבלעכע באָרד, לאַנגע ברעמען, זיי האָבן פאַרשטעלט די בלויע קינדערישע אויגן און אָנגעצייכנט אַ הויכן למדישן שטערן. ס׳האָט מיך עפּעס שטענדיק געצויגן צו דער אָרעמער שטוב פון דיין. אין מיינע אויגן האָב איך אין אים געזען ווי אַ מיסטישע געשטאַלט, אפשר דערפאַר, ווייל איינמאָל האָט מיין רבי דוד מיר געהאַט אַריינגעוואָרפן אַ פּיל־זאָגנדיק וואָרט:

— „דער דיין זעט מיר אויס צו זיין אַ מקובל״ — די נאַכט האָב איך נישט געקענט שלאָפן, איך האָב שפּאַצירט אין פינצטערן דערפל. פון דיינס שטיבל, פון זיין פענצטער האָט געוואָרפן אַ שוואַכע שיין, דער זייגער האָט געוויזן צוויי ביינאַכט. כ׳בין שטיל צוגעגאַנגען צו דעם פענצטער, ביים אָפּגערוקטן פאַרהענגל, געזען דעם דיין זיצן פאַרטיפט אין אַ ספר, זיין פנים האָט געלויכטן — אין שטיבל איז געווען פיל ליכטיקער ווי פון אַזאַ קליין לעמפּל... ווען משה שוחט פון סטשעגאָוואָ האָט געשאָכטן אַ קאַטשקע, און אויף די קישקעס זענען געווען פּאָקן, האָט מיך די מאַמע געשיקט צום דיין פרעגן אַ שאלה. אויפן טעלערל האָט ער מיט אַ מעסער אויפגעמאַכט די פּאָקן, גענומען אַ ספר, זיך געגריבלט אַ לענגערע צייט, געקנייטשט דעם שטערן, ביז ער האָט אַרויסגעטראָגן דעם פּסק. אויף זיין איידל פנים האָט תמיד גערוט אַן ערנסקייט, ער האָט ווייניק גערעדט; ער איז געווען אַ גוטער בעל־תפילה. ימים נוראים

האָט ער געדאַוונט שחרית, געווען אויך בעל־קורא, און אין אַ יומא דפגרא געהאַלטן אַ דרשה פֿאַר דער קליינער עדה. ער איז געווען בקי אין זוהר.

— אין אַ שבת אָדער יום־טוב — ווען יידן האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אין בית־מדרשל, האָט מיין טאַטע אים אַ בעט געטון:

— נו, ר׳ זלמן־משה זייט אונז מהנה מיט אַ מעשה פֿון אַלטן קאַצקער.

— היינט — האָט ער געענטפֿערט — וועל איך ענק פֿאַרציילן אַ מעשה פֿון ר׳ נפתלי ראָפּשיצער. כ׳האָב עס געפֿונען אין אַ ספֿר.

ס׳איז שטיל געוואָרן. יידן האָבן זיך אַרומגעזעצט. דער דיין האָט אָפּגעהוסט, אַרויסגענומען די רויטע פֿאַטשיילע, אָפּגעווישט דאָס מויל, צעקעמט מיט די פֿינגער די באָרד. אַ לויטערקייט האָט באַשיינט זיין אײדל פּנים, ער האָט זיך צוגעשאָקלט און אָנגעהויבן:

— ס׳ווערט דערציילט, אַז דער האַמבורגער רב ר׳ איציק איז אַמאָל געווען אויף אַ רבנישער אסיפֿה, האָט ער געשטעלט אַ האַרבע קשיא. ער האָט דערביי צוגעגעבן, אַז ווער ס׳וועט פֿאַרענטפֿערן די קשיא, וועט ער זיך מיט אים משדך זיין. קיינער האָט נישט געגעבן דעם ריכטיקן תירוץ. בלויז איינער, אַ רב פֿון אַ קליין שטעטל. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט אַ טייער קינד און ס׳וועט זיין פֿאַר אים אַ כבוד זיך משדך צו זיין מיטן האַמבורגער רב. ס׳איז באַשטימט געוואָרן דער זמן חתונה. זענען די עלטערן מיטן חתן געפֿאָרן קיין האַמבורג, און די מחותנים האָבן זיי דאָרט זייער שיין אויפֿגענומען. דער חתן מיטן פֿאָטער זענען אַוועק אין בית־מדרש לערנען און די מוטער איז געגאַנגען זען די כלה. זי גיט אַ קוק אויף דער כלה, ווערט איר נישט־גוט. און פֿאַלט אין חלשות. זי לויפֿט גלייך צוריק, שלעפּט דעם מאַן און זי שרייט:

— לאָמיר שוין פֿאָרן צוריק! כ׳וועל נישט לאָזן מיין קינד חתונה האָבן מיט אַ קאַליקע...

די כלה האָט געהאַט אַ הויקער און אַ שרעקלעך מיאוס פּנים. דער חתן וויל אָבער נישט צוריקפֿאָרן. ער אַליין גייט צו דער כלה, גיט אַ בליק אויף איר און באַשליסט: „כ׳האָב מיט איר חתונה... ס׳איז מיין זיווג״...

— נישטאָ קיין ברירה — זאָגט דער פֿאָטער פֿון חתן צום האַמ־בורגער רב — לאָמיר ציילן דעם נדן.

— כ׳האָב נישט וואָס צו ציילן — זאָגט דער האַמבורגער רב — כ׳האָב פאַרלוירן דאָס גאַנצע געלט אין מסחר. כ׳קען נישט סילוקן דעם נדן...

שטאַרק אויפגערעגט, איז דער פאָטער פון חתן געלאָפן אין בית־מדרש רופן דעם זון באַלד אַוועקצופאָרן. די מוטער שרייט:

— נישט קיין סחורה און נישט קיין געלט!... מיין קינד, וועסט חרטה האָבן, און ס׳וועט זיין צו שפּעט. קום אַהיים!... לאָז איבער די האַמ־בורגער גליקן...

אָבער דער חתן וויל בשום אופן נישט אַוועקפאָרן. ס׳העלפט נישט דאָס וויינען פון דער מאַמען.

— אויב איר ווילט — זאָגט דער זון צו זיי — קענט איר אַהיים־פאָרן, איך בלייב דאָ!...

און זיי זענען געגאַנגען צו דער חופּה, מיט דער עקשנות פון זייער זון. ווען מ׳האָט געפירט חתן־כלה צו דער גאָלדענער יויך, האָט דער מחותן ר׳ איציקל האַמבורגער געבראַכט אַ זעקל מיט גאָלדענע רענדלעך. ווען דעם חתנס פאָטער האָט געפרעגט: פאַרוואָס האָט ער זיך מיט אים געדרייצט? האָט ער אים געענטפערט גאָר פשוט:

— אַזוי ווי איך האָב געוווסט, אַז ער נעמט נישט מיין טאָכטער צוליב אירע חסרונות, האָב איך דעם חתן געוואָלט אויספּרובירן, צי ער נעמט זי נישט צוליבן געלט. איצט זע איך, אַז ער נעמט מיין טאָכטער, ווייל זי איז זיין זיווג. איז עס דאָך מן השמים. האָף איך צו השם יתברך צו האָבן פיל נחת פון דעם פּאָרפאָלק און זען ביי זיי אַ דור ישרים ובורך.

דער ווונטש איז מקוים געוואָרן. זיי האָבן געהאָט אַ זון, וואָס האָט געבראַכט אַ סך פרייד נישט בלויז זיינע עלטערן. זייער זון איז געווען דער שפּעטער באַרימטער צדיק ר׳ נפתלי ראָפּשיצער, זכותו יגן עלינו!

**
*

אַזוי שיין דערציילן אַ מעשה, מאָלן לעבעדיק געשטאַלטן, האָט נאָר געקענט דער דיין. ביי אונז אונטערגעוואַקסענע יינגלעך, האָט זיך צע־שפּילט די פאַנטאַזיע. מיר האָבן געשלונגען יעדעס וואָרט.

ר׳ זלמן־משה דער גלינאָוויעצקער דיין, איז נפטר געוואָרן אָנהייב צוואַנציקער יאָרן. ער איז קראַנק געווען און אויסגעהויכט זיין כשרע נשמה.

אין פּאַריז וווינט אברהם שאַנעק פון סטשעגאָווא. ער האָט מיר דערציילט, אַז זיינע עלטערן האָבן געוווינט אין גלינאָוויעצק אין יאָר 1908, ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיי האָבן געוווינט אויף יענער זייט וואַסער. געדענקט ער, ווי דער דיין האָט יעדן שבת נאָך מנחה, פאַרבעטן דעם עולם צו זיך אין שטוב אויף שלש סעודות. ס׳איז געווען געגרייט אַ פיינער טיש. מען האָט געזונגען „בני היכלא״. דער דיין האָט געזאָגט תורה, תמיד דערציילט חסידישע מעשיות. מ׳האָט זיך משמח געווען ביז שפּעט אין דער נאַכט. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה.

דעם דיינס ווייב לאה, איז געווען דער קעגנזאַץ פון איר מאַן. זי איז קיינמאָל אין שטוב נישט געווען. זי האָט ליב געהאָט אַריינצוכאַפּן זיך צו די שכנים, דערציילן פאַרשידענע געשיכטעס, אויסהערן אַביסל רכילות. זי איז געווען אַ קליינינקע, מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ, צוגעדעקט אַ האַלבן שטערן. אַ לאַנגע ספּאָדניצע מיט אַ טונקעלע בלוזקע און אַ לאַנגער, ברייטער שירץ. געטראָגן הילצערנע שטעק־לאַטשן. איר גאַנג האָט מען דערקענט פון ווייטן. דאָס מויל איז געווען האַלב אָפן, די אונ־טערשטע ליפּ איז אַביסל אָפּגעשטאַנען. דאָס פּנים שטענדיק מיט אַן אומשולדיקן שמייכל... איר האַרץ האָט אָפּט געוויינט, קיינער האָט פון דעם נישט געוווּסט, זי האָט זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט. זי האָט מסכים געווען מיט איר גורל — אַלץ פאַרליב גענומען. פאַר יעדן איינעם געהאַט אַ גוט וואָרט, גרייט געווען צו העלפן יעדן. ווען די יום־טובים האָבן זיך אין דערפל געשטעלט, איז זי געלאָפן העלפן יעדן איינעם. זי איז געווען אַ שטילע גוטע נשמה.

אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט איז מיין מאַמע אַריינגעגאַנגען צו איר אין אַלקערל, איז זי געלעגן אויפן בעט אַ טויטע, מיט אָפענע אויגן...

## שמואל - יעקב דער דאָרפס - גייער

שמואל־יעקבן געדענק איך פון מיינע ייִנגסטע קינדער־יאָרן. ער האָט געשטאַמט פון זאַראַמין, אָבער ער איז געווען פאַרעכנט ווי אַ גלינאָוויעצקער. געוווינט אין אַ הייזקע ביי דער טשעכאַנאָווער גאַס — זיין פּרנסה? — אַ גאַנצע וואָך האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט אין די אַרומיקע דערפער — אַ דאָרפס־גייער — זיין געשעפט איז געווען, אַ קליין קעסטעלע וואָס ער האָט געטראָגן אָנגעהאָנגען אויפן אַקסל. דאָרט זענען געלעגן: שנור־ראָוואַדלעס, קנעפּלעך, פאָדעם, שפּילקעס, שפּיצן פאַר ווייבער־אונטערהויזן.

פּויליש האָט ער כמעט נישט געקענט, יעדעס וואָרט האָט ער פאַר־דרייט און פאַרקריפּלט. ווען מיר, קינדער האָבן גוטמוטיק אָפּגעלאַכט, און אָנגעהויבן רעדן צו אים אויף פּויליש, און דאַן געפרעגט: „ר' שמואל־יעקב, וואָס האָבן מיר געזאָגט? פאַרטייטשט עס אויף יידיש", האָט ער געענטפערט מיט אַ געלעכטער: „נאַרעלעך, וואָס איר זענט! וואָס דאַרף איך קענען פּויליש־שמויליש... פונדעסטוועגן זאָגן זיי, אַז איך בין דער בעסטער סוחר"...

— פון וואַנען ווייסט איר, וואָס זיי זאָגן?

— לויט דעם ווי זיי שמייכלען און באַוועגן מיט די הענט...

ער איז אויך געווען אַ „פאַבריקאַנט" פון פּאַפּיראָסן. פון געטריקנטן טאַבאַק האָט ער אין ליידיקע גילזן מיט מונדשטוקן אָנגעשטאָפּט פּאַפּיראָסן, מיט אַ פּרימיטיוו מאַשינקעלע. ער האָט דאָס געשיקט געמאַכט, אין דער קיך אין אונזער שטוב.

ביי אַ ווינקל פון טיש, האָט ער געמאַכט די פּאַפּיראָסן. אין געהיים פאַרקויפט אין די געוועלבלעך פון שטעטל. געווען אויך אַ מלמד, אַ בעל־תפילה און פון די אַלע מלכות, האָט ער נישט געקענט מפרנס זיין די משפּחה. אַ גאַנצע וואָך איז זיין עסן באַשטאַנען פון אַ ציבעלע, אַ קנאָבל

מיט אַ שטיקל ברויט. דאָס האָבן די פּויערים פון די דערפער אים געגעבן. פון מיטעלן וווּקס, אַ קליין בלאָנד קורץ בערדל, באַוואַקסן אין די זייטן פון דער גאָמבע, רויטע באַקן און ליפּן ווי ביי אַ מיידל — זומער און ווינטער האָט ער געטראָגן אַן אַלטן מאַנטל מיט אַ שאַליק. ער איז געווען מאָדנע פאַרבונדן, ס'האָט זיך אַרויסגעזען זיין לאַנגער ווייסער נאַקעטער האַלדז, ס'האָט זיך געטראָגן פון אים אַ שאַרפער ריח פון ציבל און קנאָבל פון דער נאַטור, געווען אַ גוטער מענטש, נישט באַקלאָגט זיך אויף זיין אָרעמען גורל, געווען אַ „שומח בחלקו״, אַן אומשולדיקער, אומבאַהאָלפענער שמייכל אויפן פּנים. קיינמאָל זיך נישט געבייזערט אויף עמיצן, אָבער אַלע האָבן זיך געבייזערט אויף אים — אַ באַנטשע שווייג...

פון ערשטן ווייב — זי איז אים געשטאָרבן — האָט ער געהאַט צוויי זין. עליע־מאיר איז געווען אַ שניידער און חתונה געהאַט מיט צלאלס טאָכטער, ליבע. דער צווייטער, ניסן האָט געלערנט אין דער אָטוואָצקער ישיבה, קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז און געשטאָרבן אין בליענדן־עלטער.

איינמאָל ס'איז געווען אין הערבסט. קאַלטע צפון־ווינטן מיט רעגנס האָבן אָדורכגענומען די ביינער. מען האָט געפילט דעם אָנקומענדיקן ווינטער. מען האָט אַריינגעשטעלט די טאָפּלטע פענצטער. אין דער מיט אָנגעשיט זאַמד, און אַריינגעשטעקט שקאַרמיצלעך פון פּאַפּיר, און אָנגעשיט זאַלץ, עס זאָל איינזאַפּן די פייכקייט פון לאַנגן ווינטער.

אין דער שטוב, האָט די וואָרעמקייט פון דעם אָנגעהייצטן אויוון, זיך ליבלעך צעלייגט. די באָבע פּרימעט און די באָבע זעלדע, האָבן געדרימלט, און געוואָרעמט, זייערע אַלטע גלידער. דער זיידע יוסף איז געזעסן ביים טיש אין אַ וואָרעמען קאַפּטן, געלערנט אַ פּרק משניות, ער האָט צוגעברומט אַן אומעטיקן ניגון. שמואל־יעקב איז געזעסן ביי זיין ווינקל, געשטאָפּט דעם טאַבאַק אין די גילזן. פּלוצים האָט ער אַ געשריי געגעבן, ווי אַ שלאַנג וואָלט אים געביסן:

— אוי, געוואָלד! ס'שטעכט מיך אין דער זייט!

מ'האָט אים אַרויפגעלייגט אויפן בעטל. דער פעלדשער איז געקומען האָט אים באַטאַפּט, געדריקט דעם בויך און געזאָגט: „שלעפּע־קישקע״. מען דאַרף אָפּערירן. דערווייל האָט ער אים געהייסן שלינגען פילן דריי

מאָל אין טאָג. אָבער דאָ, האָט זיך אָנגעהויבן דער ספּעקטאַקל. שמואל־יעקב האָט נישט געקענט שלינגען קיין פּילן, האָט מען געמאַכט פּראָבעס, און אים געלערנט ווי אַזוי ער זאָל דאָס מאַכן — נו, יעצט זאָגט ער, איז ער גרייט. גענומען די פּיל אין מויל, געדרייט דעם קאָפּ אין אַלע זייטן, נאָכ־געטרונקען אַ פּאָר גלעזער וואַסער, זי איז אַראָפּ — האָט ער געזאָגט מיט שטאָלץ. אַ לענגערע צייט נאָך דער קאָמישער סצענע, זאָגט ער שטיל — די פּיל איז צוריקגעקומען זי ליגט אונטער די צונג...

*****

שלום סאָקאָלאָווסקיס אַ שוועסטער האָט געאַרבעט אין וואַרשע־ווער יידישן שפּיטאָל, אויף טשיסטע. זי איז געווען אַ דיפּלאָמירטע קראַנקן־שוועסטער האָט מען אין גלינאָוויעצק צונויפגעזאַמלט דאָס נויטיקע געלט און געשיקט אים מיט אַ בריוו קיין וואַרשע. ווען דער דאָקטער האָט אים באַטראַכט, האָט ער געהייסן גלייך אָפּערירן. ער איז מסכים געווען, אָבער געזאָגט, אַז ער וויל זיך צוערשט געזעגענען מיטן זון זיינעם אין אָטוואָצק. צו דער אָפּעראַציע איז ער נישט געקומען. אַרומגעוואַלגערט זיך אין וואַרשע אַ לענגערע צייט, ביז ער האָט איינ־מאָל, גייענדיק אויף דער טוואַרדע גאַס, באַקומען אַ קריזיס און געפאַלן אויפן טראָטואַר. די „פּאָגאָטאָוויע" האָט אים געבראַכט אין שפּיטאָל. ווען מען האָט אים אַריינגענומען אין אָפּעראַציע־זאַל, איז ער שוין געווען טויט.

מ'האָט אים מקבר געווען אויפן גענשער בית־עולם.

# צלאל - שוסטער

דער נאָמען, האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון פֿון מיינע ייִנגסטע קינדער־יאָרן. אין הויז פֿון צלאל שוסטער איז געווען דער חדר. אַ קליין, שמאָל הייפּל האָט אָפּגעטיילט דעם חדר פֿון זיין דירהלע, קעגנאיבער. ער איז געווען אַ דאָרפֿישער טיפּ, אַ שטאָלצער ערלעכער ייד. לערנען האָט ער נישט געקענט, נאָר אַביסל עברי. אַז אַן אָרעמאַן איז צו אים אַריינגעקומען, האָט ער אים נישט אַרויסגעלאָזט קיין הונגעריקן פֿון זיין אָרעמען טיש. זומער, געלאָזט איבערנעכטיקן אין זיין שייער. ווען מיין טאַטע דער גבאי, איז אַוועקגעפֿאָרן, איז צלאל געווען זיין ממלא מקום אין שטיבל. אין אַ שבת אַ יום־טוב, האָט ער זיך אַמאָל געשטעלט צום עמוד. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע, פֿאַרקרעלטע שטימע. ווען ער האָט שבת פֿאַרוואָרפֿן דעם טלית אויף זיך, און אַ ייִנגל איז אונטערגעקומען, האָט ער באַקומען אַ שמיץ אַזוי פֿון אַ בייטש. ער איז געווען אַ שטאַרקער ייד.

פֿון מיטל־וווקס, ברייטפּלייציק, אַ קורצע קאָלטענעוואַטע באָרד, דורכגעפֿלאָכטן מיט גרויע האָר. די שטעכיקע וואָנסעס האָבן פֿאַרשטעלט די ליפּן. די געדיכטע ברעמען זענען געהאָנגען איבער די אויגן. ער האָט זעלטן ווען געשמייכלט. אַ בייזער מיט אַ כמורנעם בליק. פֿון די יאָרן וואָס איך געדענק אים, האָט ער שטענדיק געטראָגן די האַלב צעבראָכענע ברילן. די פּויערים פֿון דאָרף האָבן דרך־ארץ געהאַט פֿאַר אים, און מורא געהאַט אים צו דערצערנען.

ווען צאַלקע, (אַזוי האָבן די פּויערים אים גערופֿן) האָט זיך צעבייזערט, האָט ער געקענט כאַפּן אַ קאָפּיטע, און שלאָגן אָן רחמנות. ער האָט נישט מוחל געווען ווען מען האָט באַליידיקט דעם יידישן כבוד.

אַ געשיכטע, וואָס עס האָט אַמאָל פּאַסירט מיט צאַלקען:

ער איז אָפּט געקומען צום קאָמאַשן־מאַכער אין טשעכאַנאָוו צו־

גרייטן די כאַלעוועס צו די שטיוול. ער האָט זיך אויפגעהויבן פרי, ווען די ענער האָבן זיך צעקרייט, און געוועקט דאָס שלאָפנדיקע דערפל, אַ לאַנגע צייט פאַר זון־אויפגאַנג. און ער איז „אַבאַ־געגאַנגען" נאָך טשע־כאַנאָוו — אַזוי פלעגט ער זאָגן, ס'איז געווען אַ מהלך פון 26 וויאָרסט. ווען דער קאַמאַשן־שטעפער האָט זיך אין דער פרי געגרייט איינצופעדע־מען די מאַשין, האָט צאַלקע אויפגעמאַכט די טיר מיט אַ „גוט־מאָרגן". ער האָט געאָטעמט מיט גבורה. אין דעם טאָג האָט ער געהאָט פיל זאַכן צו דערלעדיקן אין שטעטל. אין אָוונט ווען ער האָט איבערגעשפּאַנט די טשעכאַנאָווער בריק, און גענומען דעם וועג צוריק קיין גלינאָוויעצק, איז שוין די זון געהאָט פאַרגאַנגען.

אָפּגעגאַנגען אַ העלפט וועג, איז ער אָנגעקומען אין גרויסן אָששיס־לאָווער וואַלד. אונזער צאַלקע האָט נישט געוווּסט וואָס דאָס הייסט — מורא האָבן. ער האָט נאָר געוווּסט, אַז מען דאַרף זיך פאַרכטן פאַר גאָט. אין דעם זעט ער פאָרן אין פינצטערן וואַלד אַ וואָגן. דער פויער שטעלט זיך אָפּ און פרעגט:

— ווו גייסטו אַזוי שפּעט, פּאַניע?

— קיין גלינאָוויעצק — ענטפערט ער.

זאָגט דער פויער: — כ'קען דיך אויפנעמען און צופירן אַ פּאָר וויאָרסט. ס'איז דער זעלבער וועג.

האָט זיך צאַלקע אַרויפגעדראַפּעט אויפן וואָגן, הינטערן אָנטרייבער. די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע, די שטערן האָבן שוואַך געלויכטן. קיין לעבעדיקער נפש, נישט אַרום. דער פויער האָט געגעבן אַ שמייס דאָס פערדל און ס'האָט גענומען לויפן גאַלאָפּ. מיטאַמאָל האָט ער אַראָפּגעדרייט אויף אַ באַטשנעם וועג, וואָס האָט געפירט צום וואַלד. פאַרפאָרן צו אַן אויסגעהאַקטער פּאַלאַנע, האָט ער פאַרהאַלטן דאָס פערדל.

— נאָך וואָס ביסטו אַהער אַריינגעפאָרן? — האָט צאַלקע געפרעגט.

— איצט — האָט דער פויער געזאָגט מיט אַ שטאַרקער שטימע — וועלן מיר רעדן צו דער זאַך. גיב אַהער דיין געלט און אַלץ, וואָס דו פאַרמאָגסט. מאַך עס שנעל, דו פאַרכעוואַטער ייד...

**דער פויער האָט נאָכנישט געהאַט פאַרענדיקט ס'לעצטע וואָרט,**

ווי אַ מעכטיקער שאָס האָט אים געגעבן אַ ברי אין קאָפּ. אַ זיסע, קלע־פיקע פליסיקייט האָט זיך אים גענומען גיסן פון מויל. און נאָך איידער ער האָט אַרויסגעקרעכצט „אָלאָ באָגאַ!”, (אוי, גאָט!), האָט ער באַקומען נאָך קלעפּ. ער האָט דעם פויער צורעכט געמאַכט ווי ס׳דאַרף צו זיין. צולעצט האָט ער אים געוואָרנט:

— אַז כ׳וועל נאָך אַמאָל הערן פון דיין פּיסק „פאַרכעוואַטער ייד”, וועט דאָ באַלד זיין דיין סוף...

ער האָט דעם צעבלוטיקטן מערדער איבערגעלאָזן אין וואַלד און פאַרנומען זיך צוריק אויפן וועג קיין גלינאָוויעצק.

געאַרבעט האָט צלאל שוסטער צוזאַמען מיט זיין זון נתן. זיי זענען געזעסן אויף די שוסטער־בענקלעך, ביים נידעריקן וואַרשטאַט. ס׳איז נישט געווען צווישן זיי קיין שלום־בית. דעם טאַטן איז נישט געפעלן געוואָרן דעם זונס אַרבעט. האָט מען זיך איבערגעווערטלט און געקוקט אויף זיך בייז מיט אויסגעצויגענע העלדזער ווי צוויי הענער. פון אויפ־רעגונג, האָט די אונטערשטע ליפּ מיט דער גאָמבע געציטערט ביים זון. און צום סוף האָבן די טעכטער, אַריינגעכאַפּט זייער פּסק פון בייזן פאָטער...

ס׳האָט אַמאָל ביי ר׳ צאַלקן פּאַסירט אַ קאָמישע געשיכטע. עס איז געווען שבת, די גלינאָוויעצקער יידן זענען געווען פאַרזאַמלט אין שטיבל. ביי קריאת־התורה האָבן דוד שוואַרץ און יעקב לייב פּאָגעלמאַן אָפּגעטון אַ שקאָציש שטיקל אַרבעט. זיי זענען אַריין צו צלאלס טעכטער אין שטוב, און אָנגעהויבן פלירטעווען מיט זיי. אין קיך איז געשטאַנען דער טיש, אַ ווייס טישטוך איבערגעדעקט די מעשענע לייכטער און צוויי חלות איבערגעדעקט מיטן חלה־טישטעכל. האָט יעקב־לייב אין איין אויגנבליק, אַראָפּגענומען פון דער פּאָליצע צוויי קאַפּיטעס, אַוועקגע־כאַפּט די חלות, אויף זייער אָרט געלייגט די קאַפּיטעס — און צוריק צוגעדעקט מיטן חלה־טישטעכל. די חלות האָט ער פאַרשטעקט צווישן די קאַפּיטעס...

נאָכן דאַווענען האָט ר׳ צלאל אַראָפּגעצויגן דעם טלית, און אַריין צו זיך אין שטוב: זיך געוואַשן, גענומען דאָס מעסער, אַראָפּגעצויגן דאָס חלה־טישטעכל און... דערזען די צוויי קאַפּיטעס... די יינגסטע טאָכטער ליבע, האָט געטון אַ לאַך אַרויס, האָט זי די ערשטע באַקומען מיט דער

קאָפּיטע, וואָס דער פֿאָטער האָט אַ שליידער געגעבן מיט גרויס כּעס. אַ גליק, וואָס זי איז באַצייטנס אַוועקגעשפּרונגען אין אַ זייט, איז די קאָפּיטע אַריינגעפֿלויגן אין טאָפּ פֿון יאָכל... די צווייטע האָט באַקומען פּייגע אין אירע דיקע היפּטן...

דאָס שטעטל האָט געהאַט זיין ספּעקטאַקל. נאָר מען האָט נישט גע־טראַכט אַז ס'איז פֿאַרשטערט געוואָרן אַ שבת ביי אַ ייד.

אַ צווייטע שקאַנדאַלע געשיכטע איז זיך פֿאַרלאָפֿן אום יום כּיפּור, אויסגעפֿירט דורך אונזערע העלדן דוד און יעקב־לייב.

צלאלן איז שווער געווען צו דערציען דעם לאַנגן תּענית־טאָג. דער הונ־גער ,די מידקייט האָט אים שטאַרק געפּייניקט. אַ יינגל איז פֿאַרבייגע־גאַנגען און נישט־ווילנדיק, אים, אַרויסגעטרעטן אויפֿן פֿוס. אין גלינאַ־וויעצק, יום כּיפּור האָט מען נישט געטראָגן קיין שיך. צלאל ווי זיין שטיי־גער האָט זיך צעבייזערט, פּשוט, געוואָרפֿן זיך אויפֿן יינגל און אים גע־וואָלט שלאָגן. דאָס איז געווען דאָס יינגל פֿון דוד שוואַרצס שוועסטער, וועלכע האָט געוווינט אין מלאַווע. אויף די ימים טובים איז ער געקו־מען אַהער צו באָבע־זיידע.

די זון בייגט זיך צו מעריב. די יידן מיט בלאַסע, אויסגעפּייניקטע פּנימער שטעלן זיך צו דער תּפֿילה פֿון נעילה. ביי דער שטילער שמונה־עשׂרה, האָט יעקב־לייב מיט דוד שוואַרץ, אין די שטיוול פֿון צלאלן אָנגעגאָסן פֿול מיט וואַסער. נאָכן שופֿר־בלאָזן, שלינגט מען שנעל אַריין דעם וואָכעדיקן מעריב, יעדער איילט אַהיים, איבערצובייסן נאָכן שווערן טאָג פֿאַסטן.

ווען צלאל שוסטער האָט געגעבן אַ פּאָר אַריין מיט די פֿיס אין זיינע שטיוול, קען מען זיך פֿאַרשטעלן די געשרייען און קללות און די הייזע־ריקע קולות, וואָס האָבן זיך אויפֿגעהויבן און פֿאַרטויבט די ברכות ווען יידן האָבן זיך געווונטשן אַ גוט־יאָר...

**
*

פֿרילינג־צייט האָבן די ריחות פֿון די וויאָלעט לילאַ בלומען, פֿאַרשיכּורט. די ליכטיקע זון האָט מיט גאָלדענע שטראַלן און שפּע באַגאָסן

דעם אַרום. די געדולדיקע מאַמע־ערד האָט זיך אויפגעוועקט פון לאַנגן ווינטער־שלאָף, און באַגערט מען זאָל זיך פאַרנעמען מיט איר. אויף די פעלדער האָבן זיך באַוויזן פויערים מיט אַקער־אייזן און איבערגע־דרייט די טונקל־ברוינע ערד. אַ יונגע בלאָנד־האָריקע פויערטע אין אַ קאָלירט טיכל האָט זיך געבויגן איבער די בעאַקערטע בייטן, פאַרזעצט קאַרטאָפל. אירע שלאַנקע, מעכטיקע פיס האָבן גערייצט.

נישט ווייט פון שטעטל האָט צלאל שוסטער געהאַט אַ שטיקל אַקער־לאַנד. אין האַרבסט, ווען די צוקער־פאַבריק האָט פון די בוראַקעס אַרויס־געקוועטשט דעם זיסן זאַפט, זענען פאַרבליבן די געשניטענע ווי קרויט קליינע לאָקשן, וואָס מ׳האָט גערופן „וויטלאָקעס״. דאָס איז געווען גוטע פאַשע פאַר די בהמות. מ׳האָט דאָס אָנגעזאַמלט אין טיפע גריבער אין האַרבסט, געפרעסט, און פאַרשיט מיט ערד. אין פרילינג האָט מען גע־עפנט די גריבער, די געפרעסטע צוגעפוילטע „וויטלאָקעס״, זענען געווען די בעסטע פאַשע פאַר די בהמות. ווען צלאל האָט געעפנט דעם גרוב, האָט ער דערזען, אַז ער איז פול מיט וואַסער. איז ער געשטאַנען אין טיפן וואַסער יעדן טאָג און אַרוסגעשלעפּט די „וויטלאָקעס״.

די גמרה זאָגט: „הכל בידי שמים, חוץ מצינם פחים״. דאָס הייסט, אַלץ וואָס עס קומט דעם מענטש, איז פון הימל, נאָר מיטן פאַרקילן זיך, איז מען אַליין שולדיק; און דאָס האָט געטראָפן אונזער צלאלן. ער איז שוין דאַמאָלט געווען איבער די 80־ער, אָבער נאָך פול מיט גבורה. דאָס ווייקן זיך אין וואַסער האָט אים פאַרקירצט די יאָרן. ער האָט זיך פאַר־קילט, און אָנגעהויבן קרענקן. מ׳האָט אים איבערגעפירט צו זיין טאָכטער קיין טשעכאַנאָוו. ס׳האָבן זיך געשאַפן קאָמפּליקאַציעס, און אין אַ צייט אַרום איז ער געשטאָרבן.

מיט זיין טויט איז פאַרשוווּנדן איינער פון די אַמאָליקע שטאָלצע דאָרפס־יידן.

# מנשה שוואַרץ

מנשה שוואַרץ איז געווען אונזער שכן פון דער רעכטער זייט. זיין ווייב האָט זיך גערופן אסתר. זיי האָבן געהאַט דריי זין און צוויי טעכטער. די עלטסטע טאָכטער האָט געוווינט אין דער געגנט ביי מלאָווע. מנשה איז געווען אַ שטילער ייד, זעלטן גערעדט, דערפאַר האָט תמיד גערעדט זיין ווייב. מיט איר געשליפן צינגל — איז זי געווען פול מיט טענות צו אים. ווען ער איז געווען שטאַרק אויפגערעגט אויפן ווייב, האָט ער זיך געדרייט איבער דער קיך, געהויבן מיט די אַקסלען און געמורמלט אין קורצן צעדריוולטן בערדל אַריין:

— נו, וואָס זאָל איך טון?... האָב איך זיך ווידער באַנאַרישט... צום סוף איז ער אַרויסגעלאָפן פון שטוב און אַריין אין דער שטאַל, צו די בהמות — ער איז געווען אַן איינפאַכער ייד, פון די אַמאָליקע דאָרפס־לייט. ער האָט געהאַנדלט מיט פערד, אַמאָל אויך געשאָכטן אַ בהמה. די יאַטקע איז געווען לעבן אונזער הויז. ער איז געווען אַ כהן. איז זיך אַמאָל מיט מנשה שוואַרץ, אום יום כיפור פאַרלאָפן אַ מעשה:

אין דער צייט ווען דאָס האָט פּאַסירט איז מיין טאַטע גראָד געווען אין וואַרשע. ער האָט דאָרט געהאַט אַ גוטן פריינד, וואָס איז געוואָרן אַ יורד. מיין פאָטער איז געווען גוט באַקאַנט אין די חסידישע קרייזן אין וואַרשע. איז ער געפאָרן אויף ימים נוראים דאַווענען, מיט דעם באַקומענעם געלט אַרויסצוהעלפן זיין יוגנט־פריינד.

אין דעם זעלבן יום כיפור איז געשען די געשיכטע צווישן מנשהן און מיין זיידן. יידן זענען ווי געווינלעך געשטאַנען איינגעהילט אין די טליתים, און יעדער איינער האָט מרעיש־עולם געווען. דער חזן האָט פאַרענדיקט דעם מוסף און מ׳האָט זיך נאָך דער הפסקה, געגרייט צו מנחה. מיין זיידע האָט זייט צענדליקער יאָרן געהאַט די חזקה צו דאַווע־

נען פסוקה דזימרה און מנחה. ער איז געווען אַ גוטער בעל־תפילה פּע־דאַוונט מיט גרויס מתיקות.

— פלוצלונג שטעלט זיך אויף מנשה שוואַרץ און זאָגט בזה הלשון:

— יוסף וועט היינט נישט דאַוונען — איך האָב זיך אויך „זאַסלוזשעט" (פאַרדינט) נאָך אַזוי פיל יאָרן. דאָ, איז זיין רעדן געוואָרן ענערגיש און כמעט אויסגעשריגן: איך! וויל דאַוונען!...

ס'איז שטיל געוואָרן אין קליינעם בית־מדרשל. די בלייכע, פאַסטנ־דיקע יידן האָבן זיך אָנגעקוקט מיט חידוש: מנשה וויל דאַוונען? ער קען דאָך נישט; נישט אַנדערש, ס'איז אַ שטיקל פון שטן דעם מקטרג... פאַר־שטערן דעם הייליקסטן טאָג ביי יידן.

— דעם זיידנס ווייסע באָרד האָט אָנגעהויבן ציטערן. דאָס פּנים האָט זיך געביטן. אַרויסגעשלאָגן בלאַס־רויטלעכע פלעקן. און דערנאָך אַ שרעקעוודיקע ווייסקייט האָט זיך צעלייגט אויף זיין פּנים. און מיט אַ שוואַכער שטימע האָט ער אַרויסגעזיפצט:

— מנשה, באַרעכן זיך, האָסט קיינמאָל נישט געדאַוונט. מען דאַרף פאַרשטיין פירוש המילות! ס'איז דער יום הדין...

מנשה האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן פון זיידנס ווערטער און גע־ענטפערט נאָכמער חוצפּהדיק:

— אויב נישט איך — איז אַ צווייטער ייד — נאָר דו, יוסף, וועסט היינט נישט דאַוונען...

עלף יאָר בין איך דאָן אַלט געווען, מיין יונג האַרץ האָט געפילט די גרויסע עוולה וואָס מען באַגייט קעגן מיין זיידן. ער האָט אַריבער־געצויגן דעם טלית איבערן קאָפּ, אַ טיפן זיפץ געטאָן און געזאָגט מיט אַ צעבראָכן קול:

— מנשה, עס זאָל דיר נישט גערעכנט ווערן. האָסט מיך פאַר־שעמט אין אַ מקום קדוש, אין דעם הייליקן טאָג...

ווען מיין טאַטע איז צוריקגעקומען פון וואַרשע האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטורעם, פאַרוואָס מ'האָט פאַרשעמט זיין פאָטער. די מחלוקת האָבן זיך לאַנג געצויגן, אָבער ביסלעכווייז מיט דער צייט האָבן די געמיטער זיך איינגעשטילט.

***

אַ פּאָר חדשים שפּעטער, אין אַ קאַלטן, שטילן ווינטערדיקן פרימאָרגן, די מאַמע איז געשטאַנען ביי דער קיך, און געפּאָרעט זיך ביי איר טעגלעכער אַרבעט. ביידע באָבעס האָבן זיך געוואָרעמט ביים פייער, זיי זענען געזעסן מיט געשלאָסענע אויגן. דער זיידע איינגעהילט אין אַ וואַרעמען קאַפּטן, האָט זיך געשאָקלט איבערן „חק", שטיל צוגעברומט אַ ניגון. האָט זיך געעפנט די טיר און ס'האָט זיך אַריינגעשלייכט מנשהס ווייב, אסתר. זי איז געווען איינגעהילט אין אַ שוואַרצער פאַטשיילע. זי האָט זיך פאַרהאַלטן נישט ווייט פון דער טיר און געזאָגט, מיט אַ פאַרשעמטער שטימע:

— יוספשי... — איר קול האָט געציטערט — זיי מיר מוחל. איך האָב איבערגעטרעטן דיין שוועל אָן דיין דערלויבעניש... זאָלסט אויפ־נעמען מיינע רייד. כ'בעט דיך: מנשה איז זייער קראַנק, ער האַלט ביים שטאַרבן, ער באַגערט דיך צו זען, יוספשי...

זי האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, און זיך שטאַרק צעוויינט.

דער זיידע האָט אָן איין וואָרט, אָנגעטון דעם שפּענצער, מיר גע־געבן אַ צייכן מיטצוגיין, און געזאָגט צו דער פאַרשעמטער, צעבראָכענער פרוי:

— קום, אסתר.

זייער דירהלע — איז געווען אַ קיך און אַ גרויסע שטוב. ביים טיש אין דער קיך זענען געזעסן זיינע זין דוד און בעריש, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. ביי דער ציגעלנער קיך איז געשטאַנען די טאָכטער. זי האָט געדרוקט די טעפּ, אַריינגעוויינט אין זיי. אין דער גרויסער שטוב זענען געשטאַנען צוויי בעטן. ביי דער וואַנט, אין אַ דאָרפיש בעט, צוגעדעקט מיט אַ שווע־רער פּערענע — איז געלעגן אַ שאָטן פון אַ מענטש; אַ געל פּנים, אַ גרויע, קורצע קאַלטענעוואַטע באָרד, די וואַסערדיקע אויגן — האַלב אויסגעלאָשן. דער עלטערער זון, דער לאַמער יאָסל, איז געשטאַנען צו־פוסנס און געקוקט אויפן פאָטער מיט טרויעריקע פאַרטרערטע אויגן. אַ צער און אַ ווייטיק האָט געשפּראָצט פון יעדן ווינקל, ווי די פליגלען פון טויט האָבן געהויערט איבער דער דאָרפישער שטוב.

מנשה האָט געבליקט אַ ווײַלע צום זיידן, אים אָנגעוויזן ער זאָל זיך צוזעצן אויפן בעט, און מיט זיינע לעצטע כוחות האָט ער אַרויס־געשעפּטשעט:

— יוספשי טייערער! זיי מיר מוחל, וואָס איך האָב דיך פאַר־שעמט אין דעם הייליקן טאָג. יום כיפור... כ׳קען נישט שטאַרבן...

און מער האָט ער קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסברענגען. דער זיידע איז געוואָרן ווי פאַרשטיינערט, ער האָט אָנגעהויבן וויינען — אַרויפגעפאַלן אויף דעם האַלב־טויטן און אַרויסגעבראַכט מיט אַ ציטער־דיק קול:

— מנשה! כ׳בין דיר מוחל במחילה גמורה!...

אַזוי ווי אַ שמייכל וואָלט אַדורכגעפלאַטערט אין קראַנקנס פאַר־גלייזטע אויגן. צוויי טרערן האָבן זיך באַוויזן און פאַרגליווערט געוואָרן.

אַזוי האָט מנשה שטיל — אויסגעהויכט זיין נשמה.

אַ פּאָר צענדליק יאָר זענען פאַרלאָפן פון דער טראַגישער איבער־לעבונג, וואָס איך האָב בייגעווויינט אין מיינע יונגע יאָרן —מיר פאַר־טראַכטן זיך, אַז מנשה איז געשטאָרבן ווי אַ צדיק.

עס ווערט מיר איצט קלאָר דער מאמר פון אונזערע חכמים:

„במקום שבעל תשובה עומדים, אין צדיקים גמורים יכולים לעמוד״.

## ר׳ יהודה מאיר מאַרקעוויטש

ווען כ׳בין שוין געווען אַ דערוואַקסן ייִנגל, האָט מיין טאַטע ז״ל מיר דערציילט, ווי ס׳האָט אויסגעזען דאָס לעבן פון די גלינאָוויעצקער ייִדן אין סוף פון פאַריקן יאָרהונדערט, פאַרשידענע עפּיזאָדן. האָב איך דעם טאַטן איינמאָל אַ פרעג געטאָן:

— פון וואַנען האָסטו געלערנט דעם נוסח פון די ימים־נוראימדיקע תפילות?

ווייל דער טאַטע מיינער איז געווען אַ גוטער בעל־תפילה. ער האָט געשמייכלט, און כ׳האָב געפילט, אַז די זכרונות פון זיינע יונגע יאָרן לעבט ער אויפסניי איבער און ער האָט אַ פאַרלאַנג צו דערציילן.

— מיר וועלן פאָרן קיין סטשעגאָווע נאָך סחורה — האָט ער מיר געזאָגט — און אויפן וועג וועלן מיר שמועסן.

ס׳איז געווען אָנהויב אלול. דער זומער האָט נאָך געטעמט אין זיין גאַנצער פּראַכט נאָר אין דער לופט האָט מען שוין געפילט, אַז ער האַלט ביים פאַרגיין. דאָ און דאָרט האָבן די בלעטער אויף דיביימער גענומען וועלקן. אַ קילבלעך ווינטל האָט אומעטיק אַ בלאָז געגעבן. די טעג זענען שוין געווען קירצערע. אַ שוואַרצע קראָ איז געפלויגן נידעריק אונטער די הימלען און געקראָקעט. אויף די פעלדער האָבן די פּויערים איינגעזאַמלט די לעצטע תבואות, געקאָסעט דעם שמעקעדיקן היי און געפירט צו די שייערן.

איך הער, ווי מיין טאַטע רופט מיך. דאָס פערדל איז שוין געשטאַנען איינגעשפּאַנט אין דער בריטשקע. מיר זענען אַרויף, אויפן גערוס, און אַרויסגעפאָרן פון שמאָלן הייפל. לינקס האָבן מיר זיך אַראָפּגעדרייט צום טייכל. די בריטשקע האָט זיך געקאָלערט אויף דער הילצערנער בריק און הויל אָפּגעקלונגען. דאָס פערד האָט פאַריסן דעם קאָפּ און זיך

פריילעך צעהירזשעט, אַ צי געגעבן די בריטשקע און מיר האָבן זיך אַוועקגעוויגט איבערן שאָסיי.

די צוויי ווייאָרסט וואָס האָבן געפירט ביז צום „פלאַנט", איז דער שאָסיי־וועג פון ביידע זייטן געווען באַזעצט מיט ביימער. די וואַרעמע זון האָט זיך געשפּילט — זי האָט זיך איינגעקלעמט אין די געדיכטע צווייגן־בלעטער און צוריק אַרויסגעשיינט אַ צעשמייכלטע... שטיל איז געווען. די שטילקייט איז צומאָל איבערגעריסן געוואָרן מיט פייגל־טרעלן. אין טיפן פעלד זענען איינגעשפּאַנט אַ פּאָר אָקסן אין אַקער־אייזן. אַ פּויער מיט אַ ברייטן שטרויענעם קאַפּעלוש, האָט איבערגעדרייט די ערד צום ווינטער־פּאַרזיי. פונדערווייטנס, שטייט שטום אַ פּויערישע הייזקע מיט אַ שייער. אַ קו צעמעקעט זיך, זי ציט אויס איר לאַנגן האַלדז. אַרום ליגט אַ ליכטיקע שלווה. דער טאַטע פאַרויכערט אַ פּאַפּיראָסל, פאַרציט זיך אַ פּאָר מאָל און נעמט מיר דערציילן:

— ס'דאַכט זיך מיר מיין זון, ווי ס'וואָלט נעכטן געווען... כ'בין געווען אין דיינע יאָרן. דער זיידע האָט מיך מיטגענומען קיין מאַלוזשין אין דער מיל, איינקויפן מעל פאַר דער בעקעריי. אויף די זייטיקע פאַרבלאָטיקטע וועגן האָט דאָס פערדל געשלעפּט דעם וואָגן טריט ביי טריט. דער זיידע האָט מיר דערציילט אַ מעשה, וואָס איז זיך פאַרלאָפן ביי אים אַ קורצע צייט נאָך זיין חתונה:

ס'איז געווען אַ ביטערער ווינטער. די שנייען און פרעסט האָבן איינגעהילט דאָס דערפל. ס'איז פרייטיק־צונאַכט. די באָבע פרימעט — אַ צניעותדיקע יידישע טאָכטער פאָרעט זיך אין דער באַלעבאַטישקייט. כ'בין געקומען פון דאַווענען, געזונגען דעם „שלום עליכם", געמאַכט קידוש, געגעסן די שבתדיקע מאכלים. די באָבע האָט מיטגעזונגען די זמירות. זי האָט געהאַט אַ שיינע שטימע. אַ וואַרעמקייט פון היימלעכן שבת האָט גערוט איבערן שטיבל, און געווען צעלייגט אין יעדן ווינקעלע. אין דרויסן ברענט דער פראָסט די פענצטערלעך זענען פאַרקאָוועט מיט פאַנטאַסטישע בילדער. אין דעם הערט מען קלאַפּן אין דער טיר. די באָבע איז אַוועק אויפמאַכן, און לעבן אירע פיס איז עמיצער אַנידערגעפאַלן. מיר האָבן אים אויפגעהויבן, אַוועקגעלייגט אויפן בעט.

ס'איז געווען אַ ייד, נישט זייער אַלט, מיט אַ טונקל בערדל. מיט אַ שוואַכער שטימע, האָט ער דערציילט, אַז ער קומט פון פּלינצק, ער

האָט פאַרבלאָנדזשעט. און ביי די ווערטער איז ער געפאַלן אין חלשות. מיר האָבן גלייך דערזען, אַז די פינגער פון די הענט און פיס זענען אָפּ־געפרוירן. מ׳האָט אים איינגעריבן מיט שניי, דערנאָך געגעבן אים הייסע קאַווע, ביז ער איז איינגעזונקען אין אַ טיפן שלאָף.

אַ וואָך צייט איז דער ייִד ביי אונז פאַרבליבן. ער איז געוואָרן היימיש און דערציילט, אַז ער שטאַמט פון וואַרשע, און פאַרט אַרום זאַמ־לען געלט, חתונה צו מאַכן אַן אָרעמע יתומה. וואַנדערט ער אַזוי פון שטעטל צו שטעטל, סיי זומער, סיי ווינטער, דאָסמאָל האָבן אים די שטאַרקע פרעסט איינגעהילט.

— אַדאַנק אייך גוטע מענטשן — בין איך נישט געפרוירן גע־וואָרן — איר האָט מיך אָפּגעראַטעוועט און דערמיט זיך איינגעקויפט די גרעסטע מצווה.

ס׳איז געווען שפּעט אין אָוונט, ער איז געשטאַנען ביים וואַרעמען אויוון. אין דער קיך האָט דאָס נאַפט־לעמפּל געלייגט גרויסע שאָטנס אויף די ווענט. זיינע אויגן האָבן געגליט ווי אין פיבער, ווען ער האָט נאָך געזאָגט די ווערטער:

— אין דעם זכות, וואָס איר האָט מיך געראַטעוועט, וועט אייך גאָט העלפן און ס׳וועט געבוירן ווערן ביי אייך אַ זון וואָס וועט אייך פאַרשאַפן אַ סך נחת...

ער האָט געזאָגט „אַ גוטע נאַכט” און איז געגאַנגען שלאָפן. צו־מאָרגנס איז געווען אַ טאָג מיט שווערע אַרבעט. אין אַ צייט אַרום האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז דער געהיימניספולער ייִד, איז פאַרשוווּנדן אָן אַ וואָרט צו זאָגן, אויסגערונען ווי אַ נעפּל. מיר האָבן קיינמאָל מער נישט געהערט פון אים. אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט דיין מאַמע געבוירן מיין עלטסטן זון חיים. ער איז טאַקע געווען דאָס בעסטע קינד, האָט אונז פאַרשאַפט שטאָלץ און פרייד, ווי דער אומבאַקאַנטער ייִד האָט אונז גע־ווונטשן אין יענעם ווינטערדיקן אָוונט...

כ׳בין געווען זייער באַאיינדרוקט דערפון, וואָס דער טאַטע האָט דערציילט, און אים געבעטן:

— דערצייל מיר נאָך עפּעס וועגן זיידן.

— דער זיידע וועט דיר זיכער אַליין דערציילן. אָבער איך וויל דיר

ענטפערן, ביי וועמען כ׳האָב געלערנט דעם נוסח געזאַנג פון די ימים נוראים תפילות. כ׳בין שוין געווען אַ דערוואַקסן יינגל, פלעגט יעדעס יאָר קומען פון ראַטשוינז אַ ייד דאַוונען, אַ בעל־מוסף. ער האָט שוין כמעט געהאַט די חזקה.

איינמאָל, ראש השנה, ס׳ווערט שפּעט, די זון פאַרגייט, און מען זעט נאָך נישט דעם בעל־תפילה. מ׳האָט זיך געשטעלט דאַוונען מעריב, און נאָך מעריב זיך געפרעגט: וואָס וועט זיין? נישטאָ קיין בעל־מוסף. רופט זיך אָפּ אַ ייד:

— זאָל דער דיין ר׳ זלמן־משה דאַוונען מוסף, ער האָט אָבער געענטפערט, אַז ער פילט זיך נישט ווי אַמבעסטן. דאַוונען שחרית, זיין אַ בעל־קורא, אַ דרשה פאַר שופר־בלאָזן, איז פאַר אים צו שווער. חוץ דעם, האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געדאַוונט מוסף.

אין גלינאָוויעצק האָט געוווינט אַ משפחה מאַרקעוויטש. דער פאָ־טער האָט געהייסן יהודה־מאיר. אַלע יאָרן געווען אַ קצב. אַן ערלעכער, נישט קיין פאַרגרעבטער ייד, געהאַרעוועט שווער אויף פרנסה. ער האָט געהאַט פינף זין: יוסף, בער, שמואל, לייב און חנן. אַמאָל, אין אַ שבת, האָט ער זיך געשטעלט צום עמוד. אַזוי ווי דער עולם שפּאַרט זיך אַזוי, רופט זיך אָפּ ר׳ יהודה־מאיר מאַרקעוויטש:

— אויב דער עולם וועט איינשטימען, נעם איך זיך אונטער צו זיין בעל־מוסף.

די יידן זענען געווען פאַרחידושט, הערנדיק די ווערטער און גע־טראַכט — צי קען ער? צי וועט ער זיין בכוח צו זיין שליח ציבור אין די הייליקע טעג? האָט זיך דער גבאי אָנגערופן:

— מיר וועלן זען, בלי נדר, מאָרגן.

צומאָרגנס, נאָך קריאת התורה, מ׳האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, האָט דער גבאי געזאָגט צו ר׳ יהודה־מאירן:

— זייט אונזער שליח ציבור און השם יתברך זאָל אונז צושיקן אַ גוט יאָר.

האָט ער אָנגעטון דעם קיטל, איינגעהילט זיך אין טלית און אָנ־געהויבן זאָגן די פרעכטיקע תפילה: הנני העני ממעש... אַ ציטער איז

אַדורך איבערן לייב. אַ שיינע, האַרציקע שטימע, מיט מתיקות, האָט געקלונגען, דערוואָרעמט אַלע גלידער. די יידן האָבן געשטוינט: יהודה־מאיר זאָל אַזוי שיין דאַווענען?

אַזוי איז ער שוין אַלע יאָרן געווען בעל תפילה אין גלינאָוויעצק. דאָס ערשטע יאָר נאָך מיין חתונה, איז ער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן. נאָך זיין טויט, האָב איך אָנגעהויבן דאַווענען מוספים, מיטן נוסח פון זיינע תפילות. זיי זענען מיר געווען נאָענט צום האַרצן. דאָס געזאַנג פון די תפילות, מיין זון, שטאַמען פון ר׳ יהודה־מאיר מאַרקעוויטש ז״ל.

דער טאַטע האָט זיך פאַרטראַכט. זיינע מחשבות האָבן אים זיכער פאַרטראָגן צו זיינע ווייטע יונגע יאָרן, אין קליינעם, שטילן דערפל, וואָס עס איז דעמאָלט געווען גלינאָוויעצק.

# יידן פון דער הוטאַ

דאָס דערפל פון אַ דריי צענדליק פויערים האָט זיך גערופן הוטאַ. אויסגעפּאָרענע, שמאָלע, באָטשנע וועגן, באַזעצט פון בײדע זייטן מיט יונגע ליפּע־ביימלעך, האָבן געפירט צו זייערע אָרעמע כאַטעס און דאָרפישער ווירטשאַפט. הוטאַ איז געלעגן אויפן וועג קיין טשעכאַנאָו, זעקס וויאָרסט פון גלינאָוויעצק. רעכטס, האַרט ביים וועג־ריוו, איז געווען אַריבערגעוואָרפן אַ קליין בריקל. אַביסל ווייטער, אויף אַ נאַקעט פעלד, זענען געשטאַנען דריי הייזקעס, שטעלער און אַ האַלב־איינגעפאַלענער שייער.

אין דער שטאַל־טיר איז געשפּרונגען אַ קעלבל מיט שטייפע, צעשפּרייטע לאַפּקעס און געבליקט צעשראָקן מיט די קעלבערנע אויגן. אויף דער שוועל פון דער כאַטע איז געזעסן אַ קינד, שוואַרץ ווי אַ ציגײַנערל. ס׳האָט זיך דערשראָקן און אַרײַנגעפּויזעט אויף אַלע פיר אין דער כאַטע. די עלטערע קינדער זענען אַרומגעלאָפן איבערן הייפל און פאַרהילכט מיט זייערע קינדערישע קולות. ווען זיי האָבן באַמערקט דעם פרעמדן, זענען זיי אַלע מיטאַמאָל פאַרשטומט געוואָרן, פאַרשעמטע, מיט אַ פינגערל אין מויל, ווי קליינע, דערשראָקענע הירשלעך, געבליקט אויפן פרעמדן, ווי ער וואָלט אַראָפּגעפאַלן פון הימל.

אין שטילן ווינקעלע ביים שאָסיי האָבן געלעבט פיר יידישע משפחות, אַ פאָטער מיט דריי בנים. דער עלטערער ייד, יצחק, איז געווען אַ נידעריק, קרעפּקע יידל, מיט אַ קורץ בערדל, דורכגעוואָרפן מיט גרויע פעדים, וואַסערדיקע אויגן. אויף דער נאָז האָבן געהאָנגען צעפּלאַצטע ברילן. דאָס זענען געווען טיפּן פון די אַמאָליקע פּראָסטע אַרענדאַרן. וועגן אַלטן יצחק האָט מען דערציילט אַ געשיכטע, וואָס איז זיך פאַרלאָפן:

יעדעס יאָר, אין שפּעטן האַרבסט, איז ער געקומען קיין גלינאַ־וויעצק אין בית־מדרשל זאָגן קדיש נאָך זיין פאָטער. עס האָט געטראָפן, אַז איינמאָל איז ר׳ יצחק נישט געקומען צום יאָרצייט פון זיין טאַטן. אין אַ צייט אַרום איז ער געקומען צום זיידן איינקויפן פּראָדוקטן. פרעגט אים דער זיידע:

— יצחק, פאַרוואָס ביסטו נישט געקומען זאָגן קדיש, צום יאָרצייט פון דיין פאָטער? האָט ער זיך ברייט צעשמייכלט און געענטפערט:

— יוספשי — די הוטאַ־לייט פאַרגעסן נישט... כ׳האָב יאָרצייט, ווען עס פאַלט אַראָפּ דער ערשטער שניי...

פאַרגרעבטע ישובניקעס, ווי די פּויערים, אין אָנטון זיך, אין רעדן, נאָר יידן מיט האַרץ און נשמה, כאָטש פּראָסטע לייט.

ס׳איז געווען אין די צוואַנציקער יאָרן האָט דער טאַטע געפּאַכטעט אַ סאָד ב׳שותפות מיט שמואל קאָהן אין קונדראַיעץ. מ׳האָט אַראָפּגענומען די ערשטע פלוימען, אויפגעלאָדעוועט זיי אויף אַ וואָגן. ס׳איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, ווען דאָס דערפל איז געלעגן אין טיפן שלאָף. האָט דאָס איינגעשפּאַנטע פערדל, אַ צי געגעבן דעם שווערן וואָגן,און מיט אַ דראַבנעם טריט, זיך געשאָקלט אויפן וועג קיין טשעכאַנאָוו. ווען מיר זע־נען אָנגעקומען נישט ווייט פון דער הוטאַ, האָט געפּלאַצט אַ ראָד. האָבן מיר אָנגעקלאַפּט ביי ר׳ אברהמען אין דער הוטאַ. האָט ער געכאַפּט עפּעס אויף זיך, און איז אַרויס העלפן שלעפן דעם וואָגן. ער האָט גע־אַרבעט ביז פאַרטאָג, מיר זאָלן קענען אַריינפאָרן קיין טשעכאַנאָוו מיט דער סחורה.

אברהם איז געווען אַ הויכער, גלייכער ייד, ווי אַ דאָמב, אַ קורץ, שוואַרץ בערדל, גוטמוטיקע ברוינע אויגן, און גערעדט האָט ער מיט אַ שטימע, ווי זי וואָלט געקומען פון אַ ברונעם אַרויס. אָמאָל דורכפאָרנדיק, ווען מען איז אַריין זאָגן אַ גוטן־מאָרגן, האָט זיין וייב צוגערוקט אַ בענקל, לאַנג געווישט מיט איר פאַרטוך, און אַזוי מיטן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ, דערציילט פון איר לעבן, דאָ אין דעם העק — די משפחה־צרות — אין איין וועג אויך די דאָרפישע נייעס...

— שלום — אברהמס ברודער, איז געווען אַ ייד פון מיטעלן וווקס, אַ ברייט־פּלייציקער, קליינע צעשראָקענע אויגן מיט אַ רויט־געלער באָרד, קליינע שפּרינקעלעך אויפן פּנים, פונדערווייטנס האָט זיין קאָפּ אויסגעזען

ווי אַ שטיק קופּער. זיין ווייב שרה, אויך אַ געלע, מיט אַ כאַפּטע קינדערלעך, איינס קלענער ווי דאָס צווייטע, זיי האָבן אַרומגעפּלאָטערט אין שטוב, און אויסגעזעען ווי קליינע ביימלעך מיט געלע גרויסע קנאָספּן. שלום איז געווען דער פאַרגרעבטסטער פון אַלע, האָט ווייניק גערעדט, אָרעם און פּראָסט, אָבער אַן ערלעכער שטילער האָרעפּאַשנער ייד. געשפּאַנט טאָג איין, טאָג אויס, זיין וועג. און אין אים זיך אויסגעלעבט.

דער אויפגעקלערטער פון דער הוטאַ איז געווען יעקב. מ׳האָט אים גערופן: „אַבאַל" — פאַרוואָס? — אָט אַזוי — ס׳האָט ווייזט אויס צוגעגעבן מער וואָגיקייט... ער האָט זיך נישט באַליידיקט ווען מ׳האָט אים אַזוי גערופן, זיך צעשמייכלט נישט געמאַכט פון דעם קיין „צימעס". ער איז געווען ברייט־פּלייציק מיט אַן אַטלעטישער פיגור. זיינע האַרציקע, קינדערישע בלויע אויגן, האָבן שטענדיק געשמייכלט. האָט זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט. זיין ווייב פייגע האָט געשריגן, געשאָלטן, נאָר נישט פון שלעכטקייט, איר לעבן איז געווען פאַרביטערט.

— פאַרשאָלטענער „אַבאַל!..." האָט זי געשריגן האַלב צוגעווינט — נעם איין אַ סוף... אַ פינצטער לעבן האָב־עך ביי דיר...

יעקב האָט אין די יונגע יאָרן געזונגען אין כאָר ביים באַרימטן חזן עלענקע פון פּלינצק. ער האָט פאַרמאָגט אַ שיינע שטימע. (דעם חזן עלענקע האָב איך געטראָפן אין 1946 אין פּאַריז. ער איז געווען אין טיפן עלטער). יעקב איז געווען אַ בעקער. דער פעטער מרדכי האָט אים אויסגעלערנט דאָס פאַך. אין די צוואַנציקער יאָרן איז ער געקומען וווינען קיין גלינאָוויעצק. זיי האָבן געהאַט דריי קינדער, צוויי יינגלעך און אַ מידל, אַ געלע מיט לאַכנדיקע אויגן ווי אַ לאַלקע. דאָס עלטסטע יינגל איז געבוירן געוואָרן אַ קאַליקע. זיי האָבן געוווינט אין אַ קליין אָרעם שטיבל אַנטקעגן דעם פעלדשער.

עס איז געווען אַ פּאָר טעג פאַר שבועות, אין אַן אָוונט, איז פייגע אַריינגעקומען צו אונז מיט אַ געוויין:

— ר׳ שמעון, קומט אַריין, זייט אַזוי גוט. מיין קינד איז מיר פאַרביי.

— גיי רוף דעם רופא — זאָגט מיר מיין טאַטע אויפן וועג.

דער רופא שטראָמף איז געקומען, באַטראַכט דאָס יינגל און אַ זאָג געטון שטיל צום טאַטן: — ער איז פאַרלוירן.

ס'איז געווען אַ וואַרעמע שבֿועותדיקע נאַכט. אַ בלעטל אויף אַ בוים האָט זיך נישט אַ ריר געטון. מאַיאָווע אַראָמאַטן האָבן פֿאַרשיכורט די לופֿט. די בלומען קנאָספּן האָבן זיך רעשיק געעפֿנט. דער פֿרילינג אין דערפֿל איז געלעגן אין זיין גאַנצער פּראַכט. אויפֿן הויכן סאַמעט־בלויען הימל, האָט זיך געצייכנט אַ קליינער סערפּ פֿון דער לבֿנה, אַרומגערינגלט מיט מיליאָנען קליינע שפּריצן. זאָגט דער טאַטע:

— קום, לאָמיר גיין זען וואָס עס מאַכט פֿייגעס יינגל. מיר זענען אַריין אין אָרעמען שטיבל. די ליכט אין די לייכטערס האָבן געצאַנקט, אַ קליין נאַפֿט־לעמפּל האָט געברענט, דאָס קנייטל האָט געציטערט, גע־וואָרפֿן שאָטנס אויף די ווענט. דאָס קראַנקע יינגל איז געלעגן מיט פֿאַר־מאַכטע אויגן, געקרעכצט, שווער געאָטעמט. דער טאַטע האָט זיך דער־נעטערט צום בעטל. די מוטער האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין:

— ר' שימעשי, מיין קינד שטאַרבט מיר אָפּ. ער רעדט נישט מער.

—דער טאַטע האָט מיר שטיל איינגערוימט:

— מ'קען זיי נישט לאָזן אַליין אין זייער אומגליק. לייג זיך צו אויף אַ פּאָר שעה. דערנאָך וועלן מיר זיך בייטן.

ס'איז געווען דריי אַזייגער ביינאַכט. דער טאַטע איז אַוועק. יעקב מיט פֿייגען שנאָרכן. דאָס יינגל און דאָס מיידל שלאָפֿן אויף אַ קליין בעטל, די פּיסלעך און הענטלעך פֿאַרפּלאָכטן. דאָס קראַנקע יינגל אָטעמט שווער, כאָרכלט מיטן האַלדז. איך קוק אויפֿן יינגל און הייב זיך אָן צו שרעקן — זיין נאָז איז פּלוצים געוואָרן לאַנג, די נאָזלעכער — שוואַרץ. ער שטיקט זיך מיטן אָטעם ס'איז דער סוף.

פּלוצלונג, כאַפּט זיך אויף די מוטער מיט אַ געשריי:

— מיין טייער קינד! — מיין לעבן! — זי פֿאַלט אויפֿן בעטל פֿון יינגל. אַלע וועקן זיך אויף און הייבן אָן צו יאָמערן. דאָס יינגל האָט מיט די לעצטע כּוחות האַלב אויפֿגעריסן די אויגן און שטיל אויסגעגאַנגען.

שרעקלעך איז דער טויט פֿון אַ יונג קינד, ווי אַ ביימעלע, וואָס הייבט אָן צו וואַקסן און ווערט פֿאַרשניטן...

ווו נעמט מען ווערטער צו פֿאַראייביקן אונזער גרויסן ווייטאָג, וואָס די דייטשישע, נאַציסטישע און אַנדערע מערדער, האָבן אומגעבראַכט, בעסטיאַליש, קאַלטבלוטיק, „וויסנשאַפֿטלעך" מער ווי אַ מיליאָן פֿון

אונזערע טייערע אומשולדיקע קינדער. און די וועלט לעבט ווייטער ווי געוויינלעך.

די זון גייט אויף און גייט אונטער — איך אָטעם מיטן אָטעם פון אונזערע טייערע קינדער, ווען זיי זענען געפירט געוואָרן צו דער שחיטה.

— אונזער לעבן הייסט! — קיינמאָל איך נישט פאַרגעסן!

— נקמה! — פאַר זייער הייליק פאַרגאָסן בלוט!

***

אין אַ דערפל גלאָדאָווע, האָבן געלעבט אַ פּאָר יידישע משפחות. כ׳דערמאָן זיך נישט זייערע נעמען — אייביקן אָנדענק איך אומבאַקאַנטע קדושים.

## שיינטשע דעם שוחט׳ס פון סטשעגאָוואָ

ווען נישט שיינטשע דעם שוחט׳ס, בין איך נישט זיכער צי כ׳וואָלט געווען בכוח אָנצושרייבן דאָס יזכור־בוך וועגן גלינאָוויעצק. מיינע גע־דאַנקען האָבן מיך איבערגעטראָגן אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, און איך האָב באַשלאָסן איר צו ווידמען אַ פּאָר שורות.

זי האָט געשטאַמט פון אַ זעלטענער יידישער היים, דאָס שענסטע און נשמהדיקסטע פון יידן אין פּוילן. דעם פאָטער אירן ר׳אברהם־יצחק שוחט ז״ל האָב איך נישט געקענט. מיין טאַטע ז״ל האָט מיר דערציילט וועגן אים. אַ ייד אַ בן־תורה, אויך וועלטלעכע לימודים זענען נישט גע־ווען פרעמד פאַר אים. חוץ מזה, אַ געוואַלדיקער בעל־מנגן, געלייענט נאָטן ווי פון אַ בוך. תורה, חכמה, איידלקייט, האָט געפּלייצט פון אים, מיט די גרויסע אומשולדיקע אויגן, און מיט דער לאַנגער צעקעמטער באָרד האָט ער באַשיינט זיין משפּחה.

די יינגסטע טאָכטער זיינע, שיינטשע, האָט געירשנט זיין איידעלע נשמה. שיין, קלוג, אינטעליגענט, באַגאַבט. זי איז געווען אַ דיכטערין. געשריבן פּאָעמעס, זי האָט געצייכנט מיט איר פעדער דאָס פּילבאַרסטע. זי האָט אַרויסגעברענגט די וויבראַציעס פון איר איידעלער נשמה... דאָס ראַנגלען זיך — דערשטיקן ביז ווייטאָג צו דעם, צו וואָס זי האָט גע־בענקט — דעם צאַפּל פון איר האַרץ האָט מען געלייענט צווישן די שורות. זי האָט זיך געריסן צו דער גרויסער וועלט, נאָר איר גורל האָט זי געהאַלטן געבונדן מיט איר וויגעלע, וואָס האָט זיך גערופן סטשעגאָוואָ.

משה שוחט, איר מאַן, האָב איך גוט געקענט. מען באַגעגנט נישט היינט דעם טיפּ מענטשן ביי יידן ווי ער איז געווען. אַ הויכער, למדישער

וואָס זי האָט מיר געשאָנקען, האָט באַרייכערט מיינע געדאַנקען און גע־פילן. זי האָט מיר אָנגעוויזן וועלכע ביכער איך דאַרף לייענען. מיר האָבן געפירט אינטערעסאַנטע דיסקוסיעס. כ׳האָב אָנגעהויבן קלאָרער אויפצו־נעמען די דאָרפישע קלאַנגען, דאָס טרעלן פון די פייגל, מיט אַנדערע אויגן באַוווּנדערט דאָס גליטשן זיך פון דער זילבערנער לבנה אויפן סאַמעט־בלויען הימל.

שיינטשע איז פאַר מיר געווען די וועג־ווייזערין. ווען זי האָט פאַר מיר די ערשטע פּאָעמע געווידמעט — האָב איך זיך דערזען — דאָס דאָר־פישע יינגל, אין אויפוואַכנדיקן פרילינג — דער חודש איז שנעל פאַרביי.

נאָך איר אָוועקפאָרן האָב איך דערפילט אַ פאַרלאַנג צו פאַרצייכע־נען מיינע געדאַנקען. שיינטשע האָט מיך אינספּירירט און אויפגעוועקט דעם דראַנג צו שרייבן. באַשרייבן מיין לעבן, אויך פון די אַרומיקע, אין דעם שטילן ראָמאַנטישן דערפל. די דאָרפישע שטילקייט וואָס האָט געערעדט... די שיינע נעכט פול מיט בענקשאַפט און האָפענונג. און אויך איצט נאָך אַזוי פיל יאָרן, בין איך אונטערן איינפלוס פון שיינטשען.

— צוצוגרייטן דאָס יזכור־בוך, צו פאַראייביקן דעם ליכטיקן אָנ־דענק פון גלינאָוויעצקער יידן, און פון מיין האַרציקער פריינדין — שיינטשע דעם שוחט׳ס.

## דאָס צוזאַמענלעבן מיט די קריסטן

כ׳דערמאָן זיך נישט, יידן זאָלן זיך האָבן ווען געהאַט צו באַקלאָגן פון פיינטלעכע באַציאונגען פון די גלינאָוויעצקער קריסטן. דער זיידע און דער טאַטע פלעגן דערציילן ווי טאָלעראַנט, און אפילו מיט רעספּעקט, די קריסטן האָבן זיך באַצויגן צו יידן.

דער גלח, וואָס איז אָנגעקומען אין דער גלינאָוויעצקער פּאַראַפיע סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט, איז געווען יידן־פריינטלעך; און בכלל געווען אַ גוטער מענטש. אַ הויכער, אַ גוטמוטיקער, האָט ער ווי אַרומ־געשוועבט איבערן שטעטל מיט שנעלע טריט, ווי אַ ווינט וואָלט אים געטריבן. אין זיינע זונטיק־רעדעס פון דער אַמבאָנע אין קאָשטשאָל האָט ער איינגעפלאַנצט אין די קריסטן זייער גלויבן, לעבן בשלום מיט די יידישע שכנים; כאָטש מיר ווייסן, וואָס פאַראַ איינפלוס דער קלויסטער האָט געהאַט אויף די גויים. יידן און קריסטן האָבן אין גלינאָוויעצק גע־לעבט אין גוטער שכנותשאַפט.

יידן אין גלינאָוויעצק האָבן גערעדט קאָרעקט פּויליש, מעגלעך בעסער, ווי פיל פּאָלאַקן. זיי זענען אויך געווען שטאָלצע יידן און זיך נישט געלאָזט באַליידיקן אין זייער יידישקייט.

צוויי פּאַסירונגען, וואָס זענען זיך פאַרלאָפן אין הויז ביים זיידן, האָבן באַווירקט דעם רעספּעקט. די ערשטע געשיכטע — ווי מיר האָבן שוין דערציילט — איז געווען מיט דער קריסטלעכער דינסט מאַרישאַ. די צווייטע פּאַסירונג האָט געהאַט אַ שייכות צו מיין פעטער מרדכי. דער פעטער מרדכי איז געווען אַ הויכער ייד, אַ דיקלעכער, אַטלעטיש געבויט, בלויע אויגן. אַ קינדערישע האַרציקייט האָט געפינקלט אין זיי און אַ ברייטער שמייכל איז אַלעמאָל געווען אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים. פון מיינע ייִנגסטע יאָרן האָב איך אים פּשוט פאַרגעטערט. ס׳לעצטע מאָל האָב

— ער דאַרף נישט קיינעם פרעגן — האָט דער כוליגאַן געענטפערט, ער ווייסט וואָס ער האָט צו טון!

אין דעם איז דער טאַטע אַנגעקומען. דער פּוילישער זעלנער־כוליגאַן האָט אויסגעשריגן מיט זיין פינצטערן פּרצוף — אָט דאָס איז דער באַלשעוויסטישער קאָמיסאַר און שפּיאָן!...

ער האָט מיין פאָטער אַרויסגעפירט אויפן הויף געשטעלט אים ביי דער וואַנט, צו דערשיסן. די מאַמע מיט די קינדער האָבן אָנגעהויבן שרייען און וויינען. גראָד איז דער גלח פאַרבייגעגאַנגען, איז די מאַמע אַרויסגעלאָפן אים בעטן צו ראַטעווען דעם טאַטן. דער גלח איז אַריין אין הויף און זיך געוואָנדן צום כוליגאַן:

— איך קען דיר שווערן ביי אַלע הייליקייטן, אַז דער פאַן שימאָן איז נישט קיין שפּיאָן, אַז ער איז אַן ערלעכער מענטש...

אָבער דער כוליגאַן האָט אים נישט געוואָלט הערן, אים צוגעוואָרפן ווערטער, וואָס האָבן דעם גלח באַליידיקט. האָט דער גלח אויסגעשפּרייט די הענט און מיט זיין קערפּער פאַרשטעלט מיין פאָטער:

— ווען דו ווילסט שיסן, דו פאַרשאָלטענער טייוול — האָט דער גלח אויסגערופן — טאָ שיס מיך אויך!...

ס׳האָט זיך דערוויל געמאַכט אַ טומל. ס׳גאַנצע שטעטל איז זיך צוזאַמענגעלאָפן, הערנדיק אַז מען וויל שיסן זייער גלח, זייער באַליבט ביי זיינע גלוביקע קריסטן. דערזען אַזוי, האָט זיך דער כוליגאַן שנעל אָפּגעטראָגן.

צוויי וואָכן צייט האָט זיך מיין פאָטער אויסבאַהאַלטן ביים גלח. די מאַמע האָט אים געטראָגן עסן. ער האָט דאָרט געהאַט אַ באַזונדער צימער. עס איז באַפוילן געוואָרן אַרויסצונעמען די הייליקע בילדער זייערע, ווייל דער גלח האָט געוווּסט, אַז מיין פאָטער איז שטרענג־רעליגיעז. ווען דער טאַטע איז דערנאָך אַהיים געקומען, האָבן מיר דערזען אין זיין געלער באָרד פיל זילבערנע פעדים.

אַזוי איז מיין טאַטע אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון טויט, אַדאַנק דעם גלח. געווען שכנים, קריסטן, וואָס זענען געווען זייער פריינטלעך און באַצויגן זיך מיט ליבשאַפט צו יידן.

# ר׳ אברהמעלע טשעכאָנאָווער זצ״ל

גלינאָוויעצק און טשעכאַנאָוו האָבן זיך געפילט, ווי אַ קליינע משפחה, בפרט אַז גלינאָוויעצק האָט געהערט צום טשעכאַנאָווער פּאָוויאַט. וועגן אַלע ענינים, וואָס דאָס שטעטל האָט געהאַט, איז מען געפאָרן קיין טשעכאַנאָוו; אָדער ווי צלאל שוסטער פלעגט זיך אויף זיין ספּעציפיש לשון אויסדריקן: „מע וועצעך אַבאַ־גיין נאָך טשעכאַנאָוו״. כמעט יעדער גלינאָוויעצקער האָט געהאַט משפחה אין טשעכאַנאָוו. פיל גלינאָוויעצקער האָבן גערוט אויפן טשעכאַנאָווער בית עלמין. ווען ס׳איז, עמיצער קראַנק געוואָרן ביי אונז, און דער „פּאַן סטאַרשי פעלדשער״ איז צו שוואַך געווען אין זיינע מעדיצינישע קענטענישן, איז מען געפאָרן צום באַרימטן דאָקטער ברודניצקי קיין טשעכאַנאָוו. אין אַ בריטשקע, געשפּאַנט מיט צוויי גניאַדע פערדלעך, איז ער געקומען צום קראַנקן.

פון גלינאָוויעצק ביז טשעכאַנאָוו איז געווען 26 וויאָרסט; ס׳הייסט, כמעט אַ שטוב מיט אַ קאַמער צווישן ביידע שטעטלעך. געפין איך פאַר נויטיק צו ווידמען אַ קאַפּיטל אין דעם גלינאָוויעצקער יזכור־בוך דעם באַרימטן גאון און צדיק, דעם זייער פּאָפּולערןביים פוילישן און ליטווישן יידנטום, ר׳ אברהמעלע טשעכאָנאָווער זצ״ל.

ר׳ אברהמעלע טשעכאָנאָווער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1785 אין שטעטל פּאַרנעטשעוו, נישט ווייט פון לענטשיץ. זיין פאָטער איז געווען אַן אַרענדאַר, ר׳ רפאל דאָבזשינסקי. זיין זיידע איז געווען דער גרויסער צדיק ר׳ בעריש הגדול פון קוטנאָ. ר׳ בערישן האָט מען געהאַלטן פאַר אַ נסתר, איינער פון די ל״ו. ער זאָל האָבן געשלאָפן 40 יאָר אויף אַ שטיין, ביזן טאָג, ווען ער איז נפטר געוואָרן. ר׳ יונתן אייבעשיץ האָט אַמאָל געפרעגט, ווער ס׳וועט זיין דער חבר זיינער אויף יענער וועלט? האָט מען אים אָנגעוויזן אויף ר׳ בעריש הגדול פון קוטנאָ...

האָבן זיך דערנומען צו אים, האָט ער געזען אַז די זאַך איז נישט פּשוט... ווער קען וויסן ? מסתמא הימל־זאַכן. האָט ער באַשלאָסן אַז די סחורה זיינע איז חמץ, מ׳טאָר דערפון נישט געניסן. האָט ער אויפגעעפנט די קראַ־נען פון די פעסער און געלאָזן דעם בראַנפן אויסרינען אויף דער גאַס. ס׳ווייב מאַכט געוואַלדן און פועלט ביי אים צו פאָרן אין שטאָט אַריין, פרעגן אַ שאלה.

דער פלאָצקער רב האָט אויסגעהערט די געשיכטע, געפונען אַ היתר און געפּסקנט, אַז דעם בראַנפן מעג מען נוצן. אויפן וועג אַהיים מאַכט ר׳ רפאל זיין אייגענעם חשבון: די פעסער בראַנפן זענען זיין גאַנץ פאַרמעגן; אַן דעם איז ער אַ ייד אַן אָרעמאַן. אָבער צוריקגעשמועסט, איז דעם רב׳ס פסק אַן אויסגעפּשטעלטער. איז ווי קען אַזאַ ייד ווי ער יוצא זיין פאַר אַ מצווה פון אַ כשרן פסח ? ניין, ער וועט דעם בראַנפן נישט נוצן ! און דערפאַר טאַקע האָט ער אַהיימקומענדיק, ס׳ווייב זאָל נישט זען, אויסגעגאָסן דעם גאַנצן בראַנפן אין גאַס אַריין. די פויערים האָבן עס געזען און געוואָרפן זיך אויף דר׳ערד, געלעקט דעם ביטערן טראָפּן. איז ס׳ווייב אַוועק צום רב מיט אַ געוויין : „הייליקער רבי, כ׳האָב פאַרלוירן ס׳גאַנצע פאַרמעגן... קיין קינדער האָב איך נישט... וואָס וועט זיין דער סוף ?״...

איז דער רב געוואָרן זייער בייז, הערנדיק, וואָס ר׳ רפאל האָט אָפּ־געטאָן. ער האָט אַרומגעשפּרייזט הין און צוריק און לסוף באַפוילן דער יידענע :

— ר׳ רפאלס ווייב, פאָרט אַהיים לחיים ולשלום. כ׳בין איך מבטיח, אין זכות פון אייער מאַנ׳ס מסירת נפש פאַר אַ מצווה, אַז דאָס יאָר וועט איר געהאָלפן ווערן מיט אַ זון... ער וועט באַלייכטן מיט זיין תורה און צדקות...

און די ברכה פון פלאָצקער רב, ר׳ אריה לייב צונץ, אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן, ר׳ לייבעלע חריף, איז מקוים געוואָרן. ס׳איז געבוירן געוואָרן ביי זיי דער גאון און צדיק, ר׳ אברהמעלע טשעכאַנאָווער...

ר׳ אברהמעלע האָט נישט געלערנט אין קיין ישיבה, ער האָט אָבער געהאַט אַ געוואַלדיקן באַגער צום לערנען. די מלמדים זיינע האָבן איינ־געפונען, אַז ער האָט אַן אייזערנעם קאָפּ. ער איז איינגיכן באַקאַנט גע־וואָרן אין גאַנץ קרוין־פּוילן. גבירים, למדנים האָבן זיך געריסן צו האָבן

אים פאַר אַן איידעם. אין יענער צייט איז באַרימט געווען דער למדן און גביר איטשעלע פלאָצקער. ער האָט געוואָרפן אַן אויג אויפן בחורל, האָט געשיקט אין דאָרף אַריין זיין איידעם דן לאנדא, באַרימט מיט זיין לומדות, בעטן זיינע עלטערן זיי זאָלן דערלויבן זייער זון זאָל קומען און אויפהאַלטן זיך אין זייער הויז. ער האָט דעם בחור פאַרהערט און איז געווען פאַרחידושט פון זיינע חידושים אין תורה. האָט ר׳ דן לאנדא אַ טראַכט געטון: כ׳האָב אַליין אַ געראָטענע טאָכטער. אויב עס איז אַ גוטער שידוך פאַר מיין שווער, איז עס גוט פאַר מיר אויך... און האָט גלייך פאַרקנסט דעם בחור מיט זיין טאָכטער איטעלע מיטן עילוי אברהמלע.

אַהיימקומענדיק, האָט דן לאנדא געהאַלטן די זאַך בסוד, אפילו פאַר זיינע בני בית. פאַרן שווער האָט ער אויסגעזוכט עפּעס אַ תירוץ. אָבער אַזאַ סוד קען מען לאַנג נישט האַלטן. דער שווער זיינער איז דערפון געוווּיר געוואָרן, איז ער געוואָרן מלא חמה. ער האָט אַזאַ זאַך נישט געקענט שענקען — זיין אייגענער איידעם זאָל אים אָפּטון אַזאַ זאַך, אַזוי ווי אַפּנאַרן? און ער האָט אים גערופן צו אַ דין־תורה.

איז געבליבן, די צדדים זענען דערויף באַשטאַנען, מ׳זאָל פרעגן ביי אברהמעלען וועמענס טאָכטער ער באַגערט פאַר אַ ווייב... נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת, האָט ער באַשלאָסן, אַז אַזוי ווי ר׳ דן האָט זיך מיט אים משדך געווען, איז עס וויזט אויס, מן השמים... און אברהמלע האָט חתונה געהאַט מיט ר׳ דן׳ס טאָכטער.

נאָך דער חתונה האָט זיך אברהמעלע גענומען חתמענען מיט זיין שווערס צווייטן נאָמען — לאנדא. ר׳ דן האָט זייער פיל אַרויסגעהאָלפן זיין איידעם און אַלס דאַנקבאַרקייט, האָט דער טשעכאַנאָווער געענדערט זיין פאַמיליע נאָמען אויף לאנדא.

דער „ייד הקדוש" פון פשיסכע האָט שטאַרק געוואָלט האָבן דעם טשעכאַנאָווער פאַר זיינעם אַ חסיד. דער שווער, אַ מתנגד, האָט אים נישט געלאָזט פאָרן צו קיין רבין. האָט דער „ייד הקודש" באַפוילן איינעם פון זיינע חסידים אין פלאָצק צו ברענגען צו אים דעם פלאָצקער עילוי. ער איז שוין געווען אויפן וועג צום רבין, ווי דער שווער זיינער איז דערפון געוווּיר געוואָרן און אים צוריקגעברענגט אַהיים, מיט כוח פון דער פאָ־ליציי... ר׳ אברהמעלען האָט עס שטאַרק וויי געטון. ער האָט זיך אויס־

געדריקט, אַז: „איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר וועט ער אים רופן צו אַ דין־תורה אין הימל״...

יוסף אַפּאַטאָשו, וועלכער איז געווען אַ ווייטער קרוב פון באַרימטן פּאָעט זישע לאַנדוי, פון די „יונגע״ אין אַמעריקע, האָט גוט געקענט לאַנדויס יחוס, האָט אַמאָל דערציילט וועגן ר׳ אברהם טשעכאַנאָווער, וואָס האָט געשלאָסן אַ שידוך מיט אַ ייד אַ גביר, פאַר זיין טאָכטער; און ווי אַזוי די געשיכטע האָט זיך געענדיקט: ר׳ אברהמעלע האָט צוויסן געגעבן דעם מחותן זיינען דעם טאָג פון דער חתונה, וואָס ער האָט באַשטימט. האָט אים דער גביר געענטפערט, אַז אין דעם טאָג איז ער פאַרנומען צוליב מסחר, ער מוז אָוועקפאָרן. דעם טשעכאַנאָווער איז אַזאַ ענטפער געווען אַ חידוש. וואָס הייסט? מסחר איז וויכטיקער ווי חתונה מאַכן אַ קינד? ס׳האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן. האָט ער אַדורכגעטראַכט דעם ענין און געשיקט רופן צו זיך אַן אַרעמען אַרענדאַר, אַ פּראָסטן ייד. דער אַרענדאַר איז געווען זייער פאַרוווּנדערט וואָס קען עס זיין! ווען ער איז געקומען, האָט אים ר׳ אברהמעלע אויפגענומען ווי אַ טייערן גאַסט און אים גענומען אויספרעגן:

— האָסט אַ זון?

— יאָ, רבי.

— וואָס טוסטו, ווען דו שטייסט אויף אין דער פרי?

— איך גיס אָפּ נעגל־וואַסער, גיי אַרויס געבן עסן די בהמות און די עופות, דערנאָך שטעל איך זיך דאַווענען, וואַש זיך און בייס עפּעס איבער.

— אַזוי? גיסט פריער צו עסן די בהמות און די עופות און דערנאָך דאַוונסטו און דו עסט? אַזאַ ייד איז גוט צו זיין מיין טאָכטערס שווער...

און מ׳האָט טאַקע אין קורצן געשטעלט אַ חופּה.

ר׳ אברהמעלע איז שפּעטער געוואָרן רב אין טשעכאַנאָוו. יום ולילה געווען פאַרטון אין לערנען און דאַווענען. זיין דאַווענען איז געווען אַ שם דבר — מ׳האָט אים גערופן: „דער דאַוונער״. דאָס האָט ער אָפּגעריכט שטילערהייט, ממש מיט זיך אַליין, נישט צו ציען קיינעמס בליקן. דאָך האָט עס נישט געהאָלפן. ער איז גיך באַקאַנט געוואָרן. מ׳איז נתפּעל געווען פון זיין לומדות, פון זיין פרומער גוטסקייט. ר׳אברהמעלעס פירונג איז געווען — פשטות, אן איש תמים. מ׳דערציילט, אַז ווען מ׳איז

# דער ראַדזימינער רבי

איך האַלט עס פאַר אַ הייליקן חוב צו ווידמען דאָס קאַפּיטל דעם גרויסן צדיק, דעם ראַדזימינער רבין ר׳ אחרן מנחם מענדל גוטערמאַן זצ״ל. מיין עלטער־זיידע יעקב, דער זיידע יוסף, מיין טאַטע און איך אויך זע־נען געפאָרן קיין ראַדזימין.

די דינאַסטיע פון ראַדזימינער הויף האָט זיך אָנגעהויבן מיטן גרויסן בעל מופת רבי יעקב אריה. אין די חסידישע קרייזן האָט מען אים גערופן ר׳ יאַנקעלע ז״ל. ר׳ יעקב בר׳ שלמה פון ראַדזימין איז געבוירן געוואָרן שנת תקנ״ב און איז נפטר געוואָרן י״ח תמוז תרל״ה. ער איז געוועזן פון די געטרייסטע תלמידים פון רבי בונים פון פשיסכע, די אויסדערוויילטע פון דער „חברה״ פון ר׳ יצחק פון ווורקע. זיינע דברי תורה זענען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַ ספר „בכורי אביב״. נאָך זיין פטירה איז זיין זון געוואָרן רבי.

ר׳ שלמה יהושע־דוד, פּרעזידענט פון קופּת רבי מאיר בעל הנס, איז געוועזן באַקאַנט מיט זיין חכמה. ער איז נפטר געוואָרן ט״ו שבט תרס״ג. ער האָט געהאַט אַ זון, ר׳ אהרן מנחם מענדל, דער לעצטער פון דער דינאַסטיע פון ראַדזימין. אין די חסידישע קרייזן האָט מען דערציילט וואָס דער רבי ר׳ שלמה יהושע־דוד האָט געזאָגט וועגן זיין זון, ווען ר׳איז געבוירן געוואָרן, פאַר זיינע מקורבים בזה הלשון: „דער בוים וועט קיין פּירות מער נישט טראָגן״. די ווערטער זענען געוועזן אַ רמז אויף זיין זון און די ווערטער זענען מקוים געוואָרן.

דער רבי אהרן מנחם מענדל האָט חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון ביאַלער רבין. ער האָט געלעבט מיט איר צען יאָר און נישט געהאַט קיין קינדער, און — ווי דער דין איז — האָט ער איר געגעבן אַ גט. די גע־שיכטע מיט אָפּגעטן די רביצין איז נישט צוגעגאַנגען אַזוי פּשוט. זי האָט

נישט געוואָלט נעמען קיין גט און ס'איז אָנגעגאַנגען אַ גרויסער וויכוח. ס'האָט זיך געצויגן אַ פּאָר יאָר. די מחלוקת צווישן ביאַלער הויף און ראַדזימין האָט זיך צעפלאַקערט, אויך צווישן די חסידים. די דין־תורות האָבן דערפירט ביז פּאַרביטערונג און בייז בלוט. סוף כל סוף האָט עס דערפירט צום גט. אין אַ צייט אַרום האָט דער רבי חתונה געהאַט מיטן קאָמאַרנער רבינ'ס אַ טאָכטער; און אויך זי האָט אים נישט געבוירן קיין קינדער.

ווען דער רבי ר' אהרן מנחם מענדל איז אין 1934 נפטר געוואָרן, איז די ראַדזימינער דינאַסטיע אונטערגעגאַנגען. דעם רבנ'ס אַ שוועסטערן־זון איז געוואָרן ראַדזימינער רבי. די מערסטע חסידים האָבן אויפגעהערט צו פאָרן קיין ראַדזימין. אַזוי זענען מקוים געוואָרן די הייליקע ווערטער פון זיין פאָטער, דער רבי ר' שלמה יהושוע־דוד ז"ל.

דער ראַדזימינער רבי ר' אהרן מנחם מענדל האָט אָנגעשריבן מער ווי 100 ספרים. פון זיי זענען געדרוקט געוואָרן: „חינוך הבנים", „צמח מנחם", „עולם לתורפה".

מיין טאַטע האָט זיך גערעכנט צווישן די אָנגעזעענע חסידים. ווען ער איז געקומען קיין ראַדזימין, האָט מען אים באַלד צוגעלאָזן צו נעמען שלום ביים רבין. זיי האָבן אים דאָרט גערופן שמעון גלינאָוויעצקער.

צען יאָר בין איך אַלט געווען, ווען דער טאַטע האָט מיך דאָס ערשטע מאָל מיטגענומען קיין ראַדזימין, אויפן פאַרלאַנג פון רבין. די רייזע האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון, ביז היינט. פון וואַרשע קיין ראַדזימין איז מען געפאָרן אין אַ „קאַלייקע". די פּאַסאַזשירן זענען געווען כמעט בלויז חסידים. די קליינע וואַגאָנען זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין חסידים־שטיבלעך. מ'האָט געדאַוונט בציבור, דערנאָך האָט מען געמאַכט אַ לחיים, מיט אַן אמתן ניינציקער, פאַרביסן מיט אייער־קיכלעך, אַ געשמאַקן הערינג און געשמאַקע וואַרשעווער לעבערלעך. מ'האָט געלערנט, געאַמפּערט זיך און גאַנץ שיין, יידישלעך, זיך צעווערטלט. די קולות זענען דערגאַנגען עד לב השמים. דאָס בלויז פאָרן צום רבין איז געווען אַ שם דר. דער אויסדרוק „פאָרן" איז דאָ אפשר צו אַבסטראַקט. די רעדער אויף די שינעס האָבן זיך געקאָלערט אַזוי ווי אויף אַ שפּאַציר־גאַנג. יעדע פּאָר מינוט האָט זיך די „קאַלייקע" אָפּגעשטעלט. דער מאַשיניסט מיטן קאָנדוקטאָר האָבן אויפגענומען די חסידישע פּאַסאַזשירן

אויפן וועג. זיי האָבן געמאַכט גוטע געשעפטן מיט זייערע אייגענע בילעטן... זיי האָבן גערעדט גוט־ברודעריש, אויף פּראָסט יידיש:

— נו, כאַפּ זיך אַרויף שנעלער... מ׳עט פאַרשפּעטיקן צום רבין...

אָנגעקומען צום רבין קיין ראַדזימין איז מען שפּעט ביינאַכט. אין גרויסן בית־מדרש האָט זיך געטומלט, ווי אויף אַ יריד. בליי־לאָמפּן אויף לאַנגע קייטן זענען געהאָנגען נידעריק איבער די לאַנגע טישן און פאַרשפּרייט אַ וואַרעמע ליכטיקייט. חסידישע יונגעלייטלעך און עלטע־רע יידן זענען געזעסן איבער די גמרות, געלערנט, זיך געפּלפּולט. ביי אַ זייטיקן טיש זענען געווען אַרומגעשטעלט ביי אַ מנין חסידים און איינ־געזונגען אַ פרישן ניגון. ביי די ווענט זענען געשטאַנען יידן, זיך געשאָקלט דבקותדיק, מיט געשלאָסענע אויגן און פון צייט צו צייט אויסגעשריגן: „געוואַלד, טאַטע אין הימל, רחמים!... אַ צעווייטיקטע, צעבראָכענע מאַמע האָט זיך אַריינגעריסן אין בית־מדרש מיט אַ געוויין און געשריי. זי האָט זיך געוואָרפן צום ארון־קודש און איינגעריסן, געבעטן רחמים צו די הימלען, אַז איר טאָכטער זאָל בשלום איבערקומען דעם קימפּעט.

ווי פון אונטער דר׳ערד, איז פּלוצים אויסגעוואַקסן אַ ייד מיט טיפע שוואַרצע אויגן, אינגאַנצן איין שטיק קוועק־זילבער, ר׳איז געפלויגן פון איין טיש צום אַנדערן, יעדן צוגעוואָרפן אַ וואָרט.

— שלום עליכם, שמעון גלינאָוויעצקער! געהאַט אַ גוטע נסיעה? און ווער איז דאָס בחורל? — האָט ער פאַרמרוזשעט אַן אויג.

— ס׳איז מיין עלטסטער זון — האָט דער טאַטע געענטפערט.

ער האָט מיר אָפּגעשטעקט אַ ווייכע האַנט און געפרעגט:

— ווי הייסטו, בחורל?

— שלמה יהושע — האָב איך שטיל געזאָגט, און געבליקט ניי־געריק אויפן מאָדנעם ייד.

— ווויל, זייער וווויל... — און כהרף עין פאַרשוווּנדן.

דער טאַטע האָט אים נאָכגעשריגן:

— יעקב אריה!

מיט אַ שפּרונג, איז ער ווידער געווען ביים טאַטן און האָט אים עפּעס שטיל איינגערוימט.

יעקב אריה איז געווען איינער פון די צוויי שמשים ביים רבין.

— שוין! די מינוט! — האָט ער געזאָגט דעם טאַטן.

ער איז באַלד צוריקגעקומען מיט אַ טעלער שמעקנדיקע יויך, מיט צוקער־באָבעס און אַ גענדזענע פּולקע, אַנידערגעשטעלט אויפן טיש.

— דער רבי האָט דיר געשיקט שיריים — האָט ער שטיל געזאָגט, און מיך אַרומגענומען מיט זיין האַרציקן בליק.

ס'האָט זיך שפּעטער פאַרבונדן אַ פריינטשאַפט צווישן מיר און דעם שמש. ער איז געווען אַ גרויסער אוהב ישראל, אַ בעל מנגן, פאַר־פאַסט אַליין קאָמפּאָזיציעס, דערצו — אַ גוטע נשמה.

דער טאַטע האָט באַמערקט, אַז מיינע אויגן שליסן זיך פון מיד־קייט. האָט ער מיך צוגעפירט אין אַ זייט, צו אַ ברייטער באַנק. דער שמש האָט צוגעטראָגן אַ קליין קישעלע, אַ קאָלדרע. דער טאַטע האָט מיך איינגעהילט. דער טומל אין ראַדזימינער בית־מדרש, און די האַרציקע טענער פון די לערנערס, די נאַכט־שאַטנס, אויף די ווענט, האָבן מיך פאַרוויגט. אַ זיסער שלאָף האָט מיך איינגעהילט מיט שיינע קינדערישע חלומות. נאָך האַלבע נאַכט האָט דער טאַטע מיך געוועקט:

— קום שנעלער, דער רבי וואַרט אויף אונז!...

אַ פּחד האָט מיך אַרומגענומען, ווען דער שמש האָט אויפגעמאַכט די טיר. מיט ציטערדיקע טריט האָב איך זיך דערנעגטערט צום רבין. ער איז געווען הויך, ברייט־פּלייציק, מיט אַ לאַנגער, בלאָנדער באָרד; די קאָליר פון זיינע אויגן האָט מען נישט געזען. די לאַנגע ברעמען האָבן זיי פאַרשטעלט — אַ פּאַטריאַרך! ער האָט אַרויסגערופן דרך ארץ, געמישט מיט פּאַרכט. ער האָט גערעדט שטיל, געגעבן שלום דעם טאַטן, דערנאָך גענומען מיין קליינע, ציטערדיקע האַנט און שטיל געזאָגט:

— אַזוי, דאָס איז דיין בחורל?...

אַ לענגערע ווײַלע האָט ער געהאַלטן מיין הענטל אין זיין וואַרעמער האַנט. אַ מתיקות האָט מיך אַרומגענומען. כ'האָט געפילט אַ מין היפּ־נאָטישע קראַפט אין זיין בליק. דער רבי האָט מיך געגלעט איבערן בעקל, צוגעדעקט מיט זיין האַנט מיין קאָפּ. ער האָט געשלאָסן זיינע אויגן. מ'האָט געזען, ווי זיינע לאַנגע ברעמען, ווי טירלעך, שליסן זיך

צו, ער האָט שטיל געשעפּטשעט אַ ברכה. נאָך צענדליקער יאָרן, פּיל איך נאָך די ערשטע ברכה פון ראַדזימינער רבין, און דעם ציטער מיינעם. דערנאָך האָט ער זיך אָפּגערופן:

— זאָלסט באַגערן למען השם צו לערנען!...

גערעדט אַ פּאָר ווערטער מיטן טאַטן און אונז אָפּגעזעגנט.

איינער פון זיינע אָנגעזעענסטע חסידים איז געווען דר. סאָלאָ־ווייטשיק, דער באַרימטער וואַרשעווער כירורג. ער האָט זיך אַמאָל גע־האַט אויסגעדריקט, אַז דער ראַדזימינער רבי איז אַ גרויסער בקי אין מעדיצין. ער האָט דורכשטודירט אַלע ספרים פון רמב״ם, (רבנו משה בן מימון), ווי אויך דעם באַרימטן ספר „מורה נבוכים״. דר. סאָלאָוויי־טשיק האָט אַמאָל דערציילט, אַז ער האָט געהאַט אַ שווער קראַנקן, וואָס האָט אומבאַדינגט געמוזט אָפּערירט ווערן. איז ער אַריין צום רבין און אים דערציילט וועגן חולה מסוכן. האָט דער רבי געזאָגט:

— למען השם נישט אָפּערירן!

דער דר. סאָלאָווייטשיק האָט זיך צוגעהערט צו דער עצה פון רבין און דער קראַנקער איז געזונט געוואָרן.

די מומע דבורה, דעם טאַטנס אַ שוועסטער, האָט חתונה געהאַט מיטן פעטער ישראל און געלעבט אין ראַטשוינז. זיבעצן יאָר נאָך דער חתונה האָט זי נאָך אַלץ נישט געהאַט קיין קינדער. זי האָט זיך גע־היילט אין וואַרשע ביי די גרעסטע ספּעציאַליסטן. ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן. דער פעטער ישראל איז נישט געווען קיין חסיד, דאָך האָט ער זיך געלאָזט איבערעדן פון טאַטן און זיי זענען געפאָרן קיין ראַדזימין. האָט דער רבי געזאָגט, אַז די מומע דבורה וועט בקרוב געהאָלפן ווערן. צום יאָר איז ביי זיי געבוירן געוואָרן אַ זון, דערנאָך — אויך אַ טאָכטער.

אין די צוואַנציקער יאָרן איז דער טאַטע קראַנק געוואָרן אויף גאַלשטיינער, און האָט זיך געהיילט אין וואַרשע. ער האָט איינמאָל זייענדיק ביים רבין, אים דערציילט ווי שטאַרק ער ליידט. האָט אים דער רבי געהייסן עסן שוואַרצן רעטעך און יעדן טאָג אין דער פרי, אויפן ניכטערן מאָגן, טרינקען אַ לעפל עס־בוימל. האָבן טאַקע מיט דער צייט די אַטאַקעס אויפגעהערט.

אין די לעצטע יאָרן האָט דער ראַדזימינער רבי געוווינט אין וואַרשע,

אויף מילע 26. דאָס איז געווען אַן אויסשליסלעך יידיש־חסידישע געגנט. ווען מען גיט זיך אַ דערמאָן, ווי ס׳האָט אויסגעזען אַ פרייטיק צונאַכט, פאַר ליכט־צינדן: פרומע יידן זענען געלאָפן פון מרחץ מיט נאַסע בערד און פיאות; אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם וואָכעדיקן עול פרנסה, און די שיין פון דער נשמה יתירה האָט געשוועבט איבער זיי. יידן און יידענעס האָבן זיך געשטופּט אויפן טראָטואַר, אַנגעפילט די קלייטלעך. חסידים, פאַרשמייעטע, מיט לאַנגע ציצית כנפות, האָבן זיך געאיילט. דער גערער חסיד, ר׳ ישראל־בער, דאָס שטריימל פאַרוקט אין אַ זייט, קומט אַריינצו־לויפן פון אַ זייטיקער טיר אין טומלדיקן געוועלב, מיט צעשראָקענע בייזע אויגן, און שרייט צו זיין זון:

— הערש־יונה, איך בין דיר מוחל דאָס לייזעכץ! טרייב מיר שוין אַרויס די קונים, דו הערסט? יאָך וויל נישט מחלל שבת זיין!...

דער טומל, די געשרייען שטייגן. די אייזערנע זשאַלוזיעס פון די געוועלבלעך לאָזן זיך אראָפּ מיט אַ זשאַווערוקן ריטש. די לעצטע סוחרים, איידער דער שבת קודש קומט אָן, זענען די אַכט־צען יאָריקע יינגלעך. זיי שרייען אויס מיט זייערע זילבערנע, קלינגענדיקע שטימעלעך:

— קויפט! קויפט! פרישע וואַרעמע בייגל!

און פאַרשווונדן אין ערב־שבתדיקן רוישיקן געסל.

***

אין אַ שיינעם, הייסן יולי־טאָג, קומט צולויפן, שבת אין דער פרי, דער שמש יעקב אריה צום ראַדזימינער רבין, מיט אַ געוואַלד:

— ס׳ברענט, רחמנא לצלן! סטייטש, דאָס צוקערוואַרג־געוועלבל מיט לאַדעס, נישט ווייט פון דאַנען, איז אָפן אום שבת...

ווער וואָלט עס דען געקענט גלויבן אַזאַ חילול השם? דער רבי האָט עטלעכע מאָל דורכגעשפּרייזט זיך היין און צוריק, האַסטיק אָפּ־געשטעלט זיך און געזאָגט צום שמש:

— גיי און זאָג אים, אַז דער ראַדזימינער רבי איז אים מזהיר, ער זאָל גלייך קומען!

דאָס יונגע סוחרל, פאַרשוויצט, פאַריאַכמעט, אין געוועלבל פול

מיט יונגוואַרג, האָט מיט אַ חוזק־שמייכל אויסגעהערט די רייד פונם שמש און געענטפערט מיט חוצפּה:

— זאָגט אייער רבין, אַז כ'האָב נישט קיין צייט!... יאָך וויל נישט גיין...

ווען דער שמש איז צוריקגעקומען צום רבין און עס אים דערציילט, האָט דער רבי אויסגעשריגן:

— גיי זאָג דעם בעל עבירהניק, אַז איך בין אים מזהיר צום לעצטן מאָל, ער זאָל גלייך קומען!

האָט אָבער יענער ווידער געענטפערט מיט חוצפּה:

— זאָל אייער רבי סטראַשען זיינע חסידים. יאָך לאַך מעך אויס...

ווען דער שמש יעקב אריה איז צום אַנדערן מאָל געקומען מיטן ענטפער, האָט אַ טרויעריקער שאָטן זיך געלייגט אויפן רבינס פּנים, און ער האָט שטיל צו זיך געשעפּטשעט:

— ווייזט אויס, אַז דאָס איז אַ גזר מן השמים...

דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן צוגעוויינען צום נאַשוואַרג־געוועלבל און דער חילול השם האָט פאַרשטערט דעם הייליקן שבת.

אין קליינעם ענגן געוועלבל איז יעדן שבת פאַרנאַכט געווען אָנ־געשטאָפּט מיט יונגוואַרג. אין די ענגע יידישע גאַסן האָט פאַרפעלט לופט אין די גרויסע היצן. פון די אָנגעגליטע הייזער האָט געשפּאַרט אַ וואַרעמקייט, ווי פון אַ בעקער־אויוון. יונגוואַרג האָט זיך געשטויסן אין קליינעם סאָדע־וואַסער געוועלבל, אַנדערע האָבן אַריבערגעשריגן:

— פאַניע, גיטץ מיר אַ קאַלטן טרונק! אַ לאָדע!...

דאָס יונגע געוועלב־יידל האָט געאַרבעט אויף אַלע כלים. זיין פּנים איז געווען פאַרפלאָמט, געשיקט באַדינט די קונים. פּלוצלונג איז זיין פּנים ווייס געוואָרן ווי קרייד, ער האָט צעשפּרייט די הענט ווי צוויי פליגלען און אַרויסגעלאָזט אַ דערשטיקטן געשריי:

— געוואַלד, ראַטעוועט! — ס'איז מיר נישט גוט!... און איז אַוועק־געפאַלן. מ'האָט אים אָנגעהויבן מונטערן, באַשפּריצט מיט וואַסער, גע־ריבן די שלייפן, און אַרויסגערופן „פאַגאַטאָוויע".

ווען מ'האָט אים געבראַכט אין שפּיטאָל, איז ער שוין געווען טויט.

די געשיכטע האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם אין דער יידישער געגנט, און איז ברייט קאָמענטירט געוואָרן.

***

אין 1927 איז דער ראַדזימינער רבי געקומען נאָך פלינצק אויף אַ סיום התורה, וואָס זיינער אַ חסיד האָט געמאַכט. דאָס שטעטל האָט איבערגעלעבט אַ געהויבענעם מאָמענט.

עס איז געווען אַ שיינע זומער־נאַכט. אויף אַ טונקל־בלויען הימל האָבן געלויכטן, געוווּנקען קליינע שטערנדלעך. אין דער מיט איז גע־שטאַנען אין איר גאַנצער פראַכט, אַ זילבער־ליכטיקע לבנה און באַלויכטן דאָס שטעטל. אין אַלע יידישע הייזער פון גרויסן פלינצקער מאַרק, זענען געווען אָנגעצונדן ליכטלעך אין די פענצטער. די פלעמלעך האָבן זיך געבויגן, עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זענען מתפלל פאַרן שיינעם יידישן יום טוב.

אונטער אַ חופה, צוזאַמען מיט די פני העיר, האָט דער ראַדזימי־נער רבי געהאַלטן די ספר תורה. זיין פּאַטריאַכאַלישע געשטאַלט, האָט זיך אויסגעטיילט פון דערווייטנס. אַ יידישע קאַפּעליע האָט געשפּילט ספּעציעל פאַרפאַסטע מאַרשן.

די פלינצקער יידן און אויך פון די אַרומיקע שטעטלעך האָבן אָנגעפילט דעם מאַרק. אַ מחיהדיק ווינטל האָט געגלעט די פאַרזאָמלטע יידן. אויף די באַלקאָנען, ביי די פענצטער, זענען געשטאַנען אַלט און יונג, און צוגעקוקט זיך צו דער פייערלעכקייט פון דעם סיום הספר. אַ לייב־וואַך האָט געהאַלטן אָרדענונג.

ס'האָט זיך לאַנג פאַרצויגן, ביז מ'האָט דאָס ספר אַריינגעפירט אין דער גרויסער שול. כ'דערמאָן זיך, אַז אפילו קריסטן האָבן געקניט, ווען דער רבי איז פאַרבייגעגאַנגען און געמורמלט אין העכסטן עקסטאַז: „באָזשע קאָכאַני טאָ יעסט נאַפּראַוודע שוויענטי טשלאָוויעק". (ליבער גאָט, דאָס איז דאָך אַן אמתדיק הייליקער מאַן). ווייניק מענטשן זענען די נאַכט געשלאָפן. די פרייד האָט זיך פאַרצויגן ביזן גרויען פרימאָרגן.

מ'האָט לאַנג געשמועסט. יידן זענען געשטאַנען אין רעדלעך אין

מיטן מאַרק, געבויגן די קעפּ, כדי נישט אַדורכצולאָזן קיין וואָרט וואָס מ'האָט דערציילט וועגן די מופתים פון ראַדזימינער הויף.

מיר איז באַשערט געווען איין איינציק מאָל בייצוזיין און הערן זאָגן דעם ראַדזימינער רבין פּרייטיק צו־נאַכטס אין פּלינצק, נאָך קבלת שבת, שלום עליכם.

דער חסיד וואָס האָט געלאָזט שרייבן די ספר תורה, האָט אָפּגע־געבן זיין רייכע, גרויסע וווינונג דעם רבין. דאָרט איז איינגעאָרדנט גע־וואָרן אַ צייטווייליקער בית־מדרש. אויף אַ לאַנגן טיש זענען געווען אויסגעשפּרייט ווייסע טישטוכער. אין מעשענע לייכטערס האָבן געפלעמלט די הייליקע שבת־ליכט.

אַ פּאָר צענדליק מנינים חסידים זענען געווען פאַרזאַמלט, התלהבות־דיקע, מיט צעשטראַלטע פּנימער, און געוואָרט אויפן אָנקומען פון רבין.

מיט רואיקע טריט קומט אָן דער רבי, און שטעלט זיך אויבן אָןביים טיש. אַ הייליקע שטילקייט נעמט אַלע אַרום. דער רבי האָט גע־טראָגן אַ שוואַרצע, זיידענע קאַפּאָטע, אַ שטריימל האָט באַצירט זיין קאָפּ. אַ הייליקייט איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיין אידל, ליכטיק פּנים, די זילבערנע פּעדעם פון זיין לאַנגער באָרד, האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אין דער ליכטיקייט. אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען מיט געשלאָסענע אויגן. זיינע ליפּן האָבן עפּעס געמורמלט. און דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן צו זאָגן „שלום עליכם" מיט אַ זיסן, האַרציקן ניגון, וואָס האָט פּשוט אַרויסגע־צויגן די נשמה. נאָר דער ראַדזימינער רבי, האָט געקאָנט זאָגן „שלום עליכם מיט אַזאַ מתיקות.

ס'טרעפט ביי מיר, ווען אַ בענקשאַפט, געמישט מיט ווייטאָג, הייבט אָן צו נאָגן אין מיין האַרץ, נאָכן שיינעם, הייליקן, יידישן לעבן פון אונזערע פאַרשניטענע יידישע קהילות: נאָך אונזערע טייערסטע, נאָך די שיינע, שטילע, שבתים און יום טובים, וואָס זענען אַזוי אכזריות־דיק פאַרשניטן געוואָרן — דערמאָן איך זיך פון מיינע קינדער־יאָרן...

עס איז מיר פאַרבליבן און קלינגט נאָך עד היום אין מיינע אויערן, דער הייליקער „שלום עליכם"־ניגון פון ראַדזימינער רבין.

דער ראַדזימינער רבי איז נפטר געוואָרן אין וואַרשע, אין יאָר 1934.

זכותו יגן אלינו.

## אין אַ זומערדיקן נאָכמיטאָג אין גלינאָוויעצק

ווען איך געפין זיך אויף דער שויס פון דער נאַטור, לעבן אויף אין מיין זכרון בילדער פון מיין שטעטעלע. כ'שליס מיינע אויגן און זיי שטייען אויף אַזוי בולט, ווי ס'האָט אויסגעזען דאָס לעבן אין דעם שטילן נאַטור־ווינקעלע — איך פיל זייער אָטעם.

די טעג, די יאָרן זענען רואיק געפלאָסן, ווי דאָס וואַסער אין טייכל; געבורטן, בר־מצוות, די באַשיידענע שמחות — זיי האָבן אַריינגעבראַכט פיל פרייד אין אונזער לעבן. ס'זענען אויך געווען טעג פון טרויער, ווען דער טויט האָט פאַרשפרייט זיין שוואַרצן שאָטן; מען האָט אויף אַ פאָר שטרויען געלייגט דעם מת. כמעט דאָס גאַנצע שטעטעלע יידן זענען אַרומגעגאַנגען ווי אבלים. מען האָט דעם פאַרשטאָרבענעם אויף אַ וואָגן געלייגט, און אים באַגלייט ביז נאָך דער צווייטער בריק. טריט ביי טריט, דערנאָך האָט מען דעם מת געפירט נאָך ראַטשוינז, אָדער סטשעגאָווע.

אין די זומער־חדשים האָבן מיר דעם שניידער־וואַרשטאַט איבער־געטראָגן אין אַ שפייכלער. די אַרבעט איז געווען אין פולן ברען. מיין ברודער יעקב אריה איז געזעסן ביי דער מאַשין, באַוועגט מיט די פיס דעם טרעטער. דאָס רעדל האָט זיך געדרייט, און ער האָט זיך צוגעזונגען דעם פאָפּולערן דאַן שלאָגער „דער לעצטער זונטיק". מיר האָבן זיך גע־איילט פערטיק צו מאַכן אַן אויסשטייער פאַר אַ דאָרפישער חתונה. די מאַמע באַוויזט זיך, אין מיט אַ צעשמייכלט פּנים זאָגט זי:

— קינדערלעך, ס'איז דאָ נייעס. די מומע ליבעלעס טאָכטער פון וואַרשע, מיט אירס אַ חברטע, קומען צו פאָרן אויף וואַקאַציע צו אונז.

דער מומע ליבעלעס טאָכטער איז געווען אַ מיידל פון אַ יאָר זיבעצן. די נייעס פון דער מאַמען האָט אויפגעוועקט אונזער פאַנטאַזיע. אַ וואָ־

רעמקייט האָט פֿאַרפּלייצט אונזערע הערצער. עפּעס אַ קליינינקייט — וואַרשעווער מיידלעך, וואָס גרייטן זיך צו קומען קיין גלינאָוויעצק... מיר האָבן זיך שוין פֿאָרגעשטעלט ווי זיי זעען אויס. זיכער רייצנדע מיידלעך. זיי קומען דאָך פֿון אַ גרויסער שטאָט. זיי האָבן טונקעלע האָר־לאָקן און — זייערע אויגן? גרויסע ליכטיקע... ווען זיי לאַכן דאַכט זיך דיר, אַז דינע זילבערנע גלעקעלעך קאָלערן זיך... די נייגעריקייט האָט צערייצט די פֿאַנטאַזיע פֿון די דאָרפֿישע יינגלעך... ס'האָט אַ שפּאַר געטון אין אונזערע יונגע הערצער — מיר האָבן זיך צעזונגען. יידישע פֿאָלקס־לידער האָבן אָנגעפֿילט דעם שטילן דאָרפֿישן הויף. ווען מיר האָבן געזונגען די „מאַרגאַריטקעלעך" האָבן מיר געזען פֿאַר די אויגן... דאָס שיינע מיידל חוהלע, מיט די לאַנגע, שוואַרצע צעפּ... און די פֿאַרחלמטע „מאַרגאַגאַריט־קעלעך", וואָס זענען געוואַקסן נישט ווייט פֿון אונזער הויז ביים טייכל...

דער טאַטע האָט געהאַט אַ טבע, זומער נאָכן מיטאָג־שלאָף, צו לערנען אַ פּרק משניות ביים אָפֿענעם פֿענצטער. די מאַמע האָט אים צוגעטראָגן אַ קאַלטן טרונק. אויסגעווישט די גאָלדענע ברילן, האָט ער גענומען אַ בענקל, זיך אַוועקצוזעצן פֿאַרן הויז, אויף דער טשעכאַנאָווער הויפּט־גאַס, צו שעפּן פֿרישע לופֿט. די אַקאַציע־ביימער און די בלומען פֿון די קליינע גאָרטנלעך, האָבן פֿאַרשפּרייט זיסע ריחות. קינדער זענען פֿאַרבייגעלאָפֿן מיט זייערע פֿריילעכע געשרייען, דער טאַטע איז געזעסן פֿאַרטראַכט. מעגלעך אַז ער האָט זיך דערביי דערמאָנט אין זיינע קינדער־יאָרן, ווען ער איז דאָ, אויף דעם זעלבן אָרט — ווו די איצטיקע קינדער געלאָפֿן און געטומלט... אַ שוואַכער שמייכל האָט געשוועבט אויף זיין פּנים.

פֿון וויטן קומט אָן דער לאָמער יאָסל, אונזער שכן פֿון דער רעכ־טער זייט, אַ זון פֿון דער משפּחה שוואַרץ. ר'איז געבוירן געוואָרן אַ קאַ־ליקע. דער רעכטער פֿוס געליימט, קורץ, פֿאַרקריפּלט. ער האָט זיך אָנ־געשפּאַרט אויפֿן שטעקן, און באַוועגט זיך אָן שוועריקייטן. ער איז אָבער געווען פֿלינק, אַרויפֿגעוואָרפֿן זיך אויף אַ וואָגן געווען שנעל. ווען ס'איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג, איז ער געשטאַנען אויפֿן געזונטן פֿוס און גע־פֿאָכעט מיטן שטעקן און דערלאַנגט קלעפּ. ער האָט געהאַט וואַסערדיקע אויגן, די דיקלעכע נאָז אַרויפֿגעשאַרצט, אַ ברייטע גאָמבע. אויף זיין פּנים איז געלעגן אַ מאַסקע פֿון אַן אומשולדיק באַשעפֿעניש.

— אַ גוטן אָוונט, ר' שימעשי! — איז ער שטיינגעבליבן.

— אַ גוט יאָר יאָסל! — ענטפערט דער טאַטע.

— עץ האָט געהערט דאָס נייעס? — יעקב אַבאַל פון דער הוטע האָט געדונגען די פּיעקאַרניע ביים פעלדשער מאַטושעוויטש.

— וואָס זאָגט עץ צו דעם?...

—כ'האָב מורא, אַז שלום וועט די היינטיקע נאַכטן נישט קאָנען שלאָפן, וועט ער העלפן באַקן דאָס ברויט... — ענטפערט דער טאַטע.

יאָסל בייגט זיך צו צום טאַטן און שעפּטשעט אים איין אַ סוד. דערנאָך וואַרפט ער אַריין:

— מ'וועט איינשפּאַנען דעם גניאַדן און ברענגען היי פאַר די בהמות.

ער זאָגט „אַצמער אַ גיטע נאַכט" און דערוויטערט זיך. ער דרייט זיך אָבער נאָך אויס: „אוי, כ'האָב אינגאַנצן פאַרגעסן. משה קאָהן האָט געדונגען דעם קונדערייצער סאַד, שותפות מיט זיין ברודער שמואל פון טשעכאַנאָוו. ר' שמעון, אויב עץ ווילט, קען איך איך מיטנעמען מאַנטיק קיין סטשעגאָוואָ".

באַלד דערנאָך שפּאַצירט זיך פאַרביי מיט געציילטע טריט שלום.

— וואָס זאָגסטו צו דער חמימה? — פרעגט דער טאַטע.

שלום סאָקאָלאָווסקי הוסט לייכט אָפּ און זאָגט מיט אַ געלאַסענעם טאָן:

— דעם טאָג, ווען אברהם אבינו האָט זיך מל געווען, האָט די זון געברענט ווי אַ פייער. זאָגט רש"י: מוצו חמה מגרתיקה ה"ש האָט אַרויסגעצויגן די זון פון דער שייד...

און די צוויי ידידים צעשמועסן זיך אַזוי געמיטלעך אין שטילן אָוונט. בינו לבינו, דערציילט שלום אַ חסידישע מעשה. דער טאַטע זיצט, שאָקלט צו מיטן קאָפּ. דערנאָך פרעגט ער:

— זאָג מיר, שלום, וואָס הערט מען וועגן דער כלה, וואָס יעקב לייב איז געפאָרן זען קיין פּלאָצק?

שלום פאַרטראַכט זיך אַ ווילע, אַ לייכטער שמייכל באַווייזט זיך אויפן פּנים, און ער ענטפערט, ווי זיין שטייגער איז, געלאַסן:

— איך האָף צו השי"ת אַז מען וועט שרייבן תנאים.

— זאָל זיין אין אַ שעה מוצלחת!

און דער טאַטע דערציילט אים די נייעס וועגן דעם, אַז יעקב אַבאַל קויפט די „פּיעקאַרניע״. שלום שטעלט לייכטע טריט און פאַרשווינדט אין פאָדער־צימער פון דער קיך, פון זיין הויז.

פון ווייטנס קומט אָן אַ קליין ווייבל. זי טראָגט אַ טונקל קלייד, אויפן קאָפּ אַ שוואַרץ טיכל, לייכטע שטעקלאַטשן. זי פאַרהאַלט זיך האַסטיק:

— אַ גוטן אָוונט דיר, שמעון. ס׳קומט מיר אַ מזל טוב. מיין גאָלדע איז אַ כלה געוואָרן פון טשעכאַנאָוו. אַ זיידענער יונגערמאַן. כ׳האָב אים שוין פאַרבעטן ער קומט אין צוויי וואָכן אַרום. דאָס האָב איך צו פאַר־דאַנקען שמואלן, זיין נשמה זאָל רוען אין ליכטיקן גן־עדן. ר׳האָט זיך געמיט פאַר זיין טאָכטער, די יתומה...

— מזל־טוב דיר פּערל! זאָלסט פיל נחת האָבן פון דיינע קינדער — ענטפערט איר מיין פאָטער — אמן ואמן! — שרייט אַריין אין שטילן געסל די גליקלעכע פּערל.

— פון דיין מויל אין גאָטס אויערן, שמעון. הערסט, שמעון, כ׳האָב אַזויפיל זאָכן דיר צו דערציילן, נאָר היינט האָב איך קאַ־צייט נישט, אַ גוטע נאַכט.

— גיי געזונטערהייט, פּערל.

זי גייט אַוועק און מען הערט ווי זי מורמלט צו זיך: „טאַטע זיסער אין הימל, זאָלסט נישט פאַרגעסן און נישט פאַרשעמען אַ יידישע טאָכטער״...

עס קומט אָן באַשע, פּערלס עלטסטע טאָכטער, אַ הויכע, אַ דיקלעכע, אַ פאַרשוויצטע מיט לאַכנדיקע אויגן, אין געבלימלט זומער־קלייד. זי דערנענטערט זיך צעשמייכלט:

— אַ גוטן אָוונט, שמעון.

— אַ גוטן אָוונט דיר, באַשע.

— אַזעלכע היצן. ווער ווייסט עס קענען אויסהאַלטן? — מ׳וועט צעשמאָלצן ווערן.

— ברענג אַ שטול פאַר באַשען — רופט דער טאַטע צו דער מאַמען.

— וואָס רעדסטו, ווער האָט צייט צו זיצן? — און פאַריכט זיך דאָס שייטל — כ׳לויף אין יאַטקע צורוימען. משה שוחט פון סטשעגאָוואָ קומט ביינאַכט שעכטן אַ יאַלאָווקע. אבא שפּאַנט דאָס פערד. ער פאָרט שוין. פאַרגעס נישט, ס׳איז דאָך מאָרגן פרייטיק, לכבוד שבת. ר׳זאָל נאָר נישט

טריפה מאַכן. אוי !... — גיט זי אַ געשריי — מיינע רייד זאָלן פאַלן אויף אַלע וויסטע וועלדער. קום נישט שפּעט מאָרגן, שמעון. כ׳וועל דיר געבן אַ גוט שטיקל פלייש. מיט אַ צעשמייכלט פאַרשוויצט פּנים, שפּאַנט זי אַוועק.

פון דער זייט וועג, וואָס פירט קיין סטשעגאָווע, קומט אָן לייב מאַר־קעוויטש מיט שכנהן, זיין ווייב אסתר־חיה׳ס אַ שוועסטערן־זון. ער איז ביי זיי פון די גאַר יונגסטע יאָרן ווי אַן אייגן קינד, ווייל קיין אייגענע קינדער האָבן זיי נישט געהאַט. ביידע פאָרען זיך ביי אַ קעלבל. ס׳האָט זיך פאַרעקשנט און וויל נישט גיין. לייב האַלט אַ שטריקל און ציט מיט זיך דאָס קעלבל. שכנה האַלט אַ צווייג און שמייסט דאָס קעלבל פון הינטן. אין דעם גיט עס אַ שפּרונג אין דער הויך, אַ דריי אין דער זייט און לויפט אַוועק. קינדער העלפן צו, שפּרינגען ווי דאָס קעלבל, שרייען און מעקן. דאָס קעלבל דערשרעקט זיך, דרייט זיך אין אַ ווילדן טאַנץ. שכנה לויפט אַ פאַרשוויצטער, יאָגט זיך נאָכן קעלבל. מיט איינמאָל גיט זיך דאָס קעלבל אַ שטעל אַוועק, מיט צעשפּרייטע פיס, פאַרייסט דעם קאָפּ אין דער הויך און צעמעקעט זיך וויינענדיק. לייב קרעכצט, וואַרפט צו אַ „גוטן אָוונט״, ער באַקלאָגט זיך :

— ווו נעמט מען די כוחות פון אַמאָל — אַ לויף געבן קיין טשע־כאַנאָוו איז געווען אַ שפּאַציר, היינט — זענען די פיס שלאַבערדיק.

— אוי ! ר׳ שמעון — מען ווערט עלטער — איז נישט היימלעך. די פּרנסה קומט אָן שווער. ס׳ווערט נמאס זיך אַרומצוואַלגערן אין די דערפער ביי די פּויערים.

לייב איז געווען אַ טיפּ פון אַ דאָרפס־ייד. הויך, ברייט־פּלייציק, מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, גוטמוטיקע אויגן, אַ שטילער, פּראָסטער, ערלעכער ייד. ער האָט געטראָגן אַ צייגן כאַלאַטל, סיי זומער סיי ווינ־טער. די שווערע שטיוול האָבן אָפּגעקלונגען אין די ברוקירטע שטיינער. אַראָפּגערעדט זיך פון האַרצן, איילט ער צו זיך אין שטיבל. ער האָט דאָרט פאַרמאָגט איין צימערל. צוויי בעטן זענען געשטאַנען האַרט ביי די ווענט. אַ טיש, מיט אַ פּאָר שטולן, ביים איינציקן פענצטער. אַ דאָרפישע שאַנק, אין דער זייט, ביי דער טיר, אַ טונקעלע קיך פון ציגל — אָנגעשטעלט מיט דיניצעס זויער־מילך, ס׳האָט געקיצלט אין דער נאָז פון זויערקייט, פרישן דאָרפישן צוואַרעך, מיט ווייסן געפּרעסטן קעז.

אסתר־חיה איז גאַנצע טעג געווען איבערגעבויגן ביי איר קיכל, געבליקט אין די טונקעלע טעפּ. שטיל זיך מיט זיי אויסגעטנהט — און אומעטיק אויסגעלעבט די יאָרן.

אין אָוונט זענען אויך קריסטלעכע שכנים פאַרבייגעגאַנגען, און מיט דרך־ארץ באַגריסט דעם טאַטן, וואָס איז געזעסן פאַר דער טיר פון אונזער הויז.

נישט ווייט פון אונז, ווו מ׳גייט צו דער צוקער־פאַבריק, האָט אין אַ קליינער כאַטע געוווינט די משפּחה סקוזע. זיי האָבן געהאַט צוויי זין און דריי טעכטער. בערל דער פאָטער, איז געווען אַ קליין דאַר יידל מיט אַ קליין קמץ בערדל, די ברילן זענען געזעסן אויף אַ קליין נעזל. ער האָט צוגעלאָמט און אָנגעשפּאַרט זיך אויף אַ שטעקן — ער האָט געהאַט אַ קורצן פוס.

ער שפּאַנט אייליק, שפּרינגט צו, שטופּט זיך אָפּ מיט זיין קורצן שטעקן. אונטערן אָרעם האַלט ער אַ פּאָר נייע שטיוול, ער איז געווען אַ שוסטער. ער באַגריסט זיך, הייבט אָן גלייך דערציילן זיינע צרות פון ווייב, פון די קינדער, און באַלד דערנאָך, וועגן די ניסים פון טאָמאַשאָווער צדיק. ער האָט זיך געשאָקלט ווי ביים דאַווענען, ער בויגט זיך צום טאַטן און דערציילט. איינע פון זיינע געשיכטעס געדענק איך:

אין דער געגנט, ווו דער רבי האָט געוווינט, אין אַ קליין שטעטל איז אָנגעקומען אַ ציגיינער־טאַבאָר. זיי זענען דורכגעפאָרן דעם גרויסן מאַרק מיט טומל. קליינע, געזונטע פערדלעך האָבן געשלעפּט קאַראַוואַנען־שטיבלעך. פון די קליינע פענצטער האָבן אַרויסגעקוקט קינדער־קעפּלעך, מיידלעך מיט פּעך־שוואַרצע האָר, שוואַרצע אויגן און שניי־ווייסע ציין. זיי האָבן געשמייכלט צו די איינוווינער פון שטעטל. אויף יענער זייט פון הילצערנעם בריקל האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן. די טירן פון די קאַראַוואַן־שטיבלעך האָבן זיך געעפנט, מ׳האָט צוגעשטעלט קליינע טרעפּלעך און גלייך האָט זיך אַרויסגעשאָטן אַ מחנה קינדער און ווייבער. אַלע האָבן זיי געטראָגן לאַנגע, בונטע, ברייטע קליידער, באַבלימלטע קאָפּ־טיכלעך. די מענער האָבן אַרויסגעשלעפּט גרויסע קופּערנע פאַנען, טעפּ, ראַנדלעס, האַמערס, צוואַנגען, שטיקער צין צום גיסן. זיי האָבן אָנגעצונדן פייער־הויפנס, אַרויפגעשטעלט די ראַנדלעס און גענומען זיך צו דער אַרבעט.

די מענער זענען געווען הויכע, שלאַנקע, מיט שוואַרצע האָר, לאַנגע וואָנסעס, זיי האָבן געטראָגן געפּאַסטע גלאַנציקע שטיוול, ברייטע הויזן, אַריבערגעוואָרפן איבער די קני. זיי האָבן אויסגעשפּרייט רויטע קאָצן און אויסגעפּירט אַקראָבאַטישע שטיק. אַן אָרקעסטער פון מאַנדאָלינעס, גיטאַרעס האָבן צוגעשפּילט. זיי האָבן פּלוצים אויפגעוועקט דאָס שטילע, פאַרשלאָפענע שטעטל מיט זייערע געלעכטערס און געשרייען. עס האָבן אָנגעהויבן קומען צו זיי ווייבער, יידן, געשלעפּט מיט זיך טעפּ און פּאַנען, צום פאַריכטן. אָבער די מערסטע פון שטעטל זענען געקומען צוקוקן זיך צו די ציגיינערישע פאַרוויילונגען, דער עיקר קינדער, וואָס האָבן זיך צוגעקוקט פאַרגאַפטע, מיט אויפגעריסענע מיילער, צוקוקנדיק די קונץ־שטיק, אין אַ ווירוואַר פון מוזיק, געזאַנג און פריידיקע אויסגעשרייען.

***

אין מיטן מאַרק איז געשטאַנען דאָס הייזל פון ר' ישראל שניט־קרעמער, אַ רייכער ייד. האָט ער פאַרמאָגט אַ בת יחידהלע פון זיבן יאָר. אַלע חנ'ען פון דער וועלט האָט פאַרמאָגט דאָס מיידעלע. שוואַרצע, גע־קרייזלטע לאָקן, צעשמייכלטע קאַרשן־אויגן, אַ קליינער מויל־שניט, רויטע ליפּעלעך. איז דאָס קינד אויך מיטגעלאָפן צו די ציגיינער, אָבער איידער די נאַכט איז צוגעפאַלן, זענען זיך די קינדער צוריק צעלאָפן אַהיים.

האָט מען זיך איינמאָל אין אַן אָוונט אַרומגעזען, אַז ר' ישראלס איינציק טעכטערל איז פאַרשוווּנדן. געשרייען, געוואַלדן, האָבן אָפּגעהילכט אין שטעטל. די שטעטלדיקע פּאָליציאַנטן זענען אַוועק זוכן צווישן די ציגיינער, דורכגעוואָרפן די גאַנצע געגנט, און — ווי די ערד וואָלט איינ־געשלונגען דאָס קינד. באַלד צומאָרגנס אין דער פרי, איז דער ציגיינער־לאַגער פאַרשוווּנדן. אַ טרויער און ווייטיק האָט אַרומגענומען די אומ־גליקלעכע טאַטע־מאַמע.

איז ר' ישראל שניט־קרעמער געפאָרן צום רבין, אויסגיסן זיין ביטער האַרץ. האָט אים דער צדיק געטרייסט, ער זאָל נישט פאַרלירן די האָפענונג, און פאַרן אָפּגעזעגענען זיך, פרעגט אים דער רבי, צי דאָס קינד האָט געהאַט אַ וועלכן ס'איז צייכן אויפן לייב? יאָ, ענטפערט דער פאָטער — אויפן לינקן הענטל, אין דער הויך, האָט עס געהאַט אַ קליין

שוואַרץ פלעקעלע מיט אַ שוואַכן האָר־געוויקס. מיטן צייכן איז דאָס קינד געבוירן געוואָרן.

אָוועק אַ שטיק צייט, דאָס שטעטל האָט שוין געהאַט פאַרגעסן וועגן דעם פאַרשווונדענעם מיידעלע, אָבער טאַטע־מאַמע האָבן נישט אויפ־געהערט צו זאָרגן און בלוטיקן איבער זייער טייער קינד. פון צייט צו צייט איז ר׳ ישראל שניט־קרעמער יעדעס מאָל געפאָרן צום רבין און דער רבי האָט אים צוגעזאָגט, אַז השי״ת וועט העלפן, די הילף קען קומען אומגעריכט. די משפחה האָט זיך צוביסלעך געטרייסט, ווייל ס׳איז ביי זיי געבוירן געוואָרן נאָך אַ מיידעלע. דער רבי האָט באַפוילן ס׳קינד אַ נאָ־מען צו געבן נחמה. דער צדיק האָט דעם פאָטער דערביי אויסגעפרעגט פאַרשידנס — דרך אגב שטעלט אים דער רבי אַ פראַגע:

— זאָג מיר, ישראל, פון דער צייט, ווען דיין קינד איז פאַרשוווּנדן, טראַכסטו וועגן דעם?

— הייליקער רבי — ענטפערט ער — פון דעם טאָג אָן ווען איך האָב מיין קינד פאַרלוירן, קען איך זי נישט פאַרגעסן. זי שטייט מיר פאַר די אויגן טאָג און נאַכט.

אַ געטלעכער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויפן רבינס פנים:

— דיין קינד לעבט! ווען ס׳וועט זיין דער רצון פון השי״ת, וועסטו זי אָפּגעפינען. פאַר געזונטערהייט.

ווען ער איז מיט עטלעכע חדשים שפּעטער געווען ביים רבין, איז ער אויך אָפּגעשטיגן אויפן יאַרמאַרק אין אַ גרעסערער שטאָט. פאַרענדיקט די מסחרים, צוריקפאָרן איז נאָך געווען צייט, האָט ער זיך דורכגעשפּאַצירט אויפן מאַרק. דער יאַריד איז נאָך געווען אין פולן ברען. אויף די שטעלן זענען געווען אויסגעלייגט פאַרשידענע שניט־סחורות. די העלע פאַר־ביקע קאָלירן האָבן געמיניעט פאַר די אויגן, פאַריאַכמערטע יידן און ווייבער האָבן אויפגעווידיקלט די שטאָפן, געוואָרפן זיי פאַר די אויגן פון די קונים, געמאָסטן מיט לאַנגע אַרשינען. די פויערטעס, צוערשט פאַרטומלטע, נישט דעצידירט, האָבן געהייסן אָפּשניידן זיך פון די באַלן סחורה, און געשלעפּט אין זייערע דאָרפישע היימען. באַלד דערלעבן האָט אַ יונג מיט אַ פייערדיקער טשופרינע געהאַלטן אַ פערד ביים ציימל, געשריגן, געלאָפן דערמיט. ס׳איז שוין געווען אַן אַלט פערד, און האָט קוים געשלעפּט די הינטערשטע פיס, פון פאָרנט צוגעלאָמט, געוואָרפן מיטן

פערדישן קאָפּ. אַ פויערל איז געשטאַנען, זיינע קליינע, צעשראָקענע אויגן האָבן זיך געוואָרפן, ווי ער וואָלט געזוכט עמיצנס הילף. דער יונג מיט דער טשופרינע האָט זיך געדונגען מיט אים, צוגעקלאַפּט אין פויערלס האַנט, געשווירן זיך ביי זיין מאַמעס קאָפּ:

— דאָס פערד האָט געפירט שפּאַצירן דעם עסטרייכישן קייזער פראַנץ יאָזעף!... די מאַמע זאָל מיר אַזוי לעבן...

דאָס פויערל האָט צוריקגעכאַפּט די האַנט, וואָס האָט אים געפייערט פון די קלעפּ, אַ קראַץ געטון זיך אין נאַקן און לסוף איינגעשטימט. דאָס געלט האָט ער אַרויסגעשלעפּט פון דער כאַליעווע, אַ נעם געטון פאַרן שטריקל „דאָס פערד פון פראַנץ יאָזעפן" און זיך געלאָזן גיין. אַרום — אַ טומל, אַ געשריי פון הונדערטער מענטשן, וואָס האָבן געמסחרט, גע־האַנדלט, געקויפט, פאַרקויפט.

אויסגעמישט אין דער מענטשן־מאַסע, איז ר׳ ישראל נאָכגעגאַנ־גען די קלאַנגען פון אַ קליינעם ציגיינערישן אָרקעסטער. ס׳איז דאָרט געווען אַרומגעשטעלט אַ גרויסער נייגעריקער עולם. אויף דער הוילער ערד, אויסגעשפּרייט מיט רויטע דעקן, האָט געטאַנצט אַ יונגע שיינע ציגיינערין, אַן אָפּגעברענטע פון דער זון. איר בייגעוודיקער גראַציעזער קערפּער האָט אויסגעפירט פאַרשידענע אַקראָבאַטישע נומערן. אַ יונגער, האַלב־נאַקעטער ציגיינער, מיט רויטע הויזן און געפּאַסטע שטיוול, האָט געשריגן:

— היי, שיינע ציגיינערין גלאַשאַ, באַווייז וואָס דו קענסט!...

ר׳ ישראל האָט זיך דורכגעשטופּט דורך דער מענטשן־מאַסע, פון סאַמע פאָרנט, ווו ס׳האָט זיך אָפּגעשפּילט דער ספּעקטאַקל. די יונגע ציגיינערין האָט געטאַנצט, זיך געבויגן אין אַלע זייטן. אירע הענט זענען געווען נאַקעט. אין אַן אויגנבליק האָט ער דערזען אין דער הויך, ביים נאַקעטן אָרעם, אַ טונקעלן פלעק... ס׳איז אים פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. אַ דערשטיקט געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין קעל און ער איז געפאַלן אין חלשות.

ווען ער איז צו זיך געקומען, איז ער געלעגן אויפן רויטן דעק, זיין קאָפּ — אויף אַ קישעלע. אַרום — פול מענטשן. אַ פּאָליציאַנט ביי דער זייט און — די שיינע ציגיינערין... זי בייגט זיך אָן צו אים, און פרעגט, מיט אַ צאַרטער שטימע:

— ס'איז אייך בעסער ?...

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט גרויסע, אויפגעריסענע אויגן; און פּלוצים האָט ער זי אָנגעכאַפּט מיט זיינע פיבערדיקע הענט און געשריגן:

— ס'איז מיר בעסער! ס'איז מיר גוט! כ'האָב מיין קינד צוריק־געפונען! דו ביסט מיין קינד! מ'האָט דיך צוגערויבט ביי מיר!...

ער האָט געקושט אירע הענט און זיך צעוויינט, ווי אַ קינד. דער פּאָליציאַנט האָט, נאָך אַ לענגערער אויספאָרשונג, אַרויסבאַקומען ביים עלטערן ציגיינער אַלע פּרטים. ס'האָט געשטימט פּינקטלעך.

ר' ישראל איז גלייך צוריקגעפאָרן צום צדיק מיט דער בשורה טובה. דער רבי האָט זיך זייער דערפרייט, און געזאָגט:

— געדענקסט, דאָס לעצטע מאָל, ווען ביסט געווען ביי מיר, האָב איך דיר געשטעלט די פראַגע, צי טראַכסטו אָפט וועגן דיין קינד? דיין ענטפער איז געווען: יומם ולילה שטייט זי פאַר מיינע אויגן. פון דעם האָב איך אַרויסגעדרונגען, אַז דאָס קינד לעבט; ווייל אונזערע חכמים האָבן געזאָגט: וואָס די ערד דעקט צו, ווערט פאַרגעסן... און אַזוי ווי דו האָסט דיין קינד נישט פאַרגעסן, איז געווען דער בעסטער סימן אַז זי לעבט.

די זון האָט זיך אָנגעהויבן נייגן צו מערב, ווען בערל סקווזע האָט פאַרענדיקט דערציילן די מעשה. זכותו יגן עלינו! האָט ער אַריינגע־שריגן אין דער אָוונט שטילקייט. אמן! האָט דער טאַטע געענטפערט.

— אוי, ר' שימעשי, כ'האָב זיך פאַרעדט, יאַשינסקי וואַרט אויף די שטיוול... אַ גוטן אָוונט אייך. און איינגעהאָצקעט אין דער שטילער גאַס.

***

אליהו מאיר אַלבערט איז געווען אַ שניידער. אַ הויכער דאַרער יונגערמאַן, אַ בלאָנדער מיט העל־בלויע אויגן. אַ קליין שיטער קורץ בערדל, רויטע מיידעלישע באַקן און לאַנגע פיס. ער איז געווען פרום, זיך געוואָלט גלייכן צו די פני פון גלינאָוויעצק... ער האָט פאַרבייגע־שפּאַנט מיט שנעלע טריט. אויף דער לינקער האַנט האָט ער געטראָגן אַן אויסגעפּערטיקט מלבוש. זיך פאַרהאַלטן מיט אַ שטילן „גוטן אָוונט".

— ר׳ שמעון ס׳קומט מיר צוויי מאָל מזל טוב — מיין ברודער נסים, וואָס לערנט אין דער אָטוואָצקער ישיבה, האָט באַקומען סמיכות אויף רבנות און איז געוואָרן אַ חתן.

ער האָט זיך אָבער באַקלאָגט אויפן שוואָגער נתן — ער דאַוונט נישט, עסט מיט אַן אַפּגעדעקטן קאָפּ. כ׳וווין מיט אים אין איין הויז ווי ווילט איר מ׳זאָל נישט געשטראָפט ווערן ?... — האָט ער אויסגערופן דראַמאַטיש.

— זאָרג נישט אליהו־מאיר, השי״ת וועט העלפן — האָט אים דער טאַטע באַרואיקט — מ׳טאָר זיך נישט מיאש זיין.

און אליהו־מאיר האָט אַוועקגעשפּאַנט איבער דער גאַס, מיט אַ פאַרזאָרגט פּנים.

דורך דער אָפענער טיר הערט זיך דער מאַמעס קול — ווילסט אַ קאַלטן טרונק ?

— וואָס ביסטו אַזוי פאַרטראַכט, שמעון ? — דיינע שיפן זענען דיר אונטערגעגאַנגען ?...

ווי פון אונטער דער ערד איז אויסגעוואַקסן די שטומע לאה, אַ קליין, דאַר ווייבל, זומער און ווינטער האָט זי געטראָגן אַ קאָפּ טיכל ביזן האַלבן שטערן. זי האָט געהאַט קליינע אויגן, דינע ליפּן, אַ שפּיציקע גאָמבע, אַ שאַרף צינגל. זי האָט גערעדט מיט אַ קוויטשנדיק קול. געווען אַ ווייטערע קוזינע פון זיידן יוסף. איר מאַן זלמן איז געווען אַ שטומער.

ער איז אַמאָל אַראָפּגעפאַלן פון אַ בוידעם אַלס יינגל אויף... אַ שעניק שטרוי. פון שרעק איז ער שטום געוואָרן. ר׳איז אָבער נישט געווען טויב. ר׳האָט געקרעכצט, געברומט, געשטאַמלט. ווען ער האָט זיך געקריגט מיט זיין ווייב די שטומע לאה, זענען זיי געשטאַנען איינער קעגנאיבער אַנדערן ווי צוויי הענער, געקרעכצט און געברומט. זומער ווען דאָס פענצטער איז געווען אָפן, האָבן מיר זיך צוגעקוקט צו דעם מימיק־ספּעקטאַקל.

זלמן איז געווען אַ גוטער שניידער, האָט געניית פאַר אונז קינדער־קליידער. זיי האָבן געהאַט איין איינציקן זון, חיים־יצחק, פון מיטעלן וווקס, נערוועאישע, פלינקע, גרינע אויגן, אַ האַלב פּנים האָט שטענדיק געשמייכלט. דאָס צווייטע האַלבע פּנים — ערנסט. אַן ערלעכער האָרע־

פּאַשנער מענטש. האָט חתונה געהאַט פון פּלינצק מיט אַ דאָך דעקערס אַ טאָכטער. זיי האָבן געהאַט דריי מיידלעך.

כאָטש מ׳האָט זי גערופן די שטומע לאה האָט זי דווקא פיל גערעדט, זי האָט זיך אויסגעקריגט מיט אַלעמען, אפילו צו גאָט — האָט זי געהאַט טענות — געווען נישט קיין שלעכטע פון כאַראַקטער, אַ פאָלקס־טיפּ פון אַ פאַרביטערטער האָרעפּאַשנער פרוי.

***

די זון נייגט זיך, רויטע גאָלדענע פאַרבן באַמאָלן דעם מערב. אַ גרויסע קופּערנע רייף הייבט אָן זיך טונקען. די שטראַלן שפּריצן ווי לאַנגע הערנער, לייכטע בליצן כאַפּן זיך אויף און פאַלן. די לעצטע שטראַלן, באַפאַרבן גאָלדיק דאָס קלאָרע טייכל — זי פאַרגייט. דער בין השמשות שלייכט זיך אַריין, ער הילט איין דעם טאָג. די נאַכט האָט אַראָפּגענידערט.

די ערשטע שטערן באַווייזן זיך. אַ שלווהדיקע שטילקייט נעמט אַרום דאָס שטעטל. מיט אייליקע טריט איז אָנגעקומען משה קאָהן, ניי־דעריק, דיקלעך, ער טראָגט אַ ליצעפּעטן־היטל אַרויפגערוקט איבערן שטערן, ער האָט געטראָגן שטיוול מיט קורצע כאַליעוועס — גוט וואָס כ׳האָב אייך געטראָפן, ר׳ שמעון. כ׳האָב פאַר אייך אַ שותפות־מסחר. מ׳קאָן מיט השי״ת הילף גוט פאַרדינען.

— וואָס איז עס פאַר אַ מסחר ?

— אין דער געגנט פון טשעכאַנאָוו געפינט זיך אַ גרויסער פאָל־וואַרק, האַלט ער זיך ביים ליקווידירן. מ׳קען קויפן בהמות און פערד פאַר אַ מציאה. אויב איר באַשטייט, פאָרן מיר בלי נדר די צווייטע וואָך צוזאַמען, און אָנקוקן עס אויפן אָרט. רעכנט אייך איבער. אויב נישט, וועל איך נעמען אַן אַנדערן...

משה קאָהן פאַרויכערט דערווייל אַ פּאַפּיראָסל — נאָך אַ קורצן שווייגן, רופט זיך אָפּ דער טאַטע :

— משה, כ׳בין בסכים — די צווייטע וואָך אם ירצה השם, פאָרן מיר. זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה.

און זיי האָבן זיך געגעבן די הענט, אַז דאָס געשעפט איז געמאַכט.

דער טאַטע האָט זיך אויפגעשטעלט. ער איז געווען צופרידן פון דעם היינטיקן נאָכמיטאָג, פון די צוזאַמענטרעפן, מיט די נייעסן פון גלינאָ־וויעצקער יידן. און דער עיקר — פון געשלאָסענעם מסחר מיט משה קאָהן.

פון דער ווייטנס זעט מען לויפן דער מומע רייזלס יינגבטן זון איטשע.

— פעטער שמעון! — קען ער קוים אָפּכאַפּן דעם אָטעם — קומטץ דאַווענען מעריב. מ׳האָט יאָרצייט נאָכן טאַטן.

און דער טאַטע איז אַוועק נאָך אים. אין שטיבל האָט ער שוין גע־טראָפן אַ פּאָר בעלי בתים מיט זייערע דערוואַקסענע יינגלעך.

— מ׳קען שוין דאַווענען מעריב — ס׳זענען שוין דאָ שטערן אויפן הימל — האָט אַ באַלעבאָס זיך אָנגערופן.

מ׳האָט אָנגעצונדן צוויי ליכטלעך. די פלעמלעך האָבן געלייגט שאָטנס אויף די ווענט, און געצייכנט די שאָקלענדיקע זיך יידן. אַ וואַכעדיקער „והוא רחום” האָט זיך דערהערט דורך די אָפענע פענצטער און אָפּגעקלונגען אין דער נאַכטיקער שטילקייט פון קליינעם שטעטל גלינאָוויעצק.

# מיינע קינדער-יאָרן

אין אַ פּראָסטיקן אָוונט, צום דריטן חנוכה־ליכטל, האָב איך מיט אַ געשריי דערזען די ליכטיקע וועלט. כ׳בין געווען דאָס דריטע קינד ביי מיינע עלטערן. דאָס ערשטע, אַ יינגל, איז געבוירן געוואָרן טויט; ס׳אַנדערע, אַ מיידעלע, איז געשטאָרבן ווען זי איז קוים אַלט געווען צוואַנציק חדשים. ווען די מאַמע איז געווען אויף דער צייט מיטן דריטן קינד, איז דער טאַטע באַצייטנס געפאָרן צום ראַדזימינער רבין, אָנזאָגן אים די בשורה און בעטן אַ סגולה. האָט דער צדיק געזאָגט, אַז ווען ס׳קינד וועט געבוירן ווערן, גלייך צו קומען קיין ראַדזימין. ער האָט באַ־פוילן כ׳זאָל טראָגן אַ קמיאה, די מאַמע זאָל בענטשן איבער פינף ליכט און מ׳זאָל מיר אַ נאָמען געבן נאָך זיין פאָטער זצ״ל, און ברענגען ס׳קינד קיין ראַדזימין, ווען ער וועט עלטער ווערן.

דערמאָן איך זיך ווי דער רופא איז געקומען, ווען כ׳בין שטאַרק קראַנק געווען, צוגעשאַרט זיך מיט זיינע שווערע טריט און האָסטיקן אָטעם. ער האָט מיך באַטאַפּט מיט זיינע ביינערדיקע פינגער, געקניט, צוגע־לייגט דאָס קאַלטע טרייבל צו דער פּלייצע, צו דער ברוסט, איינגעהאָרכט זיך אין מיין אָטעם. די מאַמע איז געשטאַנען איבער מיר אַ פאַרזאָרגטע. דער פעלדשער האָט זיך אויפגעשטעלט, אויפגעריסן די אויגן און אַ מאַך געטון מיטן קאָפּ, אָן איין וואָרט. די מאַמע האָט אַ געשריי געגעבן:

— געוואַלד, שימישי, ס׳קינד איז מיר פאַרביי...

און די מאַמע האָט מיך, שלוכצנדיק, באַדעקט מיט הייסע קושן. אָבער דער קריזיס איז אַדורך. כ׳בין אונטערגעוואַקסן, אַרומגעוואָיעוועט אין שטוב, ביז דער טאַטע האָט באַשלאָסן מיך צו שיקן אין חדר. אין אַ זומערדיקן פרימאָרגן האָט די מאַמע מיך אָנגעטון אין שיינע מלבושים, און מיט אַ טרער אין אויג מיך אַרויסבאַגלייט. זי האָט נאָכגעשריגן:

— אין אַ מזלדיקער שעה!

דער טאַטע האָט מיך געהאַלטן ביי אַ הענטל און ס'ערשטע מאָל געפירט אין חדר אַריין. מיר האָבן זיך אַריינגעדרייט אין שמאָלן הויף ביי צלאל שוסטער, און דער טאַטע האָט מיך געוואָרנט:

— אַז וועסט צולייגן דעם קאָפּ, וואָס דער רבי וועט מיט דיר לערנען, וועט גוט זיין, אויב נישט — האָט ער אַ קאַנטשיק!... ער וועט אַ שנייד געבן איבערן הינטן...

דאָס איז געווען דער ברוך־הבא מיטן חדר. אויפגעמאַכט די טיר, האָט אונז באַגעגנט, אַ טומל, קולות פון די יינגלעך. דער רבי איז געזעסן ביים שפּיץ טיש, אין פאַרפעטעסט קאַפּל אויפן קאָפּ. ער האָט געהאַט אַ פעך־שוואַרצע באָרד מיט לאַנגע פּיאות, פייערדיקע אויגן, וואָס האָבן געשראָקן, ביי דער רעכטער זייט — אַ קאַנטשיק.

— כ'האָב אייך געברענגט מיין עלטסטן זון, איר זאָלט מאַכן פון אים אַ לייט... — האָט דער טאַטע געזאָגט.

דער רבי האָט צעקעמט די באָרד מיט די פינגער און געענטפערט:

— אויב ער וועט נאָר וועלן... אַז נישט...

ביי די ווערטער האָט ער מיר צוגעפירט דעם קאַנטשיק פאַר דער נאָז. אַ פּחד האָט מיך אַרומגענומען. אָבער באַלד האָט ער מיר אַ לייכטן קניפּ געטון אין בעקל און מיט אַ שמייכל, מילד געזאָגט:

— זאָרג נישט, יינגעלע, וועסט קענען לערנען...

דאָס איז געווען מיין ערשטער מלמד. גערופן האָט מען אים: דער קאַצקער. די ערשטע פאַר טעג האָט ער מיך פריי געלאָזט. ווי אַ קליין, דערשראָקן הירשעלע אין אַ וואַלד פאַרבלאָנדזשעט, האָב איך זיך פאַרשטעקט אין אַ ווינקל און מיט דערשראָקענע אויגן געקוקט אויפן מלמד, ווי ער שאָקלט זיך און שרייט אויף די חדר־יינגלעך. די זיצן, גרעסערע און קלענערע, אויף די בענק ביים לאַנגן טיש, נאָכזאָגנדיק וואָרט ביי וואָרט דעם רבין. כ'האָב זיך פאַרקוקט אויפן פּרוכת איבערן ארון־קודש. די אויסגעהאַפטענע לייבן מיט די אָפענע פּיסקעס האָבן אָנגעוואָרפן אויף מיר אַ שרעק. ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זיי גרייטן זיך אַ שפּרונג צו טון און וועלן מיך צערייסן אויף שטיקער. אַ פאַרשטיקט געשריי האָט

זיך ביי מיר אַרויסגעריסן און דאָס לערנען פון די יינגלעך איז איבער־געריסן געוואָרן. דער מלמד האָט אויסגעשפּרייט זיין רויטע פאַטשיילע אויפן חומש און געזאָגט מילד:

— אָנו, יינגעלע, וויין נישט, קום אַהערצו, וועל איך לערנען מיט דיר תורה...

דער רבי האָט מיך געזעצט אויף זיין שויס, אַ גלעט געטון איבערן בעקל. ער האָט אויפגעמאַכט אַ סידור מיט אַ גרויסן אלף־בית און אָנ־געהויבן מיט אַ גמרא־ניגון:

— קוק זיך גוט צו, יינגעלע, אויב וועסטו באַגערן צו לערנען, וועט דער מלאך גבריאל פאַר דיר אַראָפּוואַרפן פון הימל זיסע צוקערלעך. און אויב נישט — וועל יאַך זבענקען מיט דעם קאַנטשיק, אַט אַזוי!... ער האָט אַ קלאַפּ געטון אין טיש מיטן קאַנטשיק. כ'האָב זיך צעוויינט.

צוביסלעך האָב איך זיך צוגעוווינט, אפילו ליב באַקומען צו גיין אין חדר. איך האָב שוין געקענט דעם אלף־בית און דער מלאך גבריאל האָט (מיטן רבינס האַנט) געשיט פון דער הויך צוקערלעך. דער „קאָצקער" רבי האָט געהאַלטן וואָרט. פאַרוואָס האָט מען אים גערופן „דער קאָצקער"? צי דערפאַר אפשר, ווייל ער האָט ליב געהאָט צו דער־ציילן מעשיות פון אַלטן קאָצקער ר' מענדעלע? איז ער טאַקע געווען אַ געבוירענער פון קאָצק? פון זיין התנהגות איז ער געווען אַ מאָדנער, אפילו מיסטעריזער ייד. ס'האָט אָפט געטראָפן, אין מיטן בעסטן לערנען, האָט ער זיין רויטע פאַטשיילע אָוועקגעלייגט אויפן ספר, ענערגיש אויפ־געשטעלט זיך און איז אַוועק מיט איילן־קע טריט איבערן חדר; צוגע־ברומט אַ גמרא־ניגון און געמורמלט: „אמר אולא אמר, רב". אַזוי האָט ער געמורמלט מיט געשלאָסענע אויגן.

אַן אַנדערש מאָל איז ער צוגעלאָפן צום ארון־קודש. דער גוף האָט זיך געוואָרפן און האָט זיך פּלוצים צעשריגן מיט אומהיימלעכע קולות, געשטאַמלט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, פאַרלאָזן דעם חדר, אָן אַ וואָרט צו זאָגן. אין ווינטער האָט ער אויפ־געהאַקט אין געפרוירענעם טייכל אַ סצערעמבל, זיך טובל געווען... מ'האָט גערעדט, אַז ער פאַרנעמט זיך מיט קבלה... ער איז געווען איינגעהילט אין בלויז סודות.

אין אַ צייט אַרום האָט מען פאַרשטאַנען די סיבה פון זיינע משונה־דיקע התנהגותן.

צלאל שוסטער האָט געהאַט צוויי טעכטער, פייגע און ליבע. ווען פייגע האָט חתונה געהאַט, אין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז איר מאַן פאַר־שוווּנדן. מ׳האָט קודם געטראַכט וועגן אַן אומגליק — אפשר זיך דער־טרונקען אין דער ווקראַ, דאָס שטילע, טיפע טייכל, וואָס זיין קוואַל האָט זיך געפונען אין מזרח־פּרייסן, אין דייטשלאַנד, ביי מלאַווע, דורכגעשניטן גלינאָוויעצק און איז אַריינגעפאַלן אין נארעוו, ביי נאָווי דוואָר. מ׳האָט אויך געטראַכט, אַז ער איז דערמאָרדעט געוואָרן ערגעץ אין די טיפע וועלדער פון דער געגנט. אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט מען זיך צופעליק דערוווּסט, אַז ער לעבט, אַז ער איז אין אַמעריקע. ס׳האָט געדויערט יאָרן ביז מ׳האָט אַרויסבאַקומען פון אים אַ גט. פייגע איז געוואָרן פריי און ווידער — „צום האָבן״, ווי מ׳האָט זיך אויסגעדריקט.

פייגע איז געווען העכער פון מיטלוווּקס, מיט אַן אויסגעפּעכלט פּנים און רויט־פאַרפלאַמטע באַקן, אַ דיקלעכע, מיט פולע היפּטן, אַ געזונטער דאַרפישער טיפּ. זי האָט ביי מענער דערוועקט זינדיקע פאַרלאַנגען. זו־מער, ווען דאָס פענצטער איז געווען אָפן, האָט זי אַדורכגעפלאַטערט מיט אירע באַרוועסע פיס, האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און פאַרשייט אַ לאַך געטון:

— גוט מאָרגן, רבי. עטץ ווילט אַ קאַלטן טרונק?...

דער מלמד האָט אַ קוק געגעבן צום אָפענעם פענצטער, צו דער פרוי און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. זי איז טאַקע באַלד געקומען אַריינ־געטאַנצט אין חדר, אַנידערגעשטעלט אויפן טיש אַ גלאָז סאָדע־וואַסער מיט מאַלינע־סאַק און אַ זאָג געגעבן שעלמיש:

— טרינקט, רבי, און פאַרגעסט נישט צו מאַכן אַ „שהכל״...

זי האָט זיך הילכיק צעלאַכט און אַרויסגעלאָפן. זי איז געקומען וואָס אָמאָל אָפטער. אין די הייסע זומערדיקע נאָכמיטאָגן, ווען גלינאָ־וויעצק האָט געדרעמלט, האָבן די שוואַרצע, אויסגעהונגערטע אויגן פון יונגן מלמד זיך איבערגעוואָרפן מיט די בלוי־אויגיקע בליקן פון פייגען. ס׳האָט געטראָפן, אַז דער רבי האָט אינמיטן דערינען די יינגלעך געהייסן גיין שפּילן זיך אין דרויסן. ווען מיר זענען צוריקגעקומען, איז אין חדר געווען שטיל. מ׳האָט נאָר געהערט דאָס זשומען פון די מחנות פליגן.

דורכן אָפענעם פענצטער האָט מען געהערט דערשטיקטע געלעכטערס. און ווען דער רבי איז אַריינגעקומען האָט ער זיך צעשריגן, כלומרשט אין כעס:

— וואָס איז דאָס פאַראַ שפּילערייען אויף אייערע פּויערישע קעפּ?!...

ער האָט זיך געזעצט לערנען מיט חשק. אין מיטן לערנען, האָט ער געשלאָסן די אויגן, זיינע לאַנגע פּיאות האָבן זיך געבאַמבלט. אומ־פאַרשטענדלעכע ווערטער האָבן זיינע ליפּן געשעפּטשעט, ביז ער האָט זיך אויפגעוועקט און אַ געשריי געגעבן:

— נו, ווו האַלט מען? און צוגעזונגען: „אלה מסעו בני ישראל"...

די זון איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען, ווען ער האָט פאַרמאַכט דאָס ספר. מיר האָבן מיט אַ פריילעכן „אַ גוטע נאַכט, רבי", זיך אַרויסגעשאָטן פון חדר אויף דער גאַס, צעלאָפן זיך יעדער אַהיים, צו וועטשערע.

ס'האָט אַמאָל פּאַסירט אַ פאַל, וואָס האָט זיך געקענט ענדיקן טראַ־גיש. דער חדר האָט זיך געפונען אין שטיבל, ווו מ'האָט געדאַוונט. אין דער מיט איז געשטאַנען אַ שלחן, באַרעמט מיט לייסטן, דאָס ספר זאָל חלילה נישט אַראָפּגליטשן זיך. ווען דער מלמד איז נישט געווען אין חדר, האָבן די יינגלעך זיך אויפגעשטעלט אויף די הינטערשטע לייסטן פון שולחן, פון דער צווייטער זייט האָבן זיי איבערגעוויגן דעם שולחן, ווי אַ הושטאַווקע. ווען די קינדער האָבן פאַרלוירן דעם גלייכגעוויכט, האָט דער שולחן זיך אָנגעהויבן בייגן שאַרפער אויף איין זייט און צוגעדריקט דריי יינגלעך. זיי האָבן געפּרווט זיך אַרויסצורייסן, אָבער דער שולחן האָט אַ פאַל געטון אויף זייערע העלדזער, אָנגעהויבן שטיקן. די אַנדערע זענען זיך פאַר שרעק צעלאָפן. צום גליק, איז צלאל שוסטער אַריין און אַרויס־געצויגן די קינדער פון אונטערן שווערן שולחן. ס'האָט געמאַכט אַ רעש אין שטעטל. טייל האָבן אויפגעהערט צו שיקן זייערע קינדער אין חדר. ס'איז אויך מעגלעך, אַז מ'האָט זיך אָנגעהויבן אָנשטויסן אין שטילן ראָמאַן צווישן פייגען און דעם „קאַצקער"; בייזע צינגער האָבן זיכער פיל איבערגעטריבן. ביז דער „קאַצקער" איז פאַרשוווּנדן אין איינעם אַ טאָג.

# מיין רבי דוד

ווען מיין רבי דוד איז געקומען נאָך גלינאָוויעצק, בין איך שוין געווען א דערוואַקסן ייִנגל, און אָנגעהויבן זיך באַקענען מיט אונזער ים־התלמוד. ער איז געווען אַ שיינער מאַן, העכער פון מיטעלן וווקס, אין די פערציקער. אַ געפּוצטע פעך־שוואַרצע באָרד, נישט געטראָגן קיין פּיאות — פריילעכע אויגן, זיי האָבן אַריינגעבראַנגט אַ הייטערע שטי־מונג. ער האָט זיך לייכט אויפגערעגט, אָבער באַלד איז עס אים אַריבער, ער האָט פיינט געהאַט עצבות. פון זיין גאַנצער געשטאַלט האָט געשפּרודלט מיט אָפּטימיזם, פרייד און געזאַנג. ער איז אויך געווען אַ גרויסער בעל־מנגן.

ער האָט אָפט געשמועסט מיט אונז, תלמידים, ווי מיט דערוואַקסע־נע. אין די שפּעטערע יאָרן האָב איך פאַרשטאַנען אַז ער איז געווען אַן אמתער פּעדאַגאָג. זיין גוטע שטימונג, דעם אופן, ווי אַזוי ער האָט אינטערפּרעטירט דאָס לערנען, מיט זיינע באַלערנדיקע קאָמענטאַרן. ס׳איז אים געגאַנגען אין דעם, אַרויסצורופן ביי אונז אינטערעס צום לימוד. דאָס איז אים געלונגען. ער איז געווען דער איינציקער מלמד, וואָס כ׳האָב ליב געהאַט ביי אים צו לערנען. כאָטש עס איז געלעגן אויף דעם טיש אַ קאַנטשיק, האָט ער אים אָבער קיינמאָל נישט באַנוצט — אַ בריי מיט זיינע טיפע שוואַרצע אויגן, איז געווען גענוג דער פּחד זאָל אונז פּאַראַליזירן.

אויך האָט ער ליב געקאָט צו דערציילן מעשיות פון צדיקים, גאַנץ באַזונדער וועגן ר׳ נחמן בראַסלאָווער. מיט וואָס פאַראַ התלהבות ער האָט דערציילט וועגן דעם טייערן ייִד, דעם אוהב ישראל. ס׳איז צו באַוווּנדערן זיין פילאָזאָפיע, וועגן דער שיינקייט פון דער נאַטור. ר׳ נחמן האָט געזאָגט:

— „ווען אַ מענטש דאַווענט אין פעלד — דאַווענען מיט אַלע גראָזן און ביימער".

וואָס פּאַראַ פּרעכטיקע קאָנצעפּציע פון נאַטור־פרייד, שטראַלן פון די ווערטער. אין זיינע אָפטע וואַנדערונגען איבער שטעט און ישובים, האָט זיך ר׳ נחמן בראַסלאַווער פאַרקילט.

אין בליענדן עלטער, אין יאָר 1810 — אַלט זייענדיק קוים 38 יאָר איז ער נפטר געוואָרן. זיין הייליקע נשמה האָט נישט אויפגעהערט צו באַלויכטן די פּוילישע, ליטווישע און אַנדערע יידן. (לויט נ. שמן. „דאָס געזאַנג פון חסידות״)

איך האָב דערנאָך פיל מאָל געטראַכט וועגן מיין רבי דוד, וועלכער איז געווען אונטערן איינפלוס פון בראַסלאַווער רבין זצ״ל. דערפון — דאָס פאַרטרייבן עצבות, די שמחה, די נגינה, וואָס האָט געשפּרודלט פון אים. כ׳האָב פיל צו פאַרדאַנקען דעם רבי דוד, ער האָט אויפגעוועקט מיין פאַרחלומטע נשמה, די תשוקה צו נאַטור־שיינקייט, דאָס האָט מיך באַגלייט אין מיין שטורמישן לעבנס־וועג.

ס׳פלעגט טרעפן, אין מיטן לערנען, האָט ער זיך פאַרקוקט, שטיל געבליבן, ווי ער וואָלט געחלומט, פאַרטון אין די עולמות העליונים. זיין לערנען גמרה, משניות, איז נישט געווען אַבסטראַקט, ער האָט קאָמענטירט און דורגעפירט פאַראַלעלן מיט דער היינטצייטיקייט.

צו יענער צייט האָט מען אין גלינאָוויעצק גערעדט, אַז אין דער גרויסער וועלט האָט מען דערפונדן אַ מין — פאַרכישופט קעסטעלע — ווו מען הערט רעדן און שפּילן מוזיק, פון הונדערטער וויאָרסטן ווייט. מען רופט עס „ראַדיאָ״... — האָט אונז דער רבי דערקלערט, אַז דאָס וואָרט „ראַדיאָ״ געפינט מען אין דער גמרא. ער האָט דערביי צוגעגעבן אַז מען געפינט נישט קיין קאָמענטאַרן צו דעם וואָרט. און גלייכצייטיק האָט ער דערמאָנט וואָס עס זאָגט שלמה־המלך אין „קהלת״: „ואין כל חדש תחת השמש״, (נישטאָ קיין נייעס אונטער דער זון), ביי דעם רבין דוד, האָבן מיר געשמאַק געלערנט.

צוליב אַ געשיכטע, וואָס איז זיך פאַרלאָפן מיט פייגען, צלאָלס טאָכטער (ווידער פייגע), האָב איך פאַרלוירן מיין רבין, וואָס איך האָב אַזוי ליב געהאָט.

פייגע האָט געהאָט אַ שוואַכקייט צו אונזערע מלמדים. דעם אמת זאָגנדיק, איז פייגע געווען אַ ריינע נשמה, אַ פריילעכע, אַ האַרציקע,

אַ טובה טון וועמען עס זאָל נישט זיין, איז געווען פאַר איר פשוט. דערצו איז זי געווען פיל מיט לעבן. און ווען אַ טיר־ביי־אַ־טיר, געפינט זיך אַן איינזאַמער ייד, אַ מלמד, האָט זי אים אַרויסגעוויזן אַביסל וואַרעמקייט — פאַרוואָס נישט? נאָך אַלעמען! — דער רבי דוד האָט זיך געהאַט פאַרקילט, איז געוואָרן הייזעריק, האָט אים פייגע אַריינגעבראַכט אַ גלאָז וואַרעמע מילך צו טרינקען — איז עס אַן עוולה? — זי האָט זיך מיט אים פאַרנומען, ביז ס'איז אים בעסער געוואָרן. זי האָט אים אויך אויסגעוואַשן אַ העמד, פאַריכט דאָס כאַלאַטל. מ'איז געוואָרן זייער היימיש, מען שמועסט געמיטלעך, יעדער דערציילט זיין לעבן.

אַזוי האָט עס זיך אָנגעהויבן צווישן פייגען און דעם רבין. ווען זי איז אַריינגעקומען אין חדר, מיטן ברייטן שמייכל, האָט דער רבי אונז אַרויסגעלאָזן אויפן הויף זיך שפּילן. עפּעס האָבן זיי זיך געשושקעט, געלאַכט. מיר, די קינדער האָבן נישט געזען דערין קיין שום שלעכטס.

אָבער איינמאָל איז אַ באַלעבאָס געקומען אין חדר אַריין צו זיין יינגל, און ווען ער האָט געעפנט די טיר, האָט ער געטראָפן דעם מלמד מיט פייגען אין אַ סצענע, וואָס איז נישט געווען פאַר זיין כבוד ווענן. מעגלעך, אַז ס'איז נישט געווען אַזוי געפערלעך, ווייל דער באַלעבאָס האָט נאָכדעם נישט געקאָנט איבערגעבן וואָס ס'האָט באמת פּאַסירט. עס קען זיין אַז זיי האָבן זיך ליב געהאַט? — טאָ, וואָס איז דער פאַרברעכן? — צי איז דאָס וואָרט „אהבה" אַ זינד ביי אונז? — ניין! — עס קען זיין געמאָלט, זיי וואָלטן חתונה געהאַט.

מיין טאַטע האָט געפּרווט פאַרבונדן אַ שמועס מיט אים, האָט דער רבי דוד געענטפערט מיט אַ געוואַלדיקער עקשנות און פאַרביטערונג:

— ר' שמעון, כ'האָב אייך גאָרנישט וואָס צו זאָגן — יאָ! איין זאַך — איך פאָר אַוועק — כאָטש ס'איז מיר אַ שאָד צו פאַרלאָזן מיינע תלמידים.

ער האָט אפשר נישט אַלץ געזאָגט דעם טאַטן. מ'קען נישט אַריינקוקן אין אַ מענטשלעך האַרץ אַריין. איך גלויב, די פאַרביטערטע עקשנות פון רבין דוד איז געקומען דערפון, ווייל ער האָט נישט געהאַט וואָס זיך פאַרצוואַרפן, און עס האָט אים שטאַרק וויי געטון, וואָס דווקא אַ באַלעבאָס וואָס ער האָט געלערנט מיט זיין יינגל, האָט אים באַשמוצט.

ווען די זון האָט באַגינען, די ערשטע שטראַלן געשיקט אין דערפל,

איז דער רבי ר׳ דוד, מיט אַ קליין קלומיקל אויף דער פּלייצע געשטעלט גיכע טריט. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין אַ לאַנגן דאַרפישן שטעקן. זיינע שוואַרצע אויגן — פאַרקוקט אין דער ווייט... — ער האָט אַריבער־געשפּאַנט די הילצערנע בריקן, זיינע האַסטיקע טריט האָבן געקלאַפּט אויף דעם געהילץ. און ער איז פאַרשווונדן צווישן דיביימער אויפן שאָסיי — פאַרשוווּנדן אויף שטענדיק.

***

פיל יאָרן שפּעטער, האָט פייגע חתונה געהאַט מיט אַ פיינעם, איידעלן יונגעמאַן פון טשעכאַנאָוו. ער איז געווען אַן אַלמן. כ׳דערמאָן זיך נישט זיין נאָמען. זי איז געווען אַ גוטע מאַמע צו זיינע קינדער, זי האָט אים אויך געבוירן צוויי זין, זיי האָבן געלעבט באַשיידן און גליקלעך. ווען אַ גלינאָוויעצקער האָט אַמאָל אָפּגעשטאַט איר אַ וויזיט אין טשעכאַנאָוו, האָט זי אים אויפגענומען בכבוד גדול. איר פיינקייט און גוט האַרץ האָט זי באַגלייט, ביז עס איז געקומען דער פינצטערער עמלק, ימח שמו, און זי האָט געטיילט דעם שרעקלעכן גורל פון אַלע אונזערע קדושים, פון טשעכאַנאָוו און פון די אַרומיקע שטעטלעך.

## די איבערלעבונגען אין דער 1 - טער וועלט - מלחמה

ס'איז געווען אין יענעם שיינעם זומער, ווען דער שאַס אין ווייטן, אומבאַקאַנטן סאַראַיעוואָ האָט אָנגעצונדן די וועלט־שרפה. ווער האָט דען געקענט וויסן אין פאַרוואָרפענעם גלינאָוויעצק, אַז די ערשטע וועלט־מלחמה איז סיסטעמאַטיש, מיט פּראָוואָקאַציעס, צוגעגרייט געוואָרן דורך עסטרייך־אונגאַרן און דורך דער יונקערישער פּרייסישער דינאַסטיע?

גלינאָוויעצק איז געלעגן אויפן הויפּט־טראַקט צווישן טשעכאַנאָוו און מלאַווע, פּלאָצק־וואַרשע. פון מלאַווע ביז ילאָוואָ איז געווען 14 קי־לאָמעטער. דאָ האָט זיך געפונען די פּרייסישע גרענעץ. פון גלינאָוויעצק ביז ילאָוואָ איז געווען נישט מער ווי 48 וויאָרסט.

אין די נעכט האָט מען שוין געהערט האַרמאַטן־שאָסן. זיי האָבן אָפּ־געהילכט ווי ווייטע דונערן פון אַן אָנקומענדיקן שטורעם. עס איז נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין ראַדיאָ, די צייטונגען זענען קיין גלינאָוויעצק נישט אָנגעקומען, און מיר זענען געווען אָן שום נייעס, וואָס אייגנטלעך עס קומט פאָר אויף דער וועלט. פון דורכפאָרער, וואָס האָבן דורך גלי־נאָוויעצק געצויגן אין דער גרויסער וועלט, האָט מען זיך עפּעס דערוווסט.

די דאָרפישע באַפעלקערונג האָט פשוט נישט געוווסט וואָס דאָס איז אַזוינס מלחמה און וואָס עס ברענגט מיט זיך דאָס טרויעריקע וואָרט. אַזוי האָט מען געהערט פון מענטשן, וואָס זענען באַקאַנט אין די זאַכן, אַז די מלחמה וועט העכסטנס דויערן אַ פּאָר חדשים און מען וועט „יעקע־דייטש גוט אָנברעכן די ביינער"...

על כל צרה שלו תבו, האָט דער טאַטע באַשלאָסן דער מאַמען מיט די קינדער אַוועקצושיקן אין די קליינע דערפלעך וואָלאָ־מלאָצק, גלאָ־דאָווע. זיי האָבן זיך געפונען דערווייטערט פון הויפּט־טראַקט. דאָס מי־ליטער האָט אויסגעמיטן די באָטשנע וועגן, וואָס האָבן דורכגעשניטן די

טיפע סאָסנע־וועלדער. די מאַמע האָט איינגעפּאַקט די נויטיקע זאַכן. פון זאָוואָדאָ האָט מען געדונגען אַ וואָגן מיט געזונטע פערדלעך און — היידאָ! אויף אומבאַקאַנטע וועגן.

מיר זענען פאַרבייגעפאָרן די פּוילישע דערפלעך. מחנות שוואַרצע קראָען האָבן מיט כאַרכלענדיקע געשרייען געקרייזט נידעריק און אומ־היימלעך געקראַקעט.

אַלטע פּויערים האָבן דערציילט, אַז ווען ס'רוקן זיך אָן קאַטאַס־טראָפעס, דערפילן עס די קראָען, מיט זייערע פויגעלישע אינסטינקטן. זיי קרייצן ווילד אין די הימלען, און כאַרכלען מוראדיק.

ס'איז געווען אַ גרויער, טריבער טאָג. דער פּויער האָט אַ שמייס געטון מיט דער בייטש די פערד, זיי האָבן אַ ריס געגעבן דעם וואָגן, די רעדער האָבן זיך געקאָלערט איבער די ברוקירטע שפּיציקע שטיינער. מ'האָט פאַרקערעוועט אויף אַ באַטשנעם וועג, די רעדער זענען געזונקען אין בלאָטע, געשפּריצט דאָס וואַסער פון די גריבלעך. די וואָלקנס זע־נען געהאָנגען נידעריק, אַ האַרבסטיק רעגנדל האָט געשמיסן אין פּנים. דער ווינט האָט אַ פייף געגעבן, געריסן די בלעטער פון דיביימער, געדרייט זיי אין אַ ווילדן טאַנץ...

שטיל איז געווען אַרום. די פעלדער זענען געשטאַנען נאַקעטע, די אָפּגעשניטענע תבואות זענען געלעגן אין די שייערן. פון ווייטנס האָט זיך געטונקלט אַ פריש־צעאַקערט פעלד. אַ קראָ האָט געקרייצט, גע־שפּיזט פון דער הויך מיט אירע שפּיציקע אויגן, שווער געפאַלן אויף דעם צעאַקערטן פעלד. מיט דעם שאַרפן שנאָבל, געפונען אַ ווערעמל, זיך אָפּגעריסן פון פעלד און פאַרשוווּנדן.

אויף אַ וואָגן אויסגעבעט מיט היי, זענען געזעסן איינגעטוליעט מענטשן. פון דערווייטנס, האָבן זיי אויסגעזען ווי סטראַשידלעס. די מאַ־מע איז געזעסן אַרומגעהילט אין דער פאַטשיילע און געטוליעט צו זיך דאָס יינגסטע ברודערל, בערעקן. די מומע לאהקע, דער מאַמעס יינגסטע שוועסטער, וואָס איז געקומען פון וואַרשע צו אונז אויף וואַקאַציע און צוליב דער מלחמה נישט געקענט אומקערן זיך אַ היים, זי האָט געהאַלטן מיין יונגערן ברודער יעקב־אריה (אומגעקומען אין קאַצעט־לאַגער) און געוואַרעמט אים מיט איר יונגן קערפּער. איך, דער עלטסטער, האָב זיך

שוין געהאַלטן פֿאַר אַ גרויסן, מיט נייגער און קינדערישער שרעק, אויפֿ־גענומען די נייע איבערלעבונגען אויף דער שוועל פֿון מלחמה־אויסברוך.

דער האַרבסטיקער טאָג האָט געהאַלטן ביים פֿאַרגיין. די וואָלקנס אָנגעזאַפּט מיט רעגן, האָבן נידעריק געשוועבט. די נאַכט האָט זיך אָנ־גערוקט, אַ דראָענדיקע אויפֿן האָריזאָנט. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז די וואָלדיקעביימער שפּאַרן אונטער די פֿינצטערע הימלען.

פֿון ווייטן איז געווען צו זען אַן איינזאַמע דאָרפֿישע ווירטשאַפֿט אויפֿן נאַקעטן פֿעלד. די שטילע פֿינצטערע נאַכט האָט איינגעהילט דעם שטח. פֿון אַ פֿויערישער הייזקע האָט אַ נאַפֿט־לעמפּל שוואַך געלויכטן. די מידע פֿערד האָבן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ קוים געשלעפּט דעם וואָגן מיט די פֿאַרבלאָטיקטע רעדער. ביז מיר זענען דערפֿאָרן צו דער איינ־זאַמער כאַטע. דער אָנטרייבער, דער פֿויער, האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פֿון וואָגן, אויסגעשפּאַנט די פֿערד, אָנגעשיט זיי האָבער אין די טאָרבעס. די פֿערד האָבן צעשפּרייט די נאָזדרעס, אַ שנאָרך געגעבן פֿריילעך, זיך צעהירזשעט און גענומען רייבן מיט די פֿערדישע ציין דעם האָבער.

— נו, וואָס זיצט די פּאַני? — האָט דער פֿויער גערעדט צו דער מאַמען — קריכט אַראָפּ, מיט די קינדער, אָנצוואַרעמען זיך, עפּעס איבער־צוכאַפּן. מיר האָבן נאָך היינט צו מאַכן אַ שיינע פּאָר ווי׳אָרסט...

ער האָט אַ נעם געטון פֿון מיין מאַמעס האַנט דאָס קליינע ברודערל, מיר האָבן זיך אַראָפּגעשלייכט מידע מיט איינגעזעסענע גלידער. מען האָט אָנגעקלאַפּט אין דער כאַטקע. דאָס איינציקע הייזל איז געשטאַנען אויפֿן נאַקעטן פֿעלד אַרומגעצוימט מיט אַ צעבראָכן פּלויטל. דער הונט, איז געלעגן אין דער בודע, האָט בייז געוואָרטשעט אויף די פֿרעמדע. אַ פּאָר נאַקעטע ביימער האָבן זיך אומהיימלעך געשאָקלט, גערוישט אין האַרבסטיקן אָוונט. דער פֿויער האָט אויפֿגעריגלט די טיר און מיר זענען אַריין.

אַ זיסע וואַרעמקייט האָט אונז אַרומגענומען. אין אַ קליין דאָרפֿיש צימערל, מיט גרויע טונקעלע ווענט, זענען געשטאַנען צוויי בעטן אויף זיי, שווערע פּערענעס. אויף די ווענט זענען געהאָנגען אַ פּאָר אַלטע הייליקע בילדער. אַ טיש אָנגעשפּאַרט ביים פֿענצטער ביי דער זייט דריי הילצערנע טאַבורעטקעס. אַ צוויי־רייפֿעדיק אייזערן קעכל, די פֿויערטע

שטייט געבויגן זי שטופּט טרוקענע שטיקער קין האָלץ אין אָפּענעם טירל. דאָס האָלץ האָט זיך צעפּלאַמט, צעהאָדזשעט, די פונקן האָבן היימלעך געקנאַקט, געשפּריצט, אַ הייטערקייט האָט זיך צעלייגט אין די אָרעמע פויערישע כאַטקע. ביי דעם אײַזערנעם אײַוועלע, אַ פּרימיטיווער דאָרפישער באַק־אויוון. גרויסע שוואַרצע טעפּ, דיניצעס מיט זויערמילך, און אַרום האָבן געזשומעט מחנות פליגן ווי אין אַ בינשטאָק. אַ קליין נאַפט־לעמפּל מיט אַן אָפּגעבראָכענעם קנויטל האָט געציטערט.

צוויי מיידלעך מיט לאַנגע פלאַקסענע האָר, גרויסע, בלויע צע־שמייכלטע אויגן האָבן נײַגעריק באַטראַכט די פרעמדע. די מאַמע האָט געבעטן ביים פויער אָנצוואַרעמען זיך, איבערוויקלען ס׳קינד. דער גוטמוטיקער פויער האָט גערן אײַנגעווילִיקט אויפצונעמען די פרעמדע, און אונטערגעבייזערט זיך אויף דער פויערטע:

— אַנו, אַלטע, באַוועג זיך פלינקער, צו העלפן די סטאַראַ־זאַקאָננע...

די גוטע, אָרעמע דאָרפס־לייט האָבן אויפן טיש אַוועקגעשטעלט וואַרעמע מילך, פּוטער, ווייסן קעז, אַן ערדענע דיניצע מיט זויערמילך, און דער פויער האָט זיך צוגעזעצט, צעשמועסט זיך וועגן דער מלחמה.

נאָך די פּראָסטע געשמאַקע עסנס, די דאָרפישע שטילקייט, די ליבלעכע וואַרעמקייט אין דעם טונקעלן שטיבל. די האַרציקע פּראָסטע מענטשן האָבן עפּעס געשעפּטשעט מיט געבויגענע קעפּ. אַ מאָדנע זיס־קייט האָט זיך צעלייגט אין מײַנע גלידער, דאָס נאַפט־לעמפּל האָט גע־צאַנקט און געוווּנקן... אַ רויטער בליץ פון ברענענדיקן קנייטל האָט זיך געלייגט אויף די ווענט און געוואָרפן שאָטנס. כ׳האָב זיך אײַנגעקוקט אין עלטערן מיידל מיט די פלאַקס־האָר. זי האָט מיך געגלעט מיט אירע ליכטי־קע בליקן. מײַן קינדערישע פאַנטאַזיע האָט אָנגעהויבן שוועבן, די אויגן האָבן זיך געשלאָסן, און כ׳האָב שוין נאָכדעם נישט געדענקט ווי כ׳בין געפאַלן אין אַ זיסן שלאָף ביים טיש.

כ׳האָב געזען אַ שיינעם פאַנטאַסטישן חלום — אַ ווייס געשטאַלט, מיט אַ לאַנגער באָרד, מיט פליגל ביי די אָרעמס, פליט שטיל אַרײַן דורך דער שטויב און וועקט מיך צאַרט:

— „שטיי אויף ייִנגעלע, מיר גרייטן זיך אין וועג"...

כ׳האָב אויפגעריסן די אויגן, און צעשראָקן געשטאַמלט עפּעס.

דער מלאך האָט אַרויפגעלייגט צוויי פינגער אויף די ליפּן. זיין פּנים האָט זיך צעלויכטן, געגעבן מיר אַ צייכן צו שווייגן און שטיל געפּליסטערט:

— „כ׳ווייס, דו ווילסט מיר זאָגן אַז דו קענסט נישט גיין אָן דער מאַמען... כ׳וועל דיך באַשיצן און צוריקברענגען — קום״!

ער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אָרעם און איך האָב אָנגעהויבן צו שוועבן...

די טיר האָט זיך געעפנט. אַ פינצטערע נאַכט האָט מיך איינגעהילט. כ׳האָב זיך געטרייסלט פאַר שרעק. דער מלאך האָט געמאַכט אַ קרייז מיט דער האַנט אַ ליכטיקער זון־שטראַל האָט אַ שיין געגעבן און פאַרבלענדט מיינע אויגן.

— „גוטער מלאך — האָב איך זיך געבעטן — פיר מיך צוריק צו מיין מאַמען. כ׳וויל שלאָפן״... — „ניין! — האָט דער מלאך מיר איבערגעשלאָגן — איך וועל דיר ווייזן פיל זאַכן״... ער האָט זיינע הענט אַרויפגעלייגט אויף מיינע קינדערישע אָרעמס און צוויי פליגלען, זענען מיר אָנגעוואַקסן. איך האָט אָנגעהויבן פליען העכער, העכער, ביז מיר האָבן דערגרייכט די הימלישע טויערן...

צוויי יונגע מלאכים זענען געשטאַנען ביי אַ גאָלדענער טיר. זי האָט זיך ברייט צעעפנט און מיר זענען אַריין. ס׳האָט זיך באַוויזן אַ גרויסער ליכטיקער קעניגלעכער זאַל, זילבערנע ליכט־שטראַלן, האָבן געפלייצט פון יעדן ווינקל... פאַרכישופטע טענער פון אינסטרומענטן האָבן געשפּילט. די לאַנגע טישן זענען געווען באַזעצט פון יידן מיט לאַנגע, ווייסע בערד און געקוקט אין ספרים. אַ ליכטיקייט האָט געשטראַלט אַרום זיי.

דער מלאך וויַיזט מיר מיט זיין רעכטער האַנט — ביי איינעם פון די לאַנגע טישן, זיץ איך אַליין ביי אַ גמרא. ביי מיין זייט — אַן אַלטער מאַן, מיט אַ ווייסער באָרד. ער האַלט אַ גילדערנעם טייטל און פירט דערמיט איבערן ספר. און אַ מאָדנע זאַך פאַסירט — אָט בין איך אַ קליין ייִנגל, איך וואַקס — און אין געציילטע סעקונדן און — בין שוין אַ מאַן מיט אַ באָרד. דער אַלטער מאַן דערלעבן שושקעט מיר אין אויער: „זאָלסט וויסן, מיין זון, דאָס לעבן פון אַ מענטש לויפט שנעל אַדורך, ווי אַ חלום... פאַרגעס נישט, זאָלסט זיך נישט לאָזן פאַרפירן אויף שלעכטע וועגן. פאַרן מענטש איז אָנגעגרייט גוטס און שלעכטס. רעספּעקטיר טאַטע־מאַמע! די מענטש־לעכע און געטלעכע פונקען זאָלן נישט פאַרלאָשן ווערן... דיין הארץ זאָל

נישט זײַן פֿאַרשלאָסן פֿאַר אַ נויטבאַדערפֿטיקן. דאָס וועט דיר בײַשטיין אין דײַן לעבנס־וועג, ווײַל ער וועט זײַן מיט פֿיל געפֿאַרן... דער מלאך וועט דיך היטן.

מײַנע אויגן שליסן זיך, איך וויל שלאָפֿן, מען טרייסלט מיך:

— וועק זיך אויף!

איך רײַס אויף די אויגן. די מאַמע וועקט מיך: „קום, קינד מײַנס, מיר גרייטן זיך אין וועג אַרײַן".

מיט עפּעס אַ בענקשאַפֿט אין האַרצן האָב איך פֿאַרלאָזן די פּויערישע כאַטע מיט די האַרציקע מענטשן. אין דער פֿינצטערער האַרבסט־נאַכט האָבן מיר זיך צוריק אַרויפֿגעדראַפּעט אויפֿן וואָגן, פֿאַרשטעקט אין אויסגעבעטן היי. ס'איז געווען גוט פֿינצטער. די אויסגערוטע פֿערד, אָנגעגעסענע, זענען געלאָפֿן איבערן וועג, געהירזשעט, אָפּגעטרייסלט זיך. אַ שטיקל צײַט, זענען מיר דערפֿאָרן ביז אַ וואַלד. אין דעם הערט מען:
— שטייַנבלײַבן!

צוויי קאָזאַקן, מיט ביקסן, פֿאַרהאַלטן דעם וואָגן, באַפֿעלן אַלץ אָוועקצוגעבן, אַז נישט, שיסן זיי. די מאַמע האָט זיי אָוועקגעגעבן דאָס ביסל געלט, פֿאַרשטעקט אין אַ טיכעלע און געבעטן זיך בײַ זיי, אַז דאָס איז אַלץ וואָס זי פֿאַרמאָגט. אַ סאָלדאַט האָט מיט אַן עלעקטריש לעמפּל באַלויכטן אין וואָגן אַרײַן און דערזען, ווי די מומע לאהקע איז פֿאַרטוליעט אין אַ דיקער פֿאַטשיילע. זי האַלט מײַן ברודערל. האָט ער אָנגעהויבן זיך מיט איר צו ראַנגלען, צו פֿאַרשלעפּן זי אין פֿינצטערן וואַלד אַרײַן. די מומע האָט אָנגעהויבן שרײַען, די מאַמע און די קינדער זענען אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. דער עכאָ האָט זיך מוראדיק צעטראָגן אין פֿינצטערן וואַלד. פּלוצים האָבן זיך פֿאַרהאַלטן צוויי זעלנער אויף פֿערד און געפֿרעגט:

— וואָס קומט דאָ פֿאָר?

האָט די מאַמע דערציילט וואָס עס האָט פּאַסירט.

— איר זענט אַ ייִדישע? — האָט אײנער פֿון זיי געפֿרעגט.

— איך בין אויך אַ ייִד. ס'וועט אײַך קיין שלעכטס נישט געשען. כ'בין אָנגעקומען אין דער ריכטיקער צײַט, יענער וועט באַלד זײַן שטראָף באַקומען...

דעם זעלנער, וואָס איז אונז באַפאַלן, האָט ער אין טיפן וואַלד אַריינגעפירט, און עס האָט זיך דערהערט אַ שאָס. ער איז צוריקגעקומען און געזאָגט, אַז דאָס איז געווען אַ באַקאַנטער באַנדיט — דאָס געריכט האָט אים שוין לאַנג געהאַט פאַראורטיילט צום טויט, און צוגעגעבן, אַז מיר קענען ווייטער רואיק פאָרן.

אַ פויערישער וויאָ! האָט אָפּגעהילכט, די פערד האָבן אַ ריס געגעבן דעם וואָגן, און זיך צעבריקעט אין אַ לייכטן גאַלאָפּ.

איך האָב זיך דערמאָנט מיין חלום, און געגלויבט, אַז דאָס איז געווען — מיין מלאך... שפּעט ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין וואָלאָ, צו אַ באַקאַנטן קריסט פון מיין פאָטער. מיד און דערשעפּט, זענען מיר אַלע אַוועקגעפאַלן שלאָפן.

**
*

דעם ערשטן טאָג אין דער פרעמד געדענק איך. אַ בלייענער הימל איז געהאָנגען נידעריק. אַ צפון־ווינטל האָט געשמיסן אין פּנים. אין דעם, האָבן מחנות קליינע, ווייסע בלימעלעך אָנגעהויבן פאַלן, זיך געדרייט אין דער לופט און באַליגט די אַרומיקע פעלדער. דער שניי איז אַראָפּגעפאַלן און אַ ווייסער זילבערנער טעפּיך האָט אַלץ פאַרדעקט. די ווייסקייט האָט געבלענדט און געשטאָכן אין די אויגן. דער ווינטער האָט זיך צעלייגט, די קעלט האָט אַדורכגענומען די ביינער.

עס איז דער מאַמען געוואָרן פיל קעלטער, ווען זי האָט זיך אַרומגעזען, אַז זי איז געבליבן אָן אַ גראָשן, דער באַנדיט האָט זי באַרויבט איידער מען האָט אים דערשאָסן. איצט האָט זי זיך געפונען אין דער פרעמד אָן מיטלען צום לעבן. שיקן עמיצן קיין גלינאָוויעצק צום טאַטן, האָט מען מער נישט געקענט, ווייל אויף דעם אָפּשניט זענען שוין פאָרגעקומען די שלאַכטן.

די ערשטע פּאָר טעג האָט אונז דער באַקאַנטער קריסט אַרויסגעהאָלפן. ער אַליין איז אָבער נישט געווען קיין פאַרמעגלעכער מאַן. האָט מיין טייערע מאַמע אין דעם קאַלטן ביטערן ווינטער, זיך אַרויסגעלאָזט אין די נאָענטע צעוואָרפענע דערפלעך. זיי זענען געשטאַנען ווי שוואַרצע

פלעקן, אויף דעם שנייאיקן געוואַנט. געשלעפּט זיך פון שטוב צו שטוב, פאַרבויגן די חרפּה, פּשוט אויסצובעטן אַ שטיקל ברויט פאַר די קינדער.

דאָס טראַגישע נע־ונד לעבן האָט געדויערט אַ פּאָר מאָנאַט. די מאַמע האָט זיך נישט איינמאָל באַגאָסן מיט בלוטיקע טרערן, ווען מען האָט זי פאַרשעמט. אָבער זי האָט געקעמפט מיט אַנטשלאָסנקייט צו דערהאַלטן ביים לעבן אירע קינדער.

**
*

אָנהויב פרילינג האָט די זון זיך צעשיינט מיט אירע גאָלדענע שטראַלן. זי האָט אָנגעהויבן גלעטן דעם זילבערנעם, ווייסן גלאַנץ. די אָנגעשנייטע הויפנס זענען געוואָרן קלענער. לעכער האָבן זיך געשאַפן אין דעם צעטייעטן שניי, וואָסער ריטשקעס האָבן געשטראָמט, געזאַמלט זיך אין קאַלוזשעס, און ווי אַ שוואָם האָט זיי די מאַמע ערד איינגעזאַפּט.

די פּויערים זענען אַרויס פון זייערע נאָרעס און כאַטעס, ווי זיי זענען געווען פאַרשטעקט אַ גאַנצן ווינטער, און אָנגעהויבן צו פאַרנעמען זיך אין דער דאָרפישער ווירטשאַפט. אין אַזאַ זוניקן פרימאָרגן האָט זיך דער טאַטע באַוויזן. ער איז פאַרפאָרן מיט אַ וואָגן, אויף וועלכן מען האָט אָנגעוואָרפן די אָרעמע פעקלעך, און געפאָרן אויפן וועג קיין פלינצק.

אין פלינצק האָבן מיר געוווינט ביים טאַטנס אַ שוועסטער, די מומע שרהטשע. איר מאַן איז געווען אַן איידעלער ייד, אַ בן־תורה, דער פעטער זעליג גריטץ. און דאָס לעבן איז ווייטער געגאַנגען אונטער דער דיישטער אָקופּאַציע. יידן האָבן אָנגעהויבן מסחרן, טייל האָבן אפילו געמאַכט נישט קיין שלעכטע געשעפטן, געפירט אַביסל שמוגל, און נישט געטראַכט אַז די מלחמה איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט איר שרעקלעכן גרויל. אין פלינצק בין איך געגאַנגען אין חדר מיט מיינע צוויי קוזינען שמואל און אַרטשע גריץ (ביידע לעבן זיי היינט אין ישראל). איך דערמאָן זיך אַ פּאַסירונג, וואָס האָט זיך געקענט שלעכט ענדיקן:

ס'איז געווען אַ שבת נאָכמיטאָג, ווען דער רבי האָט אונז פרייגע־לאָזט פון חדר, האָבן מיר אויף דער גאַס געהערט געשרייען. איבערן פלינצקער מאַרק איז גאַנץ נידעריק געפלויגן אַ צעפּעלין און געוואָרפן באָמבעס. מיר זענען אַראָפּ פון טראָטואַר, מיין קוזין אַרטשע האָט מיך

אָנגעהאַפּט ביי אַ האַנט און געלאָפֿן מיט מיר איבער דער גאַנצער ברייט פֿון גרויסן מאַרק, צו דער טשעכאַנאָווער גאַס ווי מיר האָבן געוווינט. פֿון די באָמבעס זענען געווען דערהרגעטע און פֿאַרוווּנדעטע. אַ מוטער האָט געהאַלטן אַ וויג־קינד אויף דער האַנט — ס׳האָט געוויינט. איינצו־שטילן דאָס קינד, האָט זי זיך געזעצט אויף די טרעפּ פֿון דער גרויסער שול, און געגעבן דעם קינד איר ברוסט. אַ שפּאַלטער פֿון אַ באָמבע האָט זי דערהרגעט מיטן זויגנדיקן קינד.

**
*

פֿרילינג 1917. די וועלט האָט זיך געגרייט צו די שטורמישע גע־שעענישן. אין פּלינצק, אין די קליינע פּוילישע שטעטלעך, איז דאָס לעבן ווי עס איז רואיק געפֿלאָסן. אויף די ווייטע שלאַכט־פֿעלדער זענען טויזנ־טער קרבנות געפֿאַלן יעדן טאָג. שווער פֿאַרוווּנדעטע זענען געבליבן קריפּלס, קאַליקעס, אויף זייער גאַנץ לעבן.

דער טאַטע מיטן זיידן, האָבן באַשלאָסן אומצוקערן זיך נאָך גלי־נאָוויעצק. די ווירטשאַפֿט מיט די פּאָר מאָרגעס ערד, זענען געווען אָפּ־געלאָזן טיילווייז צעשטערט. עס האָט געדויערט אַ שטיקל צייט, ביז מ׳האָט אַלץ צוריק געברענגט אין אָרדענונג, ביז די בעקעריי האָט ווידער גע־נומען אַרבעטן. דער זיידע, פֿון פֿאַך אַ בעקער, האָט זיך שטאַרק געעלטערט און שוין מער נישט געקענט צוהעלפֿן.

מיך האָט מען אַוועקגעשיקט אין חדר קיין ראַטשוינז. דרייצן קי־לאָמעטער פֿון גלינאָוויעצק, אין ראַטשוינז, האָט געוווינט די מומע דבורה, דעם פֿאָטערס אַ שוועסטער. קיין קינדער האָט זי נישט געהאַט, האָט זי איינגעוויליקט כ׳זאָל זיין ביי איר. דער מלמד, וואָס איז אויך געווען אַן איינבינדער, האָט געהאַט אַ געל בערדל, רויטע בעקלעך, פֿון די אויגן איז אים געררונען. ביי אים אין חדר האָב איך געלערנט. כ׳בין דעמאָלט אַלט געווען אַכט יאָר. אַ פֿאַרחלומט ייִנגל, מיט צעשראָקענע אויגן, האָב איך זיך געהאַלטן אין אַ זייט פֿון די חדר־ייִנגלעך, וואָס האָבן זיך גע־קריגט און געשלאָגן. זיי האָבן מיך אויך נישט געשוינט. מיין פּנים איז גע־ווען צעדראַפּעט, די קנעפּלעך אַראָפּגעריסן. זיי האָבן מיך גערופֿן „דאַר־פּישע חיה״. צופֿיל האָט זיך דער מלמד מיט אונז נישט פֿאַרנומען, ווייל ער איז געווען באַשעפֿטיקט אין צווייטן אַלקערל, ביים קלעפּן זיינע ספרים.

זיין עלטסטע טעכטערל, צירל, אַ מיידל פון אַ יאָר עלף, האָט געהאָט לאַנגע, געלע צעפּ, דאָס פּנים באַשפּרענקלט מיט זון־פּלעקן. זי איז אַריינגעשפּרונגען צום טאַטן אין חדר אַריין, מיט אַ געשריי: „די מאַמע דאַרף געלט"... די ייִנגלעך האָבן נאָכגעקוקט דער געלער צירל. זי איז געשטאַנען ביים פענצטער, געהאַלטן וואַך, צי ס'קומט נישט אָן אַ פּאָטער, אָדער אַ מוטער פון די חדר־ייִנגלעך. זי האָט שנעל צוויסן געגעבן דעם טאַטן, דעם מלמד, און ער איז אַריין אַוועקזעצן זיך צום טיש פלייסיק צו לערנען מיט די קינדער. די ייִנגערע שוועסטער צירלס, חנהלע, איז געווען אין מיינע יאָרן. אַ שוואַרצן קאָפּ האָר מיט צוויי צעפּלעך, שמייכלענדיקע קאַרשן־אויגן. ווען די ייִנגלעך האָבן מיך געשלאָגן, איז זי געווען אויף מיין זייט, מיך פאַרטיידיקט. נישט איינמאָל האָט זי דערפאַר אַריינגעכאַפּט אומזיסטע קלעפּ און — געשוויגן.

דאָס חדר איז געווען אויפן זעלבן הויף, ווו די מומע דבורה האָט געוווינט. ווען חנהלע האָט מיך אָנגעקוקט מיט אירע קאַרשן־אויגן, בין איך געווען ווי היפּנאָטיזירט.

אין גרויסן הויף זענען געשטאַנען הילצערנע הייזקעס און דאָרט האָבן געוווינט אָרעמע ייִדישע משפּחות מיט פיל קינדער. פון דער צווייטער זייט — שפּייכלערס מיט פאַרשידענע סחורות: אייזנוואַרג, מאַטעריאַלן פאַר הייזער־בוי, פאַר דאָרפישער ווירטשאַפט, קאָלאָניאַל־סחורות, זעק צוקער, זעק מעל, פעסער הערינג. די באַלעבאַטים זענען געווען רייכע ייִדישע הורטאָווניקעס. דער צוקער־סקלאַד האָט געהערט צו קלאַפּמאַן. ער איז געווען דער אַגענט פון דער גלינאָוויעצקער צוקער־פאַבריק, אַ נאָענטער פריינט דעם טאַטנס. אין די האַלב־איינגעפאַלענע שטאַלן, טיף אין הויף, זענען געשטאַנען פערד פון די ראַטשווינזער בעלי־עגלות. די פערד האָבן זיך געפּאַשעט מיט געפּענטעטע פיס און געשפּרונגען אין דעם נישט טיפן וואַסערל, אָנצוטרינקען זיך.

אויפן גרויסן הויף האָבן זיך ייִדישע ייִנגלעך געשלאָגן מיט די שגצים. זיי האָבן זיך פאַרטייעט הינטער די שטעלער. דער גענעראַל ביי די ייִדישע ייִנגלעך איז געווען — וואָלף, אַ ייִנגל פון אַ יאָר דרייצן. ער האָט געטראָגן אַ קאַשקעטל אויף אַ זייט און אַ שאַליק. געהאַט שוואַרצע שפּיציקע אויגן. ער האָט איינגעפירט אַ שטרענגע דיסציפּלין ביי די ייִנגלעך, און געהאַט פאַרשידענע איינפאַלן.

אין די שטילע ווינקלען האָט חנהלע אָנגעפירט מיט די קינדערישע שפּילן. איר דרימלענדיקער ווייבערישער אינסטינקט האָט איר אונטערגע־זאָגט, אַז איך וועל איר אַלץ נאָכגעבן. ביי יעדער שפּיל, בין איך שטענדיק געווען דער „קראַנקער" און זי — די היילערין. זי האָט אויסגעפונען, אַז איך בין קראַנק — אַ האַנט, אַ פוס; האָט זי מיך געגלעט מיט אירע קליינע וואַרעמע הענטלעך. זי האָט גענומען מיין קאָפּ און אָנגעוויזן אויף איר שויס:

— דאָ לייג דיין קאָפּ.

איר וואַרעמקייט האָט מיך געבריט. אין אַ ווילע אַרום פרעגט זי מיך: „ס'איז דיר בעסער?"... „ניין!" — האָב איך געענטפערט. און זי האָט אַרויפגעלייגט אירע הענטלעך און מיך געדריקט צו זיך.

אין אַ שבת־נאָכמיטאָג האָבן דער פעטער ישראל און די מומע דבורה זיך געקליבן גיין שפּאַצירן. האָבן זיי געבעטן דעם פעטער ישראלס שוועסטער זי זאָל אַכטונג געבן אויף די קינדער. ווען מיר זענען געבליבן אַליין, רופט זיך אָן חנלע:

— היינט ביסטו גוט קראַנק!...

זי האָט זיך אָנגעטון אין אַ ווייס טיכל אויפן קאָפּ, צוגערוקט מיר אַ בענקל כ'זאָל זיך זעצן, גענומען אַ מעסער און געקוקט אויף מיר מיט צעשראָקענע אויגן.

— כ'וועל דיך געזונט מאַכן — האָט זי געשעפּטשעט.

און זי האָט גענומען מיין רעכטע האַנט און מיר אַ שניט געגעבן אין אַ פינגער. דאָס בלוט האָט אָנגעהויבן רינען און זי האָט זיך פלוצים דערשראָקן, איז בלייך געוואָרן. טרערן האָבן זיך געשטעלט אין אירע ליכטיקע אויגן. זי האָט באַלד אַראָפּגעכאַפּט דאָס טיכל פון קאָפּ און מיר פאַרבונדן דעם פינגער. אָבער דאָס בלוט האָט נישט אויפגעהערט צו רינען.

— קום! — האָט זי באַפוילן, און כ'בין איר נאָכגעגאַנגען ווי אַ לעמעלע. אין קאָרידאָר איז געשטאַנען אַ וויאַדרע מיט שמוציק וואַסער. זי האָט גענומען מיין פינגער און אים אַריינגעשטעקט אין שמוציקן וואַסער, געהאַלטן אַ פּאָר מינוט, ביז דאָס בלוט האָט אויפגעהערט רינען. זי האָט פאַרבונדן דעם פינגער מיט אַ שמאַטקע און האָט אויסגעשריגן:

— אַצינד האָב איך דיך אויסגעהיילט.

— יאָ, חנהלע — האָב איך געזאָגט — האָסט מיך גוט אויסגעהיילט.

צומאָרגנס האָב איך באַקומען היץ. דער טאַטע איז געקומען און מיך אַהיים געפירט. צוויי מאָל בין איך אָפּערירט געוואָרן. כ'האָב באַקומען אַ פאַרגיפטונג. דער באַרימטער דאָקטער ברודניצקי פון טשעכאַנאָוו האָט מיר אָפּגעראַטעוועט די האַנט.

***

ווען איך לעב אויף די זכרונות פון מיינע קינדער־יאָרן, געפין איך זיך אין די בערג, עטלעכע און צוואַנציק קילאָמעטער פון ניס. דאָס קליינע שטעטל איז איינגעהילט אין נאַכט שטילקייט. אַ פאַרזאָרגטע, בלאַסע לבנה, שוועבט אויפן טונקל־בלויען הימל. ס'פינקלען מיליאָנען שטערנדלעך, זיי ציטערן ווי קליינע ברילאַנטן. ס'דאַכט זיך, זיי ווילן זיך איינגראָבן אין טונקעלן הימל. סודותדיק פליט צומאָל פאַרביי אַ שטערן, מאַכט אַ לאַנגן קרייץ, גיט אַ צאַפּל און פאַרשווינדט. די בערג שטייען ווי מאַסיווע פּאַנצער, און בליקן שטום איינגעהילט אין דער פינצטערער נאַכט. טיף אין די בערג, שפּריצן קליינע ליכט־שאָטנס, פון די צעוואָרפענע איינזאַמע הייזקעס, זיי ווינקן פאַרפירעריש... כ'הער זיך איין אין שטילן שאָרך פון די וויגנדיקע ביימער. אַ גרויסע בענקשאַפט און טרויער נעמט מיך אַרום צו מיינע טייערסטע, וואָס זענען פאַרשניטן געוואָרן. איך גיי אַרויס אויף דעם באַלקאָן. אַלץ זינקט אין טיפן שלאָף. אַ קיל ווינטל האַלדזט מיך, גלעט מיין אָנגעהיצט פנים. ס'שטייט מיר פאַר די אויגן די קליינע, זיסע חנהלע — מיין ערשטע ריינע קינדערישע ליבע...

כ'בין דערנאָך צוריקגעקומען קיין ראַטשוינז. ווען דער וואָגן האָט זיך געטרייסלט איבערן הילצערנעם בריקל, כ'האָט דערזען פונדערווייטנס דעם גרויסן הויף... די בריטשקע האָט זיך פאַרהאַלטן ביים טויערל און איך בין אַריינגעפאַלן אין שטוב אַ קוש געבן דער מומע דבורה. ווען כ'האָט זיך געגרייט אַרויסצולויפן, האָט מיך די מומע אָנגענומען ביים הענטל און שטיל געזאָגט:

— דער מלמד איז אַוועק אין אַ צווייטע שטאָט... און חנהלע איז אויך אַהין געפאָרן...

ס׳האָט מיך אָנגעהויבן צו שטיקן אין האַלדז. איך בין אַרויס, געז־בלאָנדזשעט אין די ווינקעלעך ווי מיר האָבן פאַרבראַכט די צייט מיט אונזערע קינדערישע שפּילן און — זיך צעכליפּעט.

אַן אומעט האָט אײַנגעהילט מײַן יונג האַרץ. אָבער בײַ קינדער פאַרגייט שנעל דער ווייטיק, און ווי נאָך אַ פאַרוואָלקנטן טריבן הימל צע־שײַנט זיך די זון מיט ליכטיקע שטראַלן פון האָפענונג...

***

דעמאָלט איז די מומע מינדל, די ייִנגסטע טאָכטער פון באָבע־זיידע געוואָרן אַ כלה פון פלינצק. מ׳האָט זיך געגרייט צו דער חתונה, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין ראַטשווינז.

די חתונה איז פאָרגעקומען אין אַ שיינעם זומער־טאָג. מ׳האָט אָפּ־געוואָרט דעם חתן מיט די מחותנים בײַ דער באַן־נעץ קיין וואַרשע. דאָס פאָרן צו דער באַן, די חתונה־שטימונג, דאָס פריילעכע פלוידערן, איז געווען פאַר מײַן קינדערישער פאַנטאַזיע, אַ פריידיקע עמאָציע. דאָס ערשטע מאָל האָב איך געזען אַ באַן. אַ גרויסער פאַרמאַכטער אײַזערנער וואָגן, מיט אַ קוימען וואָס זעצט מיט שוואַרצן רויך, און לויפט אויף דיקע אײַזערנע שטאַבעס. מיר זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט ווי זעלנער און מיט אומ־געדולד געקוקט אין די ווײַטקייטן. איך האָב זיך דורכגעשטופּט צווישן די דערוואַקסענע און געוואַרט אויפן גרויסן וווּנדער, אָנקוקן דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן אַ באַן. פון צײַט צו צײַט האָט אַ מחותן אַרויסגענומען אַ גרויסן זייגער פון וועסטל־קעשענע, אַ קוועטש געטון אויפן קאָנווערט און געקוקט ערנסט אויף די ווײַזערס:

— האָ... די באַן האָט זיך פאַרשפּעטיקט. ס׳האָט עפּעס פּאַסירט...

— וואָס הייסט פאַרשפּעטיקט? — רופט זיך אָן עמיצער פון דער משפּחה — ס׳איז דאָך אַ חתונה...

אין דעם אַ פריידיק אויסגעשריי:

— זי קומט אָן!

דער געדראַנג אויפן קליינעם וואקזאַל איז געוואָרן אין לשער. יעדער האָט געוואָלט זײַן דער ערשטער. פון דער ווײַט האָט זיך באַ־וויזן צוערשט אַ רויך. ווען די באַן האָט זיך דערנענטערט, האָט מען געזען

לויפן אַ מאָדנע מאַשין, צוגעטשעפּעט — שטיבלעך מיט פענצטער און אין די פענצטער — רייזנדע, וואָס באַוווּנדערן אַלץ אַרום. די מאַשין האָט סאַפּענדיק אויסגעשפּיגן אַ שוואַרצן, פעטן רויך, אַ בלאָז געגעבן אַ וואַ־רעמע פּאַרע און איז שטיינגעבליבן. בלויז ביי די גרויסע זעקס רעדער האָט געקאָכט ווי טיי אין אַ טשייניק.

די טירן האָבן זיך געעפנט. דער קאָנדוקטאָר מיט די גרויסע וואָנסעס האָט אויסגעכאָרכלט דעם נאָמען פון דער סטאַציע. עס זענען אַרונטער הויכע מענער מיט פּריצישע וואָנסעס.

— דאָס זענען זיי! — האָט ווער געגעבן אַ געשריי.

מ'האָט זיך געשטופּט, געשריגן:

— שלום עליכם, וואָס מאַכט עטץ? וואָס הערט מען אין פּלינצק? אין אַ מזלדיקער שעה... — האָט ווער אַ קוויטש געגעבן.

אין דער זעלבער רגע, ווען דער לאָקאָמאָטיוו האָט אַרויסגעלאָזט אַ פייף, האָט דער קאָנדוקטאָר זיך צעשריגן. נאָך אַ צווייטן, פּאַרגלישענדיקן פייף, האָט די באַן זיך אָנגעהויבן גליטשן צוערשט פּאַמעלעך, דערנאָך וואָס אַמאָל שנעלער, ביז זי איז פאַרשוווּנדן.

דאָס קליינע וואָקזאַל־צימערל האָט אויפגעלעבט. איינער האָט גע־וואָלט איבערשרייען דעם צווייטן. עס האָט זיך באַוויזן אַ פלאַש בראָנפן, לעקעך, קיכלעך, פריילעכע לחיימס האָבן אָפּגעהילכט מיט הייטערקייט.

אַ גאָלדענע זון האָט גענידערט צום מערב. אַ קופּער־שיין האָט באַגאָסן דעם אַרום. אויף די דעכער פון די געמויערטע הייזער האָט דער לעצטער זונען־שיין זיך געגליטשט, געוואָרן בלאָסער און פאַרגאַנגען. גאָלד־רויטע פּאַסן האָבן באַמאָלן דעם הימל. אַ זילבער וואָלקנדל האָט אַריינגעשוועבט און געבליבן הענגען. דער בין השמשות האָט זיך שלווה־דיק אַריינגעשלייכט. דער הייסער פאַרגאַנגענער טאָג, איז געפאַלן אין די אַרעמס פון זומער־אָוונט. אויפן מאַרק איז געווען רוישיק. מען איז געשטאַנען אין גרופּעס, געשמועסט פּאָליטיק, שטעטלדיקע נייעס. מען איז געזעסן אויף די שטיינערנע טרעפּלעך, געכאַפּט לופט. קינדער האָבן זיך געשפּילט אָנפילנדיק דעם אַרום מיט זייערע זילבערנע שטימעלעך.

***

אין די צוויי גרויסע צימערן ביי דער מומע דבורה איז געווען טומלדיק און פריילעך. די עלעקטרישע לעמפּלעך און די בליץ־לאָמפּן, האָבן געברענט פייערלעך. אויף די טישן זענען געווען אויסגעשפּרייט שניי־ווייסע טישטוכער; שבתדיקע לייכטערס מיט ליכט האָבן געטריפט, זיך געשמאָלצן פון דער וואַרעמקייט. די געסט האָבן אָנגעהויבן זיך אַריינצושיטן. אַ יונג ווייבל, וואָס האָט זיך געפּאָרעט, האָט זיי אויפ־גענומען. די געסט האָבן זיך געזעצט אַרום די ווענט, מיט ערנסטע מינעס. משפחה, פריינד, זענען געלאָפן פון איין צימער אין אַנדערן, גע־ענטפערט אויף די ברכות און ווונטשן מיט אַ „מע־צו־שעם באַ־אַך״ — געווישט אַ טרער...

עס זענען אָנגעקומען די כלי־זמרים. דער פידלער האָט אַ צי געגעבן מיטן סמיטשעק אויף די סטרונעס. דער קאָנטראַבאַס האָט אַ ברום געגעבן, דער טראָמפּעטיסט האָט אַ בלאָז געגעבן, און זילבערנע טרעלן האָבן אַרויסגעפּלייצט דורך די אָפענע פענצטער.

די כלה, די מומע מינדל, אַ שוואַרץ־אויגיקע, אַ באַחנטע, איז געזעסן אַן ערנסטע, אויף איר טראָן־שטול. איר קאָפּ האָט אַרומגענומען אַ לאַנגער, ווייסער שלייער. די טאַטעס האָבן אַריינגעפירט דעם חתן צו באַדעקן די כלה. איינע פון אונזערע שיינע חתונה טראַדיציעס, ס׳האָט פאַרמאָגט אַזויפיל חן און יידישע האַרציקייט. די מאַמעס זענען געשטאַנען ביי דער כלה. דאָס פידעלע האָט זיך לייכט צעוויינט. אַלע אַרום — ערנסט פאַרטראַכט. דערנאָך האָט זיך באַוויזן אַ יידל, מיט אַ חזנישן קאַפּל, אַ קורץ בלאָנד בערדל, פלינקע אויגן, אָפּגעהוסט און אַרויסגע־פּישטשעט:

— שטיל זאָל זיין. מ׳וועט באַזינגען די כלה...

די כלי־זמרים האָבן דערלאַנגט אַ פריילעכס, אַ פּאָפּורי, געפלאָכטן פון יידישער נגינה. דאָס פידעלע האָט שטיל, מיט אַ נאָגנדיקן ציטער, זיך צעוויינט מיט אַ געבעט.

דאַן האָט דער בדחן, מיט ימים נוראימדיקן ניגון, אויסגעזונגען:

— טייערע כלה, עס איז אַ גרויסע שאלה.

דו ווערסט געשטעלט פאַר דער פמליא של מעלה...

דאָס פידעלע האָט געיאָמערט, די טראָמפּייט האָט טרעלנדיק גע־קלאָגט און מיט אים — אַלע ווייבער. דער בדחן האָט פאַרענדיקט:

— מיט מזל און חן, ונאמר אמן!...

ביי דער זייט איז געשטאַנען אַן עלטערע פרוי, האָט געווישט די אויגן, געמאַכט פאַרשידענע גרימאַסן. זי האָט געוואָלט אַרויסברענגען אַ טרער און נישט געקענט. פּלוצים האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש, ווי מען וואָלט זי געקוילעט. די טרערן זענען ביי איר געררונען, אָבער זי האָט זיך גאָר צעלאַכט.

שפּעטלעך, נאָכן חתונה־מאָלצייט, נאָכן טאַנצן, זינגען, פריילעך אַרומפלוידערן, רופט מען צווישן עולם:

— דבורה וועט זינגען און באַשיינען איר שוועסטערס חתונה. און זי האָט געזונגען, די מומע דבורה:

אלי! אלי! למה עזבתני...

די מומע דבורה האָט געהאַט אַ פּרעכטיקע סאָפּראַנאָ־שטימע, געזונגען מיט האַרץ און געפיל. אין אונזער משפחה איז זינגען געקומען ביורשה פון זיידנס און באָבעס צד. דאָס ערשטע מאָל האָב איך געהערט זינגען מיין מומע, דראַמאַטיש, פאַרכאַפּנדיק:

אין פייער און אין פלאַמען
האָט מען אונז געטריבן...

מיין יונג האַרץ האָט אויפגעצאַפּלט נאָכגעפאָלגט יעדעס וואָרט און מיטגעלעבט די ליידן און געפאַרן וואָס אונזער פאָלק איז אויסגע־שטאַנען, און וואָס עס דערוואַרט אונז נאָך, אויפן לאַנגן גלות־וועג.

אין די שפּעטערע יאָרן, האָט זינגען מוזיק, פאַרנומען אַ טייל פון מיין לעבן. די מעלאָדיעס זענען אַריינגעדרונגען אין מיין נשמה. ווען אונטער בלויע הימלען האָבן זיך צעשפּילט פויגל־טרעלן, אין דער נאַכט־שטילקייט. האָט אַ ווייטער עכאָ אויפגענומען קלאַנגען פון אַ האַרמאָשקע, פלעג איך לייכט אויפציטערן.

מיט צענדליקער יאָרן שפּעטער, האָב איך זיך געפונען אין סטאַ־ראַכאָוויצער לאַגער, דער הונגער, טיפוס־עפּידעמיעס, די סעלעקציעס, האָבן יעדן טאָג פאַרשניטן אונזערע אומגליקלעכע ברידער און שוועסטער. האָבן מיר איינגעאָרדנט קליינע קאָנצערטן, כדי אונטערצוהאַלטן דעם

מוט. ווען מיין צעבראָכן האַרץ, האָט אויסגעשריגן שטיקנדיק זיך מיט טרערן, אלי! אלי! למה עזבתני... האָב איך זיך דערמאָנט, ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל געהערט זינגען די מומע דבורה. דאָס ליד פון פיין און פּלאָג איז אַריינגעדרונגען אין מיין האַרץ און באַגלייט מיך ביזן היינטיקן טאָג.

**
*

עס איז געווען אין 1917, אין אַ שבת אין גרויסן בית־המדרש אין ראַטשווינז, אויסגעפּילט מיט יידן. דער חזן האָט געציקלט די שבתדיקע תפילות און דער עולם איז זיך פאַרגאַנגען אין תענוג. יונגעלייטלעך, אין די טליתים, מיט קוים שפּראָצנדיקע בערדלעך האָבן זיך געשאָקלט מיט התלהבות. ביי דער מזרח־וואַנט — די אָנגעזעענע בעלי־בתים, מיט זילבערנע עטרות אויף די טליתים, בייגן די קעפּ רעכטס און לינקס, מיט גרויס יראת הכבוד. די האַרעפּאַשנע יידן האָבן זיך געהאַלטן נענטער צו דער טיר.

וואָלף דער משוגענער, אַ הויכער אַ דאַרער. זיינע שוואַרצע וואָנ־זיניקע אויגן, טיף אַריינגעזעצט אין די לעכער. ער האָט געטראָגן אַ צעפּליקטן לאַנגן מאַנטל, אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק. אַ לאַנגן דאַרן האַלדז, אַרומגעוויקלט מיט אַ צעדריוולטן שוואַרצן שאַליק. ווען ער האָט גערעדט, איז זיין האַלדז־קנאָפּ געשפּרונגען אַראָפּ און אַרויף. זיין משוגעת איז באַשטאַנען אין פאַרשטעלן זיך ווי דער בעסטער וועלט־פּאָ־ליטיקער — רעגירט מיט דער וועלט... ער פירט מלחמות... — זיין סטראַטעגיע איז די בעסטע... — ער האָט געוווסט וואָס עס טוט זיך ביי יעדן אין הויז, וועלכעס מידל פירט זיך נישט אויף לייטיש... — גערעדט אַ שידוך אַ ווייבל, וואָס האָט נאָך איר מאַן...

ער איז געווען אַ וואַסער־טרעגער — געדענקט גענוי יעדן טאָג, וועמענס רייע עס איז צו ברענגען וואַסער.

אין מיטן מאַרק איז געשטאַנען אַ פּלומפּ. צווי גרויסע וויאַדרעס מיט שאַנדעס, פאַרוואָרפן אויף זיינע שמאַלע אויסגעדאַרטע פּלייצעס, האָט ער געשפּאַנט איילּיק, מיט זיינע לאַנגע פיס. יינגלעך זענען אים נאָכגעלאָפן און געשריגן:

— משוגענער וואָלף אַ כאָליערע אויף דיר!... — נאָכגעוואָרפן אים שטיינער, האָט ער זיך נישט אומגעקוקט.

ער האָט קיינעם נישט געטון קיין שלעכטס. ווען ער איז אָנגעקומען צום הויז מיט די צוויי שווערע עמערס, האָט ער זיך געמאָלדן:

— דער משוגענער וואָלף, האָט געברענגט וואַסער פאַר דבורה ישראלס!...

— און גלייך אויסגערופן — עץ האָט געהערט די נייעס?... האַ!
— אין איין אָטעם דערציילט. מ׳האָט אים דערלאַנגט די פאָר גראָשן, און ער איז אַנטלאָפן.

זיין דירה איז געווען אין גרויסן בית־המדרש הינטערן אויוון. אין איינעם אַ שבת, יידן האָבן אָפּגעדאַוונט, זיך געווונטשן „גוט־שבת", געשמועסט געמיטלעך, פּלוצים כאַפּט זיך אויף וואָלף פון הינטערן אויוון, לויפט צו צום באַלעמער, גיט אַ קלאַפּ אין טיש און שרייט אויס הייזעריק:

— יידן! זייט וויסן! — אין אַ שבתדיקן טאָג וועט וואָלף פאַרברענט ווערן צוזאַמען מיטן בית־המדרש... מיט יאָרן שפּעטער, האָט ער פאַרענדיקט זיין טראַגיש לעבן אַזוי ווי ער האָט פאַראויסגעזאָגט מיט די שוואַרצע נביאות. ער איז טאַקע פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיטן גרויסן בית־המדרש. עס איז געווען פרייטיק צו־נאַכט, שפּעט, איז דאָס שטעטל אויפגעוועקט געוואָרן פון געשרייען:

— דער בית־המדרש ברענט! — נאָכן איינלעשן די שרפה, זענען פאַרבליבן בלויז די פאַרסמאָליעטע ווענט און דער פאַרברענטער קערפּער פון אומגליקלעכן משוגענעם וואָלף...

אַן אויסגעהעמערטער פאָלקסטימלעכער טיפּ, איז געווען וואָלף דער משוגענער. אַ פאַראייניזאַמטע גוטע נשמה... זיך אויסגעלעבט אין זיינע וואַנזיניקע געדאַנקען. די, און אַנדערע פאָלקס־טיפּן, האָט מען געקענט טרעפן אין די אַמאָליקע קליינע שטעטלעך, וואָס זענען באַרבאַריש פאַרשניטן געוואָרן פון דעם פינצטערן עמלק, מיט דער שטומער גלייכגילטיקייט פון דער וועלט.

***
****

אין אַ שבתדיקן זומער־טאָג פאַרן לייענען, האָט דער שמש אַ קלאַפּ געגעבן אין שולחן. אַ געפּוצט דיקלעך יידל, אין די פּערציקער, איז אַרויף אויפן באַלעמער און קורץ געמאָלדן:

— עס ווערט געעפנט אַ מאָדערנער חדר!

דעם טאָג ווען מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט, האָבן מיר זיך געפונען אין אַ גרויסן זאַל איינגעאָרדנט ווי אַ „שקאָלע". אַ באַזונדערער טיש פאַרן לערער, מיט אַ טאַבליצע, ליכטיק, ריין.

דער מאָדערנער חדר האָט אַריינגעבראַכט אַן איבערברוך אין לעבן פון די חדרים. עס איז געווען גאָר אַנדערש, ווי מיר זענען געווען גע־וווינט. עס איז אונז געפעלן, און צעשפּילט די קינדערישע פאַנטאַזיע.

דער אונטעריכט איז געווען אין עברית, אין יענער צייט — לשון קודש, חומש, תנ"ך, וועלטלעכע לימודים. איין טאָג אין דער וואָך האָט מען נישט געלערנט, אַרומגעשפּאַצירט מיט בלוי־ווייסע פענדלעך אין וואַלד, געזעצט זיך אין אַ קרייז און איינגעאָטעמט די וואַלדישע אַראָמאַטן. דער לערער האָט דערציילט פון אונזער אַלטער געשיכטע, געזונגען מיט אונז לידער וועגן ציון, פול מיט בענקשאַפט און האָפענונג, אויפגעוועקט אונ־זער קינדערישע פאַנטאַזיע. אָבער נישט נאָר וועגן אַלטן ארץ ישראל האָט ער געדעדט, נאָר וועגן איצטיקן ארץ ישראל, ווו יונגע חלוצים טוען הייליקע פּיאָנערישע אַרבעט, מיט שווייס און בלוט, און ווערן פאַרשניטן דורך די אַראַבישע רוצחים, אויפגעהעצטע דורך די ענגלישע קאָלאָניאַ־ליסטן. ער האָט אונז אינספּירירט מיטן געדאַנק צו פאָרן אויפלעבן אונ־זער אַלטע היים אין ארץ ישראל.

איינמאָל איז ער געקומען אין שולע, באַזונדערס אויפגעהייטערט. ער האָט אין פייערלעכע ווערטער אונז איבערגעגעבן וועגן אַ גרויס היס־טאָריש געשעעניש; אַז אַ מיניסטער פון ענגלאַנד, לאָרד באַלפור, האָט אין פּאַרלאַמענט געלייענט אַ דעקלאַראַציע וועגן ווידערגעבורט פון אַ היים פאַרן יידישן פאָלק, אין ארץ ישראל. מאָרגן איז אַ גרויסער יום טוב. מיר וועלן מאַרשירן מיט געזאַנג אין די גאַסן, צו פייערן דאָס גרוי־סע געשעעניש.

ס'איז געווען אַ שיינער זוניקער האַרבסט־טאָג. דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען פאַרזאַמלט אויפן ראַטשוינזער מאַרק. יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָבן מאַרשירט מיט געזאַנג, געטראָגן קליינע בלוי־ווייסע פענדלעך. דער

פֿייערלעשער־אָרקעסטער — בלויז יידן — האָט געשפּילט פריילעכע מאַרשן. אין מיטן מאַרק איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ טריבונע. רעדנער האָבן גערעדט וועגן דעם היסטאָרישן טאָג, אַ פרייד האָט אַרומגענומען דאָס שטעטל און גערופן צו פאָרן קיין ארץ ישראל, העלפן אויפבויען אונזער לאַנד. מען האָט געזונגען די „התקוה״. דאָס האָט איבערגעלאָזן אויף אַלע יידן אַ גרויסן איינדרוק.

אין דעם משכילישן חדר מתוקן, ביים וווּנדערבאַרן לערער, אין ראַטשווינז, איז געבוירן געוואָרן מיין אומבאַגרענעצטע ליבע צו אונזער אַלט־ניי־לאַנד, מיטן אויפקומען פון אונזער מדינה, וואָס איז אַ טייל פון מיין לעבן.

נאָך שבועות האָב איך פאַרלאָזט ראַטשווינז. ס׳איז געווען אין יאָר 1918. דער בלוטיקער קריג האָט שוין געהאַלטן ביים סוף. די שלאַכטן אויף די פראָנטן זענען געווען פאַרביסענע. יעדן טאָג, זענען טויזנטער מענטשן אָפּגעגאַנגען אין בלוט. די אַנדערע, זענען געוואָרן קריפּלס, די פראַנצויזן האָבן זיי גערופן „צעהאַקטע מאָרדעס״.

אין דער דאָרפישער שטילקייט פון גלינאָוויעצק, האָט מען אין דעם גרויל ווי פאַרגעסן. בייטאָג, האָט די זון ווי פון קדמונים, צעשפּרייט ליכ־טיקע שטראַלן, איבער פעלדער און באַבלימלטע גראָזן. ביינאַכט האָט אַ בלאַסע פולע לבנה שפּאַצירט אויף דעם טונקל־בלויען הימל, געבאָדן זיך אין קלאָרן טייכל פון דער זשאַלדאָווקע. די זשאַבעס האָבן קוואַקענדיק אויסגעזונגען זייערע נאַכט־סערענאַדעס. אַן איינזאַמע סאָווע האָט געקלאָגט אין דער פינצטערער נאַכט. דער ליכטיקער זומער האָט געשפּאַנט און געשלונגען די טעג. ווען מען האָט אין אַ פרימאָרגן דערוואַכט, האָבן האָרבסטיקע ווינטן געריסן די בלעטער פון דיביימער און געשאָרכט אונטער די פיס טריט.

אָנהייב נאָוועמבער, איז געהאָנגען אַ נידעריקער גרויער הימל איבערן שטעטל. צפון־ווינטן האָבן געפייפט, און געברומט מיט ירגזון. אַ בינטל אַלט שטרוי פון אַ געדעקטן שייער, האָט זיך אַ הייב געטון ווילד אין דער לופט, געמאַכט פון דעם שטרוי אַ שדים־טאַנץ... אַ ווייבערישע ספּודניצע וואָס איז געהאָנגען אין הויף, איז פאַרשלעפּט געוואָרן און זיך פאַרטשעפּעט אויף אַ שכנס פּלויט.

אין אַזאַ צעבייזערטן פרימאָרגן, האָבן אין גלינאָוויעצק אָפּגעהילכט

ביקסן־שאָסן. אין אַ לאַנגן דאָרפישן וואָגן זענען געזעסן פּאַטריאָטישע פּוילישע זינדלעך, מיט ביקסן אין די הענט. מיט געזאַנג און לידער וועגן פּוילנס אַומאָפּהענגיקייט, וואָס איז צוגעטיילט געוואָרן נאָכן ווערסאַלער טראַקטאַט. די קאַנאָנען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען פאַר־שטומט געוואָרן. די ערד איז פּעט געוואָרן פון פאַרגאָסענעם בלוט. די ווונדן זענען נאָך נישט פאַרהיילט געווען, און שוין האָט זיך באַוויזן אַ נייע בלוט־באָד, צוגעגרייט פון די בלוטיקע וועלט־פּאָליטיקער, די פּוי־ליש־באָלשעוויסטישע מלחמה.

פּויזנער סאָלדאַטן, פון האַלערס אַרמיי האָבן זיך באַוויזן אין די שטעט אַון שטעטלעך. אויף די וועגן איז געווען געפערלעך צו פאָרן. זיי האָבן געשניטן יידישע בערד, פיל מאָל — צוזאַמען מיט די העלדזער. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די באַפרייאונג פון פּוילן...

יידיש בלוט איז ווידער געווען הפקר. די אַלטע פּוילישע יידן־שנאה האָט אויפגעפלאַקערט. מ׳האָט יידן געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך, אַז די באָל־שעוויקעס האָבן אין רוסלאַנד פאַרכאַפּט די מאַכט. ווי די רויב חיות, האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אין יידישע היימען. ראַבירט, געשלאָגן, פאַרגוואַלטיקט פרויען, מיטגענומען יידן וואָס זענען פאַרשוווּנדן אויף אייביק.

**
*

די פּויליש־באָלשעוויסטישע מלחמה איז געשטאַנען אין פולן ברען. די רייכע ערד־באַזיצער פון די קרעסן זענען געלאָפן פון די באָלשעווי־קעס. אויף די וועגן האָבן געצויגן פורן מיט ווייבער און קינדער; ברייטע, מיט שווערע, הויכע רעדער, איינגעשפּאַנט אין אויסגערוטע פערד. געווען פורן מיט דעכער, ווי פון וואַנדערנדיקע קאָמעדיאַנטן. אַ קו מיט אַ שווערן אייטער איז געווען צוגעבונדן פון הינטן. עס האָבן זיך געצויגן גאַנצע אָבאָזן. זיי זענען אָנגעפאָרן אין וואָלקנס שטויב. זיי האָבן זיך פאַר־האַלטן ביי אונז אין גלינאָוויעצק, אויסגעשפּאַנט די פערד, אָנגעפּאַשעט זיי. די ווייבער האָבן געקאָכט אויף שייטערס אין דרויסן. אָנגעפילט דאָס שטעטל מיט טומל, און אַ מאָס געטרונקען טיי.

פונקט ווי זיי זענען געקומען אָנצוציען, אַזוי זענען זיי אינגיכן פאַרשוווּנדן. איך האָב אויפגענומען דעם אומרו און די שרעק פון די

אַנטלויפנדיקע מענטשן. ביינאַכט האָבן זיך אַלץ אָפטער געהערט די האַר־מאַטן־שאָסן. דער זומער איז געווען אַ הייסער. אויף די פעלדער זענען די קאָרן־זאַנגען געשטאַנען רייפע, גרייט צום שניט. אָבער די פּויערים האָבן זיך געפּאַרכטן אַרויסצוגיין אויף די פעלדער. נאָך אַ הייסער דוש־נער נאַכט, איז גלינאָוויעצק פאַרפלייצט געוואָרן פון באָלשעוויסטישן מיליטער. מען האָט זיי גערופן די „באָסאָ קאָמאַנדאַ"; זיי האָבן געטראָגן ביקסן צוגעבונדן מיט שטריקלעך, צעריסענע שיך, אַנדערע אינגאַנצן באָרוועס, האַלב ציוויל, האַלב מיליטעריש, באַוואָקסן, אָפּגעריסן. זיי זענען געווען צעלייגט אויף די לאָנקעס, ביים טייכל, געקאָכט אין קליינע קעסעלעך אויף שייטערס.

מ'האָט זיך געוווּנדערט — די פּוילישע אַרמיי, אָנגעפירט פון פראַנ־צויזישע אָפיצירן, איז ערשט נישט לאַנג דערגאַנגען ביז קיעוו, ביזן דניעפּער; האָט אָבער די „באָסאָ קאָמאַנדאַ" אַ שפּאַר געטון, ווי אַ גע־פּלאַצטער שליוז, געיאָגט די פּאָליאַקן ביז די טויערן פון וואַרשע.

אין אַ פרימאָרגן קומט אַריין צו אונז אין הויז אַן אָפיציר, אַ באָל־שעוויק, און רעדט מיטן טאַטן. ער דערנעענטערט זיך צום ספרים־שענקל, נעמט אַרויס אַ „חק", מאַכט אויף, גיט אַ בליק און זאָגט מיט אַ קלאָ־רער שטימע: „בראשית ברא אלוהים" (צוערשט האָט גאָט באַשאַפן די וועלט). ער האָט דערציילט, אַז זיין פאָטער איז געווען אַ רב אין מאָסקווע; אַז ער אַליין האָט אַמאָל געלערנט אין חדר, אָבער ער גלויבט נישט מער אין גאָט. „מיר וועלן באַלד זיין אין וואַרשע און עס וועט הערשן אַ גערעכטע אָרדענונג... גלייכהייט, פאַר אַלע אַן אויסנאַם". מיט אַ יידישן „זייט געזונט", איז ער שנעל אַרויס.

די שיסעריי אין דרויסן איז שטאַרקער געוואָרן. אַ שייער האָט זיך אָנגעצונדן, געפלאַקערט. די באָלשעוויקעס זענען לאַנג נישט פאַרבליבן. עס איז פאַרגעקומען אַ קעגן־אַטאַקע פון פּוילישן מיליטער, און זיי זע־נען פאַרשוווּנדן אַזוי שנעל, ווי זיי זענען געקומען.

צומאָרגנס זענען שוין די פּוילישע סאָלדאַטן ווידער אַריין אין גלינאָוויעצק. אַ האַלערטשיק איז אַריין צו אונז, מיטגענומען דעם טאַטן און אים געוואָלט דערשיסן, ווייל ער איז אַ „שפּיאָן". נאָך גוט, וואָס דער גלח איז צופעליק פאַרבייגעגאַנגען און האָט דעם טאַטן אַרויסגעריסן פון זיינע באַנדיטישע הענט, און דעם טאַטן געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט.

אין מיין יונגן מוח האָבן זיך געפּלאָנטערט פראַגן: פאַרוואָס קומט עס אונז? פאַרוואָס זאָלן מירליידן, מער ווי אַנדערע? פאַרוואָס זענען מיר הפקר? ביינאַכט האָב איך זיך געוואָרפן, געשריגן פון שלאָף, פון די קאָשמאַרן.

די פּאָליאַקן האָבן פאַרטריבן די באָלשעוויקעס פון הינטער וואַרשע. זיי האָבן עס אָנגערופן „דער נס ביי דער ווייסל". דער „נס" איז געווען וואָס פראַנקרייך האָט געשיקט הילף, אין פאָרם פון קריגס־מאַטעריאַל, עסן און געשולטע אָפיצירן. די אייביקע שנאה צווישן רוסן און פּאַליאַקן איז צייטווייליק איינגעשטילט געוואָרן, דורכן וואָפנשטילשטאַנד. מען האָט צוריק גענומען אויפבויען דאָס צעשטערטע.

אין 1922, דאָס דריטע חנוכה־ליכטל, בין איך געוואָרן בר־מצווה. אין קליינעם בית־מדרשל, שבת, האָט מען מיך אויפגערופן צו מפטיר. איך האָב גענומען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אַ דערוואַקסן יינגל, אַ ייד. לכבוד מיין בר־מצווה, האָבן מיינע עלטערן פאַרבעטן משפחה אויף לאַטקעס. דער גרויסער נאַפט־לאָמפּ האָט פייערלעך געברענט. שלום סאָקאָלאָווסקי האָט דערציילט, זיצנדיק ברייט ביים טיש, אגדות, וווּנדער־לעכע געשיכטעס וועגן רבי ר' בונם פון פּשיסכע ז"ל. כ'האָב עס גע־הערט מיט אַן אָנגעשפּיצטן געהער. מ'האָט געשפּילט אַן אָקע לכבוד חנוכה. דער עולם האָט זיך צעוואַרעמט. איינער שרייט אויס: „איך האָב מלכה'ת", אַ צווייטער — „און איך האָב מלאכים", אַ דריטער ענטפערט מיט אַ גמרא־ניגון: „אויף דעם האָב איך זיך נישט געריכט". דער זייגער ווייזט נאָך האַלבער נאַכט. די געסט צעגייען זיך. די גוטע באָבע זעלדע וואַרעמט ביים קאַכלענעם אויוון די פּערענעס פאַר די אייניקלעך. די זיסע וואַרעמקייט הילט אונז איין. די אויגן שליסן זיך. עס שוועבן פאַרביי די חנוכה־ליכטלעך, צום אָנדענק פון די גיבורים,די חשמונאים.

ווען איך האָב פאַרענדיקט די עלעמענטאַר־שולע, האָט דער טאַטע געזאָגט, אַז דערמיט זענען מיינע וועלטלעכע לימודים פאַרענדיקט. ער האָט באַשלאָסן מיך צו שיקן אין אַ ישיבה. דאָס איז אויך געווען דער ווונטש פון ראַדזימינער רבין. די מאַמע האָט זיך קעגנגעשטעלט. ביי־נאַכט האָב איך געהערט פון שלאָף־חדר, ווי דער טאַטע און די מאַמע האָבן זיך איבערגעווערטלט.

יעדן נאָכמיטאָג האָט זיך דער טאַטע צוגעשפּאַרט. דערנאָך האָט ער

זיך געזעצטביים אָפענעם פענצטער, לערנען אַ פּרק משניות. די מאַמע האָט אים צוגעטראָגן אַ קאַלטן טרונק. ס'איז געווען אַ הייסער זומער־טאָג. מיר זענען אַרויסגעפאָרן אין דראַביניאַסטן וואָגן צונויפנעמען די אָפּגע־שניטענע קאָרן־בינטלעך. זיי זענען געשטאַנען אויף די פעלדער און גע־וואַרט מען זאָל זיי איינזאַמלען אין די שייערן. דאָס איז געווען די שענס־טע צייט פון יאָר. מען האָט שווער געהאָרעוועט. געמיסטיקט, געאַקערט, געריייניקט פון די ווילדע גראָזן, האָט די מאַמע־ערד באַלוינט פאַר דער שווערער האָרעוואַניע, פאַרן פאַרגאָסענעם שווייס, און מיט פרייד איינ־געזאַמלט דאָס געבענטשטע ברויט.

די מערסטע אין גלינאָוויעצק, ווי פריער דערציילט, האָבן פאַר־מאָגט אַ פּאָר אָרעמע מאָרגעס ערד, און געלעבט שווער פון האָרעוואַניע. די צייט פון שניט, דאָס ברענגען די קאָרן־זאַנגען אין שייער, פאַרשאַפט פיל פרייד די דאָרפס־לייט. דער זומער איז געווען צעלייגט אין שלווהדי־קער שטילקייט. די ליכטיקע זון האָט געשיינט און באַגאָסן אַלץ אַרום מיט אירע גאָלדענע שטראַלן. דאָס שטילע טייכל האָט אויסגעזען ווי אַ זילבערנער שפּיגל. דעם גאַנצן באַשאַף האָט זי אָנגעפּילט מיט לעבן, און האָפענונג. דאָס פּנים פאַרשרפּהט פון דער חמימה, דער שווייס גיסט זיך. גלייכט מען אויס דעם געבויגענעם רוקן, מען פאַרייסט דעם קאָפּ צו די הויכקייטן און די ליפּן מורמלען אַ לויב צום באַשאַפער.

אונזערע פּאָר מאָרגעס ערד זענען געווען צעשפּרייט אין פאַרשי־דענע ערטער. צוויי מאָרגעס אַקער־לאַנד האָבן זיך געפונען צווישן אַ האַלבן וויאָרסט פון גלינאָוויעצק, אין אַ וועלדל פון יונגע סאָסנע־ביימער. דער וואָס האָט דאָס נישט מיטגעמאַכט, קען זיך נישט פאָרשטעלן די פרייד, וואָס נעמט דיך אַרום — אויף אַ לאַנג שטיק פעלד שטייען די אָפּגעשניטענע קאָרן־בינטלעך, אין גלייכע רייען, ווי זעלנער. אַרום — שטייט שטום אַ סאָסנע־וועלדל. עס לאָקן דיך די פאַרשידענע קולות פון פייגל און חיות. ווילדע צערייצטע ליבע־באָגערן, גיסן זיך צונויף מיט אַ זילבער־צאַפּלדיקער מיידלשער געשריי — די שטילקייט ווערט איבער־געריסן...

דער וואָגן קאָלערט זיך לאַנגזאַם. די קאָרן־סנאָפּעס, אויפגעהויבן מיט די לאַנגע ווידלעס פאַלן אויפן דראַביניאַסטן וואָגן. זיי ווערן געלייגט אין דער קווער, אַריינגעפלאָכטן, זיי זאָלן זיך פעסט האַלטן. ווען די באַ־

שטימטע הויך ווערט דערגרייכט, דראַפּעט מען זיך אַליין אַרויף. עס קלינגט אָפּ אַ הילכיקער „וויאָ״! — דאָס פערד גראָבט זיך איין מיט די פֿאָדערשטע פיס אין דער ערד און דער וואָגן רירט פון אָרט. ער בייגט זיך איןביידע זייטן, עס דאַכט זיך, אַז דו פליסט פון הויכן וואָגן, צוזאַמען מיט די בינטלעך קאָרן. אַרויף אויפן שאָסיי הייבט אָן דאָס פערדל זיך שאָקלען אין אַ שנעלערן טראָט. די הויכקייט פון וואָגן גרייכט צו די ביימער, פון ביידע זייטן וועג. פון צייט צו צייט גיט אַ צווייגל אַ גלעט איבערן פּנים. מיט די געשלאָסענע אויגן דאַכט זיך מיר אַז אַ מיידלשע האַנט, האָט מיך באַרירט. די זון וואָס איז פֿאַרשטעלט פון די ביימער רייסט זיך דורך צווישן די צווייגן, און בליקט אַרויס ווי דורך קראַטןפענצטער, דער געשמאַק פון די טונקעלע שטרוי־זאַנגען, דאָס לייכטע טרייסלען פון וואָגן, וויגן דיך איין ווי אין אַ וויגעלע. די אויגן שליסן זיך צו, און אַ זיסקייט נעמט דיך אַרום.

אין דערפּל שאָקלט זיך דער וואָגן אויף דעם שלעכט־ברוקירטן וועג. ער דרייט זיך אַריין לינקס, אין שמאָלן דורכגאַנג־הויפל און פֿאַרהאַלטן זיך אין שייער. די קאָרן סנאָפּעס ווערן שנעל אַריינגעלייגט אין שייער, פֿאַרזיכערט פאַר שטורעמס און רעגנס. פֿאַרשוויצט, דורשטיק פון הייסן טאָג פון דער אַרבעט, דערלאַנגט די מאַמע געקאָכט, אָפּגעקילט וואַסער מיט ציטרין.

דער טאַטע זיצט ביים אָפענעם פענצטער און לערנט. ס׳איז נאָכן שלאָף, וואָס ער כאַפּט אַריין נאָכמיטאָג. ער שאָקלט זיך צו, האַרציקע טענער פון: „אמר רבי אלעזר״... שוועבן אַרויס אויפן שטילן הויף. געשטילט דעם דורשט, זיך אָפּגעפרישט, געטראַכט אַ שפּאַציר צו מאַכן ביים טייכל, פֿאַרמאַכט דער טאַטע דאָס ספר און זאָגט:

— כ׳וויל מיט דיר רעדן. מיר האָבן באַשלאָסן, די מאַמע און איך, זאָלסט נעמען שטונדן, לעקציעס ביי דיין געוועזענעם לערער מילעווסקי. ער וועט דיך צוגרייטן צום 4־טן קלאַס גימנאַזיע, און דאַן וועסטו פֿאָרן קיין פּלאָצק, און דאָרט אָנהייבן שטודירן. אַז וועסט, בעזרת השם, ענדיקן די גימנאַזיע, וועסטו פֿאָרן לערנען אין וואַרשעווער אוניווערזיטעט, און ווען וועסט וועלן — ווייל דאָס איז די הויפּט־זאַך — וועסטו ענדיקן אויף דאָקטער...

די ערנסטע רייד פון מיין פאָטער האָבן מיך צעטומלט, און גלייכ־

צייטיק — אימפּאָנירט. מיין פאַנטאַזיע האָט זיך צעשפּילט. איך זע זיך שוין אויפן וואַרשעווער אוניווערזיטעט, טראָג אַן אוניפאָרם מיט גאָלדע־נע קנעפּ. פון צייט צו צייט קום איך אַראָפּ קיין גלינאָוויעצק, אַלע באַוווּנ־דערן מיך, גריסן מיך העפלעך, און גאַנץ באַזונדער — די וואַרעמע בליקן פון די מיידלעך. זיי רעדן צווישן זיך: „ער וועט באַלד זיין אַ פאָלנער דאָקטער"...

דאָס יאָר האָט, לויט פאַרשידענע פויערישע סימנים, געדאַרפט זיין אַ שווערער, קאַלטער ווינטער. די באָטשאַנעס זענען אָוועקגעפלויגן פאַר דער צייט. גאַנצע מחנות פייגל האָבן געצויגן אין לאַנגע שורות אונ־טערן הימל. די פרימאָרגנס און די אָוונטן זענען געוואָרן קילער. די זון האָבן פאַרדעקט נעפּלען און וואָלקנס. די נעפּלען האָבן איינגעהילט די האָריזאָנטן, זיך געלייגט אויף די הייזקעס.

אָנהייב נאָוועמבער איז אַראָפּגעפאַלן אַ שניי, באַדעקט די ערד מיט אַ ווייסן טעפּיך. צוויי טעג און צוויי נעכט האָט אַזוי געשנייט. די כאַטעס זענען געשטאַנען אָנגעטון אין ווייסע פּערענעס. אויף די נאַקעטעביימער־צווייגן זענען געהאַנגען ווייסע, שנייאיקע שאַליקעס, מען האָט מיט לאָפּאַטעס דורכגעשניטן אַ וועג. דאָס טייכל איז געוואָרן פאַרקאָוועט אין אייז. אַלץ האָט אויסגעזען ווי אָפּגעשטאָרבן. מ'האָט זעלטן געזען אַ מענטש אין גאַס. פון די פאַרשנייטע קוימענס האָט זיך געשלענגלט אַ רויך צום פראָסטיקן הימל.

**
*

כ'האָב גענומען לעקציעס ביים לערער מילעווסקי. די מאַטעמאַטישע און אַלגעברישע אויפגאַבן, זענען געווען שווערלעך, כאָטש איך האָב גע־אַרבעט אומדערמידלעך. ס'האָט מיך שטאַרק געצויגן צום ווינטערדיקן דרויסן, די פוכיקע טרוקענע שנייען, און צום געפרוירענעם טייכל זיך גליטשן. די קורצע ווינטער־טעג זענען שפּעט געקומען און פרי פאַר־גאַנגען. אין די אָוונטן האָט מען קיין לעבעדיקן נפש אין גאַס נישט גע־זען. די נעכט זענען געלעגן קאַלטע. דער הימל טונקל־בלוי, אַ רונדיקע לבנה, אַרום באַזיט מיט קליינע ברילאַנטן האָט געשוועבט, און באַלויכטן דעם שניי מיט אַ זילבער־גלאַנץ. דאָס שטעטל איז געשלאָפן, נאָפּט־לעמפּ־

לעך האָבן זיך געשאָטנט דורך די פאַרקאָוועטע פענצטער. אַן איינזאַמער הונט האָט געוואָיעט אין דער קאַלטער נאַכט.

שטיל איז געווען ביי אונז אין הויז. טאַטע־מאַמע, די ברידער זע־נען געשלאָפן. אין קיך האָבן די ברענענדיקע קוילן געגומען זיך לעשן. אַ זיסע וואַרעמקייט איז געווען צעלייגט אין די גלידער. פּלוצלונג הערט מען אַ הילכיק קלאַפּן אין דער טיר, מיט אַ געשריי:

— דערבאַרעמט איך, מאַכט אויף!

עס וואַרפט זיך אַריין אַ ייד, אָנגעפּעלצט פון קאָפּ ביז פיס, באָרד און וואָנסעס באַהאָנגען מיט אייז־טראָפּנס. ער שרייט:

— ראַטעוועט! — אויפן וואָגן ליגט אַ געפרוירענע פרוי.

מען האָט זי אַריינגענומען אין שטוב, אָנגעהויבן רייבן מיט שניי. דער טאַטע האָט באַפוילן צו לויפן נאָך שטראָמף דעם פעלדשער. די פרוי האָט צוריק באַקומען רויטע פלעקן אויפן פנים, זי האָט געעפנט די אויגן, געבליקט אַרום זיך. דער פעלדשער האָט איר געמאַכט אַן איינ־שפּריצונג, געהייסן איר געבן שטאַרקע קאַווע, געווען אומצופרידן, וואָס מ'האָט אים אין אַזאַ וויסטער קעלט אַרויסגענומען פון בעט. ער האָט געהוסט אַסטמאַטיש, געבלאָזן מיט דער דיקער פליישיקער נאָז און איז אַוועק. דער בעל־עגלה, וואָס האָט געברענגט די פרוי אין שטוב אַריין, האָט זיך כמעט צעוויינט:

— ר' שמעון דאָס אייביקע לעבן פאַר איך און אייער הויזגעזינד. איר האָט אָפּגעראַטעוועט אַ נפש...

דער וואַנט־זייגער האָט געקלונגען איינס ביינאַכט, ווען דער נאַפּט־לאָמפּ איז פאַרלאָשן געוואָרן. די נאַכט איז דער שלאָף צו מיר נישט גע־קומען. איך האָב זיך געוואָרפן אונטער דער פּערענע. דאָס אָפּראַטעווען די פרוי האָט מיך אָנגעפילט מיט פרייד. דאָס האַרץ איז פאַרגאָסן גע־וואָרן מיט זיסער וואַרעמקייט. ווען דער שלאָף האָט מיך איינגעהילט, האָבן חלומות פון שניי, פון א יונגער געפרוירענער פרוי מיט אַ זילבער־נער שטימע מיר געקלונגען אין די אויערן...

די פרעסט האָבן אָביסל נאָכגעלאָזט. די טעג האָבן זיך געשטעלט זוניקע. נאָך מיטאָג בין איך געגאַנגען אויף דער לעקציע צום לערער מילעווסקי. פון דער ווייטנס האָב איך געזען די הילצערנע בריק איבערן

געפרוירענעם טייכל. די זון און די ליכטיקע שנייען האָבן געשטאָכן אין די אויגן. די קאַלטע לופט האָט געהילכט מיט געשרייען פון מיידלעך. די זילבערנע געלעכטערס האָבן אָפּגעקלונגען אין פראָסטיקן טאָג. אַ יינגל איז געפלויגן אויף גליטשערס נאָך אַ מיידל. זי האָט זיך קונציק אויסגעדרייט, ער האָט זי אָנגעכאַפּט ביים סוועטער, ביידע האָבן זיך געגעבן אַ דריי און אַ פאַל. עס קלינגט אַ דערשטיקט לאַכן. די יונגע הערצער צאַפּלען פאַר פרייד. פלאַפּלענדיקע ווערטער, פאַרפלאַמטע באַקן. איך דערזע פון דער ווייטנס אַ מיידל אין מיין עלטער, מיט צוויי געפלאָכטענע צעפּ, אַ וואָלן היטעלע פון פאַרביקע קאָלירן, טונקל־ברוינע מאַנדל־אויגן, אַ געשניצט נעזל, דיקלעכע ליפּן, נאָר צום קושן. אַ געפּאַסטער סוועטער, די שיינע פאָרמען צייכענען זיך, ווי צייטיקע פרוכטן. זי באַוועגט זיך אויפן אייז, נישט זייער זיכער, און זעט אויס ווי אַ יונג צעשראָקן הירשעלע. איך דערנענטער זיך צו איר און פרעג זי:

— קען איך דיר העלפן?

— אַ דאַנק! — ענטפערט זי קאָקעטיש, גיט אַ דריי מיטן קעפּל און שמייכלט.

זי קוקט אויף מיר מיט אירע וואַרעמע אויגן. זי זאָגט שטיל:

— איך וויל דיר נישט שטערן. דיין באַקאַנטע וואַרט אויף דיר...

— איך האָב נישט קיין באַקאַנטע! — זאָג איך.

מיינע באַקן צעפלאַמען זיך. זי בריט מיך מיט איר הייסן בליק. כ׳נעם אירע קליינע הענטלעך און פליסטער ווי פאַרשיכורט:

— קום!

מיר גליטשן זיך בייזאַמען. דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרקער. אַ זיסע וואַרעמקייט פילט אָן מיינע גלידער. מיר שוועבן אויפן אייז, ריטמיש, אונזערע קערפּערס בייגן זיך. די אויגן באַגעגענען זיך צעשמייכלטע. אַ שווינדל אין קאָפּ. ביידע פאַלן מיר, פאַרפלאָנטערט מיט די פיס און הענט. מיר פילן אונזערע הייסע בלוטן זידן און קאָכן.

איידער מ׳האָט זיך אַרומגעזען, איז די זון שוין געשטאַנען נידעריק. דער מערב אַרומגעזוימען אין פלאַמען. אַ דערשראָקענער, האָב איך זיך געכאַפּט און געלאָפן אויף דער לעקציע צום לערער. זיין מוטער עפנט די טיר

— האָסט זיך פאַרשפּעטיקט. מיין זון האָט געוואַרט אויף דיר. ער איז אַוועק...

ביים אָונט־ברויט האָט די מאַמע געקוקט אויף מיר פאַרשנדיק?

— וואָס איז, מיין קינד, ביסט קראַנק?

— ניין, מאַמע... — האָב איך אויסגעמיטן איר בליק.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן קאָשמאַרן מיך געפּייניקט. מיידלשע קעפּלעך מיט לאַנגע, געפּרווירענע צעפּ האָבן זיך געבויגן איבער מיר און הילכיק, שפּאָטיש געלאַכט.

מיין לערער האָט מיך צומאָרגנס אויפגענומען אוצופרידן. איך האָב זיך אַנטשולדיקט, צוגעגרייט אַ פאַרטיקן תירוץ — דער פאָטער האָט מיך באַדאַרפט צו האָבן. מיינע באַקן האָבן געפלאַמט. אין האַרצן האָב איך באַשלאָסן, אַז עס איז דאָס ערשטע און לעצטע מאָל, און פלייסיק גענומען זיך צו די לעקציעס.

ווייזט אויס, אַז מיין גורל איז געווען געחתמעט פון פאַרויס. עס איז געווען אין אַ נאָכמיטאָג, אויפן וועג צו מיינע לעקציעס. ווען איך בין פאַרביי דאָס אָרט, וואָס פירט צו דער בריק, האָב איך אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. פּלוצים האָט מיך, ווי מיט אַ מאַגנעט, אַנגעהויבן ציען. כ'בין גע־לאָפן. כ'האָב געהערט די יוגנטלעכע געשרייען פונם געפּרווירענעם טייכל. איך האָב זי געזוכט צווישן די יינגלעך און מיידלעך אויפן גליטש. איך האָב זי באַמערקט, ווי זי שטייט אַן איינזאַמע. ווען זי האָט מיך דערזען, האָבן אירע ברוינע אויגן אויפגעלויכטן. מיט אַ געמאַכטן ברוגז מיר צוגעוואָרפן:

— שלעכטער יינגל! יעדן טאָג וואַרט איך אויף דיר. פאַרוואָס ביסטו נישט געקומען? כ'האָב געמיינט — האָסט מיך שוין פאַרגעסן...
— האָט זי שטיל צוגעגעבן און געקוקט אין אַ זייט.

מיין האַרץ האָט זיך פאַרקלעמט. אין דעם מאָמענט האָב איך זיך געוווּנטשן אַז אַ פינצטערניש זאָל אַלץ איינהילן און זי איינקלאַמערן אין מיינע אָרעמס. כ'האָב זי אַנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט, צוגעצויגן צו זיך, גע־פליסטערט הייס:

— יעדן טאָג וועל איך קומען...

און געלאָזן זיך אין אַ ווילדן געלויף איבערן אייז.

די מאַטעמאַטישע אויפגאַבעס זענען פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן. גע־קומען אויף די לעקציעס, איז אָבער מיין געדאַנק נישט געווען דערביי. דער לערער האָט באַשלאָסן דורכצורעדן זיך מיט מיין פאָטער. ער האָט דעם טאַטן קלאָר געזאָגט:

— אַ שאָד דאָס געלט, וואָס איר צאָלט מיר. אייער זון טראַכט פון אַלץ, נאָר נישט פון לערנען. ער האָט גוט אָנגעהויבן. זיין געדאַנק איז, זעט אויס, פאַרנומען מיט אַנדערע זאַכן...

אין אָוונט האָט מיין פאטער מיך אַריינגעפירט אין פאָדער־צימער. נאָך אַ פאַרציע מוסר, האָט ער מיר געזאָגט:

— מיין ווילן און אַמביציע איז געווען, מיין עלטסטער זון זאָל ווערן אַ רב, אָדער אַ דאָקטער. נאָר אַזוי ווי דו ווילסט נישט... — און ער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט — אוי, וועסטו אַמאָל באַדויערן, נאָר ס'וועט שוין זיין צו שפעט. אין אַ פאָר טעג אַרום קומט דער פעטער מרדכי פון פלאָצק. ער וועט דיך מיטנעמען, וועסט ווערן אַ שניידער...

מיין האַרץ איז פאַרקלעמט געוואָרן פון דעם אורטייל. כ'האָב זיך פארקליבן אין אַ ווינקל און אַ טראַכט געגעבן וועגן מיין גורל. פאַרלוירן די האָפענונג צו ווערן אַ דאָקטער. אָבער דער גרעסטער ווייטיק, וואָס האָט מיך געדריקט, איז געווען — דאָס מיידל מיט די פאַרפלאָמטע באַקן פון אייז־גליטש, אויפן געפרוירענעם טייכל... איך וועל מער נישט הערן איר זילבער־קלינגענדיקע שטימע, מער נישט זען אירע וואַרעמע, ליכטיקע אויגן.

כ'האָב געפילט, ווי עס שטיקט מיך אין האַלדז. איך האָב זיך אַרויפ־געוואָרפן אויפן בעטל און לאַנג אַזוי געבליבן ליגן, אַ פאַרטראַגענער אין שווערע מחשבות.

## מײַן חבר יוסף אײזנשטאַט

אויפֿן וועלט־קאַלענדאַר איז געווען באַצייכנט דאָס יאָר: 1928. דער פֿרילינג אין גלינאָוויעצק האָט זיך אויפֿגעוועקט אין זײַן גאַנצער פּראַכט, אַלץ איז געווען באַקלייד אין גרינס און אין בלומען. פֿייגל זענען פֿריידיק געשפּרונגען פֿון צווײַג צו צווײַג, אין זייערע ליבע־טשוויטשערייען. אַן ע ר און אַ ז י פֿליִען, און אין זייערע שנעבעלעך — גראָזן, שטרויען, פֿאַרטריקנטע פּאַראַיאָריקע בלעטער. זיי בויען זייערע פֿייגל־נעסטן. דער ע ר חנדלט זיך. די קליינע גרויע פֿעדערן בלאָזן זיך אָן. ער זאָגט איר צו גילדערנע גליקן... און ווען די מילדע נאַכט פֿאַלט צו, פּראַוועט מען די חתונה אונטער די דעכער... מענטשן און פֿייגל לעבן אין זעלבן הויז. אין אַ קורצער צײַט אַרום לייגט די ז י די קליינע אייערלעך און זי בריט זיי אויס. ווען די שוועלבעלעך פּיקן זיך אויס, קאָרמען זיי די עלטערן מיט זייערע שנעבעלעך; ביז זיי ווערן גרעסער, און פֿאַרלאָזן די נעסטן, רײַסן זיך אַליין, מיט די אייגענע כּוחות, צו די ליכטיקע הימלען.

די בעז־ביימער שטייען צעבליט, און פֿאַרשפּרייטן כּישוף־ריחות. איבערן געהויקערטן ברוק קאָלערט זיך אַ פּויערישער וואָגן, מיט אַן אײַנגעשפּאַנט בידנע פֿערדל. דאָס וואַסערל שפּיגלט זיך רואיק, פֿלאַך און קלאָר. אַן אָפּגעשוואַכט פֿייגעלע וויגט זיך אויף אַ שטיקל האָלץ און בליקט מיט חידוש אויף גאָטס וועלטל. די שלווהדיקע פֿרימאָרגן־שטיל־קייט ווערט איבערגעריסן פֿון אַ בעל־עגלהשער בויד. די רעדער קאָ־לערן זיך מיט טומל איבער די שטיינער. די בויד קומט אָן פֿון דער טשעכאַנאָווער גאַס. דער אָנטרייבער פֿאַרהאַלט זיך, מיט אַ צי פֿון לייצן און אַ בלאָז מיט די ליפּן: ט־פּ־ר־ר־ו!... ער קריכט אַראָפּ פֿון וואָגן, קרעכצלט יידישלעך, גלייכט אויס די אײַנגעזעסענע גלידער, פֿון הוידען זיך אַ גאַנצע נאַכט. ס'איז אונזער גוט באַקאַנטער ר' זישע, וואָס פֿירט פּאַסאַזשירן פֿון מאַקאָווע, ציעכאַנאָוו אין די אַרומיקע קליינע שטעט־

לעך. אַ ייד אין די פּופּציקער. זיין פּנים איז איינגערעמט אין אַ גרוילעך צעקנייטשט בערדל, אַ דיקלעכע נאָז, שוואַרצע פריילעכע אויגן, וואָס באַוועגן זיך פלינק. אַ ברייטע פּלייצע מיט אַ קורצן קאַרק. געווען אַ ייד אַ גיבור. אַז מ'האָט אונטערוועגנס געמוזט טוישן אַ ראָד, האָט ער אַליין, מיט זיין אַקסל, אונטערגעהויבן די שווערע בויד; האָט זיך געקענט פאַרמעסטן אין אַ געשלעג, ווען ס'איז אויסגעקומען צו פאַרטיידיקן דעם יידישן כבוד. ער קוקט אַריין אין דער בויד צו די דרעמלענדיקע יידן און וואַרפט אַריין:

— אַ גוטן אויפשטאַנד אויף ענק!... — און ער צעלאַכט זיך — יאַך גיי שוין אויפזוכן דאָס גרויע קעצעלע, אייך אויסצולעקן די איי־געלעך, כאַ, כאַ...

די יידן אין דער בויד רייסן זיך אויף, אָטעמען טיף אין די דאָר־פישע ריחות, און איינער שטאַמלט אַרויס:

— וואָס, עטץ זענט שוין פאַרפאָרן קיין גלינאָוויעצק?

— ניין — צעלאַכט זיך ר' זישע — מ'איז נאָך אין בויבעריק... נישט איך, נאָר מיינע סוסים... נו, שאַרץ ענק אַראָפּ פון קאַרזילעק און גייטץ אַריין צו ר' שמעון גלינאָוויעצקער, וועט עטץ ענק דערכאַפּן ס'האַרץ מיט אַ ביסל משקה און צוואָרעך מיט שטשיפּיער...

די פּאָר יידן קומען אַריין, באַגריסן זיך מיט אַ גוט־מאָרגן און פרעגן, צי מ'קען עפּעס איבערכאַפּן. די מאַמע שרייט אַריין דורכן אָפענעם פענצטער אין הייפל, צום שפּייכלער, ווו עס אַרבעט די שניידער־מאַשין:

— גיי, קינד מיינס, צו יעקב בעקער נאָך פריש ברויט.

און נעמט זיך אַליין פליסיק פּאָרען ביי דער קיך. איינער פון די יידן, אַ יונגערמאַן מיט טונקל־בלאָנדע האָר, אַן איידעלער, זעצט זיך צו אויף דער באַנק. דער עולם הייטערט זיך אויף מיט אַ גלעזל משקה. דער בעל־עגלה שרייט אויס:

— איר הערט, ר' שימעשי, האָב יאַך סוסים, איז נאָר אַ געזונט אין זייערע לאַפּעס מיט די פּאָדקאָוועס... יאַך קען ציען ביזקל אַמעריקע...

דער יונגערמאַן האָט נישט דרייסט פון צייט צו צייט אונטערגעהוסט, ווען די יידן האָבן זיך דאָ גלייך גענומען פּלפּולן אין דער פּאָליטיק. ער האָט געזאָגט:

— יידן, ס׳ווערט וואָס אַמאָל ערגער...

— טאָ וואָס זאָל מען טון? — פרעגט מען אים.

— דער יונגערמאַן האָט לייכט אָפּגעהוסט און געענטפערט:

— יידן, און איבערהויפּט יונגע מענטשן דאַרפן פאַרלאָזן פוילן, פאָרן בויען אונזער לאַנד אין ארץ ישראל... דאָס איז דער איינציקער אויסוועג — מ׳דאַרף עס נישט פאַרגעסן.

דער עולם איז שטיל געבליבן און זיך פאַרטראַכט — ביי זיין זייט — איז געזעסן אַ ייד מיט אַ קורץ שוואַרץ בערדל, אַ פּלעמל אין די קליינע אויגן, ער איז געשמאַק געווען פאַרטון אין צובייסן, ווען ער האָט דער־הערט וועגן דעם, אַז מען דאַרף פאָרן בויען ארץ ישראל, רייסט ער זיך אויף און שרייט:

— נישט די פושעים וועלן ברענגען משיחן און די יידן קיין ארץ ישראל...

— מיר וואַרטן אויף אַ הימלישן צייכן...

ס׳האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל. מיין טאַטע האָט זיך דערנענטערט צום טיש און זיך אָנגערופן צום חסידישן יונגנמאַן:

— אַז דו ווילסט נישט פושעים זאָלן בויען אונזער לנא״ד, בין איך מסכים. נאָר פאַרוואָס פאָרסטו נישט? און אַזעלכע ירא־שמים, ווי דו... האָסט אַמאָל געלערנט? טאָ זאָג מיר, ווו שטייט אין אונזער תורה, אַז יידן דאַרפן נישט בויען זייער לאַנד? נאָר וואַרטן ביז מלאכים וועלן קומען פון הימל... און „אווירה ד׳ישראל מחכים״, איז נישט פאַר דיר?...

— ר׳ שמעון — האָט זיך אָנגערופן דער יונגערמאַן — איך האָב געטראַכט, אַז איר, אַ חסידישער ייד...

— יאָ — האָט דער טאַטע אים נישט געלאָזט קומען צום וואָרט — אונזער תורה, אונזער אמונה איז דאָך געבונדן מיט אונזער הייליק לאַנד! און אַז עס געפינען זיך יידן, וואָס זענען מקריב זייער לייכט לעבן און שפּאַנען זיך אין אויפצולעבן די פאַרוואַרלאָזטע ערד, זייט קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר, איז געבענטשט זאָלן זיין זייערע הענט...

מיין פאָטער האָט געפרעגט דעם בלאָנדן יונגנמאַן פון וואַנען ער שטאַמט און ווו ער פאָרט? ער שטאַמט פון זאראמין, און פאָרט אין אַ קליין שטעטל, אויף אַ פּאָסטן פון אַ מאָדערנעם מלמד.

— וואָס הייסט אַ מאָדערנער מלמד? — האָט דער טאַטע געפרעגט.

— דאָס הייסט, לערנען תנ״ך, חומש־רש״י און אויך יידיש־עברית...

דער טאַטע האָט זיך פאַרטראַכט און אָנגערופן זיך:

— געפעלסט מיר, יונגערמאַן. לויט מיין מיינונג, נאָך וואָס זאָלסטו פאָרן ווייטער? איך לייג דיר פאָר צו בלייבן אין גלינאָוויעצק. מיר נוי־טיקן זיך פאַר אונזערע קינדער אין אַ מאָדערנעם מלמד.

און דער טאַטע האָט אַריינגעשמייכלט אין זיין געלער, צוויי־שפּיציקער באָרד.

— כ׳וועל זיך מישב זיין און אייך געבן אַ תשובה.

אַזוי איז יוסף אייזנשטאַט פאַרבליבן אין גלינאָוויעצק און מיר זענען געוואָרן די בעסטע חברים.

***

יוסף אייזנשטאַט איז געווען אַן אידעלער בחור, אַן אינטעליגענט. געווען באַקאַנט, מיט דער מערב און מזרח אייראָפּעאישער ליטעראַטור. אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער געלערנט אין אַ ישיבה, און געגרייט זיך צו באַקומען סמיכות אויף רבנות. צוליב אַ טראַגישן ראָמאַן — מיט דער טאָכטער פונם באַלעבאָס — ווו ער האָט געגעסן „טעג״, האָט ער איבער־געריסן דאָס לערנען און גענומען דעם וואַנדער־שטעקן.

איך, האָב זיך נענטער באַקאַנט מיט אים. איינמאָל אין שטילן אָוונט, ווען מיר האָבן שפּאַצירט האָט ער מיט זיין הייזעריקע שטימע שטיל אָנגעהויבן, און דערציילט זיין לעבנס־געשיכטע:

ער איז געווען אַ בן־זקנים אין אַן אָרעמער משפּחה, פון זיבן קינ־דער, פיר מיידלעך און דריי יינגלעך. דער פאָטער האָט שווער מפרנס געווען זיינע בני־בית, ער איז געשטאַנען מיט אַ ביסל שניט־סחורה אין די מאַרק־טעג. אויף דער שטעל זענען געלעגן פונאַנדערגעלייגט ציצן, קאָרטן, ביליקע געבלימלטע שטאָפן פאַר די פּויערטעס פון די אַרומיקע דערפער. ער האָט זיך נישט געקענט דערשלאָגן צו אַן אייגן קלייטל; אין די איבעריקע טעג, האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט אין די דערבייאיקע שטעטלעך. ער איז געווען אַ שוואַכער ייד, פאַרנדיק אין אַ ביטערן

ווינטער, אין די קאַלטע פראָסטיקע נעכט, האָט ער זיך פאַרקילט און אָנגעהויבן קרענקען.

— אין דער שטוב קליינע קינדער, זיי האָבן פאַרלאַנגט עסן — די מאַמע איז געווען פאַרצווייפלט; זי האָט פאַרזעצט ס׳ביסל צירונג, אָנגע־באָרגט זיך — איז אפילו געגאַנגען רוימען אין באַלעבאַטישע שטובן, אַבי צו ראַטעווען דעם מאַן. מען האָט אויך געדאַרפט דערנערן ניין נפשות — ס׳איז נישט געווען צו באַצאָלן דעם דאָקטער — נישט פאַר די רפואות. דער טאַטע האָט באַקומען טובערקולאָז, מיט יעדן טאָג געוואָרן דאַרער און קלענער.

אין אַ טריבן אומעטיקן האַרבסט־אָוונט, ווען די מאַמע האָט אים צוגעטראָגן אַ גלאָז וואַרעמע מילך איז ער געלעגן מיט אָפענע טויטע אויגן.

— כ׳דערמאָן זיך נישט — האָט ער דערציילט — אין קיין איין ליכטיקן שטראַל פון מיינע קינדער־יאָרן. די מאַמע האָט זיך מקריב געווען פאַר די קינדער. ביזן היינטיקן טאָג איז מיר שווער צו פאַרשטיין, פון וואַנען ס׳האָט זיך דערנומען צו דער קליינער, אויסגעדאַרטער פרוי אַזאַ כוח און מוט. איך האָב פון קינדוויי אָן דערפילט די גרויסע סאָציאַלע אומרעכט. כ׳האָב געהאַט אַ שטאַרקן דראַנג צו לערנען, צו וויסן און אויך — צו קעמפן פאַר די, וואָס נויטיקן זיך אין הילף. די מאַמע האָט מיך אָבער אַוועקגעשיקט אין אַ ישיבה. זי האָט געהאָפט צו האָבן פון מיר פיל נחת. אין די מערסטע ישיבות אין פוילן איז געווען איינגעפירט, אַז די אָרעמע בחורים האָבן געגעסן „טעג", דאָס הייסט, איין טאָג אין וואָך ביי אַ משפחה. פון די אַלע „טעג" איז דער מיטוואָך געווען פאַר מיר דער בעסטער און שענסטער. איך האָב זיך נישט געקענט דערוואַרטן אויף דעם טאָג. דאָס איז געווען אין דער שטוב פון ר׳ אברהמל גערער. דאָ האָב איך באַקענט חנהלען, דעם שענסטן חלום אין מיין לעבן...

זי איז געווען אַ בת יחידה. די עלטערן האָבן געהאַט אַ גרויס קאָ־לאָניאַל־געשעפט. די הויפט־סוחרטע איז געווען איר מוטער, אַ שטילע, איידעלע פרוי, אַן אשת־חיל. איר פאָטער — אַ פייערדיקער גערער חסיד, אַ ייד אַ תקיף, ווי אַלע גבירים; געבליבן וואָכן לאַנג אין גער, ביים רבין. ווען ער איז געווען אין דער היים, איז ער געזעסן אין שטיבל ביז שפעט אין אָוונט. אין די מסחר־ענינים האָט ער זיך פאַרלאָזט אויפן ווייב.

ווען דער ישיבה־בחור יוסף אייזנשטאַט איז דעם ערשטן טאָג גע־

קומען צום מאָלצייט, איז גראָד די טיר פון צווייטן צימער געווען אויפ־געלעגט, און ער האָט גלייך דערפילט אויף זיך ווי צוויי ברענענדיקע אויגן שפּיזן אים אַדורך. ער איז געזעסן אַליין ביים טיש, אָפּגעגעסן, האָט ער געזאָגט „אַ גוטן טאָג" און איז אַוועק אין דער ישיבה. דאָס אַנדערע מאָל, אין דעם מיטוואָך, איז דאָס מיידל אַדורכגעלאָפן דאָס צימער, אַרויסגעברומט אַ פאַרשעמטן „גוטן טאָג". זי האָט שוין דערנאָך אַלעמאָל געזוכט אַ געלעגנהייט אַריינצוקומען, ווען ער איז געזעסן ביים טיש. דאָ האָט זי אים געפרעגט, צי עס פעלט נישט קיין זאַלץ אויפן טיש — צי ס'פעלט נישט קיין ברויט — און יעדעס מאָל האָט זי געפונען אַן אויסרייד צו פאַרהאַלטן זיך אַביסל לענגער... זי האָט אים אויסגעפרעגט וועגן זיין היים. ווען ער האָט גערעדט, האָט זי געקוקט אויף אים מיט אירע טיפע, שיינע אויגן, וואָס האָבן געבריט און געכישופט...

זיי זענען מיט דער צייט געוואָרן דרייסטער. ער איז באַהערשט גע־וואָרן פון אַ וואַרעם געפיל און ס'האָט זיך אים אַ גאַנצע וואָך געבענקט נאָכן מיטוואָכדיקן טאָג; און אויפגעהערט טראַכטן אַז ער איז אַ ישיבה־בחור, אַז דאָס וואָס עס קומט פאָר אין ר' אברהמלס שטוב איז אַ גרויסע זינד...

חנהלע איז געווען אַ שיינע. ווען ער האָט אַרויסגעפּרעפלט די ווער־טער זענען זיינע בלויע אויגן געוואָרן טיפער, טרויעריקער. ער האָט הייזעריק אָפּגעהוסט און דערציילט: זי האָט געהאַט גרויסע שוואַרצע קאַרשן־אויגן, אַ געטאָקט נעזל, אַ געשניצט מויל מיט זאַפטיקע ליפּן, וואָס האָבן זיך ווי געבעטן: נאַ נעם — קוש מיך... — זויג אויס מיין בלוט... — אַ געדיכטער וואַלד שוואַרצע האָר, אַ שיין אַנטוויקלטע. ווען זי האָט דורכגעשוועבט דאָס חדר, האָט זיך מיר געדאַכט אַז מוזיק באַגלייט אירע געטאָקטע פיס.

דער ראש ישיבה האָט עפּעס באַמערקט אַן ענדערונג אין דעם בחור. דאָס לערנען איז נישט געווען מיט אַזאַ התמדה ווי פריער, דאָס פּנים איז געווען בלאַס. ווען ער איז געזעסן ביי דער גמרא האָט ער אין יעדן אות, אין יעדן וואָרט געזען איר נאָמען. אין די שלאָפלאָזע נעכט האָט ער זיך געוואָרפן אויפן געלעגער. שווערע קאָשמאַרן האָבן אים פאַרצערט.

ס'איז געווען אַ הייסער זומער־טאָג. ווי יעדן מיטוואָך האָט ער זיך געאיילט צום מיטאָג־עסן, בעסער געזאָגט — צו חנהלען... זיי זענען

שוין געווען איצט אַלטע באַקאַנטע. די שטילע ליבע האָט ווי אַ בלום אָנגעהויבן אַרויסשפּאָרן פון די קנאָספּן... ווייזט אויס, אַז די עלטערן אירע איז גאָרנישט געקומען אויפן זינען, אַז עס קען עפּעס בינדן זייער טאָכטער מיטן שטילן שעמעוודיקן ישיבה־בחור.

ווי שטענדיק, זענען זיי געווען אַליין. די מוטער — אין קאָלאָניאַל־געוועלב ביים אָוועקשיקן די סחורה — זי די מוטער האָט גאָרנישט געטרויט אירע משרתים, זי האָט ליב געהאַט אַלץ צו קאָנטראָלירן. דער פאָטער — אין שטיבל מיט זיינע חסידים.

חנהלע, האָט געטראָגן אַ לייכט געבלימלט זומערדיק קליידל, אַ חנוודיקע, אַ צעפלאַמטע — איז זי געשטאַנען ביים טיש, פאַרשפּרייט ס'טישטוכל צום מאָלצייט, ווי אַ קליינע באַלעבאָסטע. איך האָב שטיל געזאָגט „אַ גוטן טאָג". זי האָט זיך ווי דערשראָקן, זיך אַ לייכטן וואָקל געטון ווי צום אומפאַלן. איך האָב זי לייכט אָנגענומען ביי דער טאַליע, איז זי מיט איר יונגן, הייסן צאַפּלדיקן קערפּער, מיר אין די אָרעמס געפאַלן — און... חנהלע !... יוסף !... האָט אָפּגעקלונגען אין ר' אברהמלס הויז — אַ פייער ווי פון אַ קראַטער האָט געפלייצט... איך האָב זי גע־קלאַמערט ווי מיט צוואַנגען — באַדעקט זי מיט הייסע קושן... און גע־מורמלט אין עקסטאַז :

— חנהלע !... מיין טייערע !... מיין באַשערטע... מיין זיסער שיינער חלום. זאָג מיר, און כ'וועל דיר אָוועקגעבן מיין לעבן...

— אַזוי האָט זי געפלאַמט און געציטערט אין מיינע אָרעמס — האָט ער ווייטער דערציילט — אירע הייסע טרערן האָבן מיך באַנעצט.

עס האָט אַזוי געדויערט מינוטן, און אפשר אייביקייטן — מיר האָבן נישט געהערט ווי איר מוטער איז פּלוצים אַריינגעקומען און אויס־געשריגן :

— חנהלע !... וויי איז מיר ! אַזאַ זינד !...

— מאַמע ! טייערע... האָט חנהלע אַ געשריי געגעבן און געפאַלן אין חלשות.

כ'בין געשטאַנען אַ פאַרשטיינטער, אַ פאַרלוירענער מיט אַראָפּ־געלאָזטע אויגן פון חרפּה און ווייטיק. און געפילט ווי מיין לעבן האָט זיך געענדיקט.

ווען חנהלע איז צו־זיך געקומען, האָט אים די מוטער אַריינגעפירט אין אַנדערן חדר און געזאָגט:

— דאָס, וואָס דאָ איז געשען, וועט בלייבן אַ סוד צווישן אונז. ווע־מענס שולד דאָס איז? — זיכער מיינע, און אויך מיין מאַנס, דער גערער חסיד — די לעצטע ווערטער האָט זי געזאָגט מיט איראָניע — יונגע דערוואַקסענע קינדער דאַרפן נישט זיין אַליין...

און נאָך האָט זי אים געזאָגט, די מוטער חנהלעס, ער דאַרף געפינען אַן אויסרייד, אין די נאָענטסטע טעג פאַרלאָזן דאָס שטעטל, געבן אַ היי־ליקע „שבועה" אַז זיין פוס זאָל דאָ מער נישט באַטרעטן, און חנהלען קיינמאָל נישט זען... איר טאָן איז געוואָרן העכער: דו הערסט! קיינמאָל!...

— חנהלע, דאַרפסט וויסן איז שוין אַ כלה פאַר אַ צווייטן בחור...

ס'איז געווען די געשיכטע פון צוויי חסידים, גוטע פריינד, וואָס זענען מיט יאָרן צוריק געפאָרן צום זעלבן רבין. זייערע קינדער זענען נאָך געווען אין די וויקעלעך, האָבן זיי אַרויסגעזאָגט דעם ווונטש — זיך משדך צו זיין, ווען זייערע קינדער וועלן אויפוואַקסן — זיי האַלטן דעם ווונטש פאַר הייליק — ביידע חסידים זענען עקשנים... איך האָב פריער באַמערקט אַז דו האָסט ליב מיין טאָכטער... — איז דער בעסטער אויס־וועג, זאָלסט פאַרשווינדן!... עס קען זיין די צייט וועט פאַרהיילן אייערע פאַרווונדעטע הערצער האט די מוטער חנהלעס פאַרענדיקט.

די ווערטער האָבן מיך ווי פייער געבריט, און געשמיסן. די וועלט האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. כ'האָב נאָך געהאָט דעם כוח איר בעטן זי זאָל מיר דערלויבן אַריינגיין צו חנהלען, זיך געזעגענען מיט איר. אירע אויגן זענען געוואָרן גרעסער — אַ פייכטער מאַמעדיקער בליק האָט מיך אַרומגענומען און געזאָגט שטיל — גיי אַריין, מאַך נישט פאַר־גרעסערן אירע ליידן...

ווען איך בין אַריין צו חנהלען, איז זי געלעגן מיט שטאַרע, אָפענע אויגן. כ'האָב גענומען אירע קליינע ווייסע האַנט געדריקט שטאַרק... זי האָט אַ צאַפּל געטון, מיך אָנגעקוקט און שטיל אַרויסגעמורמלט מיין נאָמען. כ'בין צוגעפאַלן מיט מיינע ליפּן צו איר האַנט באַדעקט מיט הייסע קושן — ביידע האָבן מיר זיך שטיל צעכליפּעט.

— אַזוי האָב איך פאַרלאָזט דאָס הויז, וואָס איז מיר אַזוי טייער געווען — אויף אייביק...

פיל יאָרן זענען פאַרלאָפן איך ווייס נישט צי טראַכט אַמאָל חנהלע פון מיר, צי האָט זיך איר וווּנד פאַרהיילט — מיינע! נישט... איך וועל וי אָבער קיינמאָל נישט פאַרגעסן... זי איז געווען מיין ערשטע און איינציקע ליבע... מיינע געפילן צו איר ביים היינטיקן טאָג זענען אַזוי ווי מיט יאָרן צוריק.

ווען מיין חבר יוסף אייזנשטאַט האָט פאַרענדיקט דערציילן זיין ריינע, טראַגישע ליבע, האָט אונז איינגעהילט אַ מאָדנע שטילקייט. אַ הונט האָט זיך ערגעץ צעקלאָגט אין דער נאַכט. דער עכאָ האָט זיך געקאָלערט און אויסגעגאַנגען.

די נאַכט איז געווען צעלייגט. דאָס שטעטל די פעלדער מיט די פרילינג־בלימעלעך זענען געווען איינגעהילט אין פינצטערניש. אַ טונקל־בלויער הימל איז געהאַנגען, פון דערבייאיקן וועלדל האָט מען געהערט קולות פון פאַרשידענע פייגל. אַ צאַפּל געשריי פון אַ זי — וואָס דער פויגל־זכר האָט זי באַצווונגען, דער נאַכטיקער ליבע געראַנגל, האָט אומ־היימלעך אויפגענומען די וואַרעמע פרילינגס נאַכט. שטיל איז געווען אַרום, עס האָט זיך דיר געדאַכט — די שטילקייט רעדט.

פונדערווייטנס האָבן אין די קליינע פויערישע הייזקעס די פייער־שאַטנס פון די פענצטער אָנגעהויבן זיך לעשן — אונזערע פיס־טריט האָבן שטיל געשאַרכט. ער האָט איבערגעריסן אונזער שווייגן:

— דאָס אַלץ בעט איך דיר, זאָל בלייבן צווישן אונז — ביסט דער ערשטער פאַר וועמען איך עפן מיין האַרץ...

מיר האָבן נאָך לאַנג שפּאַצירט אין דער שטילקייט פון דער פרי־לינגס נאַכט. ווען מיר זענען צוגעקומען צו אונזער הייזקע, האָבן שוין די הענער זיך צעקרייט.

די נאַכט בין איך שלעכט געשלאָפן. שווערע קאָשמאַרן האָבן גע־דריקט — ווען דער שלאָף איז געקומען, האָט דער הימל גענומען בלייכן, אַ נייער טאָג איז אויפגעגאַנגען.

**
*

אַ שטאַרקע פריינטשאַפט האָט אונז זינט דעמאָלט געבונדן. יוסף איז געוואָרן מיין לערער און געטרייער חבר. ער איז געווען מיט עטלעכע

יאָר עלטער פון מיר, האָט פאַרמאָגט אַ באַגאַזש פון וויסן און פּראַקטיש־קייט. די ליידן זיינע פון די יונגסטע יאָרן האָבן אים געלייטערט. ער האָט פאַרמאָגט אַ ריינע, ערלעכע נשמה. ער האָט נישט געהאַט ווער ס'זאָל אים העלפן און ער האָט מיט די אייגענע כוחות געשפּאַנט אין לעבן.

ער איז געווען פאַרבונדן מיט אַ ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. פאַר אים איז נישט געווען קיין שום ספק, אַז אונזער איינציקער וועג איז צו פאָרן אין אונזער אַלט־ניי־לאַנד און שטעלן זיך אין די רייען אויפ־צובויען און ווערן אַ פאָלק, ווי אַנדערע פעלקער. דאַן וועט דער גלות־הויקער, וואָס דריקט אונז, מיט דער צייט פאַרשווינדן. ער האָט אַזוי שיין גערעדט וועגן דעם אידעאַל, געבויט זיינע טעזן, טרעפלעך אַנאַליזירט און זיי אַרויסגעברענגט מיט טיפער איבערצייגונג. איינמאָל, בעת אונ־זערע נאַכט־שפּאַצירן, זאָגט ער מיר:

— איך האָב אַ געדאַנק. לאָמיר דאָ שאַפן אַ קרן־קימת־קאָמיסיע. עס זענען טאַקע פאַראַן פיל אָרעמע יידן, אָבער דאָך קען מען זאַמלען געלט פאַר אונזער אויפבוי אין ארץ ישראל.

און ער האָט אַנטוויקלט זיין פּלאַן: אַזוי ווי יעדן שבת, אָדער יום טוב קומען זיך צונויף גלינאָוויעצקער יידן צום דאַווענען, און ביי די עליות, מאַכט יעדער אַ מי שברך און איז מנדר צדקה, זאָל איך, דעם גבאי'ס זון, נאָכן דאַווענען אין קורצע ווערטער איבערגעבן וועגן די גרויסע צילן פון קרן קימת. און עס איז צו דעם צוועק געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיסיע, יוסף אייזנשטאַט פאַרזיצער און סעקרעטאַר, דער שרייבער פון די שורות — דער קאַסירער, חוה פאַגעלמאַן, דוד שוואַרץ — רע־וויזיאָנס־קאָמיסיע. צו יעדן ייד, וואָס האָט שבת, ביי עלית התורה מנדר געווען, זענען מיר צומאָרגנס, זונטיק, אין דער פרי געגאַנגען פון שטוב צו שטוב צונויפצוזאַמלען די גראָשנס. מיר האָבן אויך איינגעפירט, אַז יעדן ראש חודש האָבן זיך די משפחות באַשטייערט לויט זייערע מעגלעכקייטן. אַלץ איז געוואָרן פּינקטלעך צונויפגעזאַמלט, פאַרצייכנט און איבערגע־שיקט יעדן חודש אין דער קרן־קימת־צענטראַלע אין וואַרשע. די צענט־ראַלע איז אָנגעפירט געוואָרן פון דעם ענערגישן פּרעזידענט בלאָך (אומ־געקומען אויף דעפּאָרטאַציע).

אין שטיבל, וווּ מען האָט געדאַוונט, איז פון צייט צו צייט אָפּגעגעבן געוואָרן אַ באַריכט פון אונזער טעטיקייט. די מאַטעריאַלן האָבן זיך גע־

פונען אין מײן אַרכיװ, אין פּלאַצק, װו איך האָב אין די לעצטע יאָרן געװױנט, ביז דער אויסזידלונג אין פעברואַר 1941.

זאָל עס אויך דערמאָנט װערן פאַרן כבוד פון דער קלײנער גלי־נאָװיעצקער עדה פון צװאַנציק משפחות, די דאַנק־בריװ פון דירעקטאָר בלאָך פאַר די באַדײטנדע סומעס, װאָס זענען איבערגעשיקט געװאָרן יעדן חודש.

מיר האָבן זיך אויך באַמיט אַרײנצוציען און באַאײנפלוסן די גלי־נאָװיעצקער יוגנט מיטן ציוניסטישן געדאַנק. מיר האָבן צונויפגערופן פאַרזאַמלונגען, פאַרטײלט בראָשורן, אײנגעפלאַנצט אין זײ די אידעע, צו העלפן דעם אויפבוי פון אונזער לאַנד, ארץ ישראל.

אין יענער צײט האָט מען נאָך געדאַװנט בײ צלאל שוסטער אין שטוב, װו עס איז אויך געװען דער חדר פאַר די קינדער. װען צלאל האָט חתונה געמאַכט זײן יינגסטע טאָכטער ליבע מיט עליע־מאיר, דעם שנײדער שמואל יעקבס זון, דעם דאַרפס־גײער, האָט דאָס יונגע פּאָרפאָלק פאַרנומען דעם צימער, דאָס שטיבל, װו מען האָט געדאַװנט. עס איז פּשוט נישט געװען װו צו האַלטן די צװײ ספרי־תורה. אײנע איז געװען אַ ירושה פון אונזער אור־זײדן, חיים, און די צװײטע — פון צלאל שוסטערס זײדן.

אײנמאָל, אין אַ שבת פאַר מנחה, האָט זיך שלום סאָקאָלאָװסקי גע־װענדעט צום עולם, און געזאָגט, אַז עס איז געקומען די צײט, אַז די גלינאָװיעצקער קלײנע קהילה פון צװאַנציק משפחות זאָל בױען אַן אײגן בית־מדרשל, װי אויך אַ חדר פאַר די קינדער. שטעלט זיך די פראַגע? װו נעמען מיר געלט און אַ פּלאַץ צו בױען? אַ פּלאַץ צו בױען שענקט אונז אונזער גבאי ר׳שמעון מאַשקאָװיטש. אָבער געלט? איז אַזױ װי עס װערט געזאָמלט געלט יעדן חודש דורך דער גלינאָװיעצקער קרן־קימת־קאָמיסיע, האָבן מיר אַ פאָרשלאַג: דאָס געלט, װאָס װערט גע־שיקט קײן װאַרשע, זאָל אַצינד גײן צײטװײליק פאַר אונזער צװעק. יעדע משפּחה װעט זיך באַשטײערן מיט װיפל זי קען. שלום און מײן טאַטע װעלן אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך זאַמלען געלט. דאָס װיכטיקסטע — דער װאַלד־שרײבער ר׳ הערש־לײזער גורנא װעט אונז בײהילפיק זײן מיט אַ לאַנגן קרעדיט.

עס זענען דערנאָך פאָרגעקומען שטורמישע פאַרזאַמלונגען. מיר האָבן נישט געוואָלט מסכים זיין אָפּצושטעלן גענצלעך די טעטיקייט פון אונזער שליחות פאַר דער הייליקער אַרבעט פון קרן־קימת. אָבער סוף כל סוף זענען מיר געצוווּנגען געווען זיך אונטערצוגעבן. אַלע, יונג און אַלט, האָבן זיך איינגעשפּאַנט און געהאָלפן אין דער אַרבעט צו בויען אַן אייגע־נעם בית־מדרש.

מיט עטלעכע חדשים שפּעטער איז געפייערט געוואָרן דער חנוכת הבית פון בית־מדרש אין גלינאָוויעצק. שלום סאָקאָלאָווסקי האָט גע־האַלטן אַ גייסטרייכע דרשה, דורכגעפלאָכטן מיט מאמרי חז״ל. ער האָט ביי דער געלעגנהייט אויך אויפגעמישט די וויטע געשיכטע פון ישוב, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען סוף 18־טן יאָרהונדערט.

אַזוי האָבן מיר אין 1928 זוכה געווען צו האָבן אונזער אייגענעם מקום קדוש, מען זאָל זיך נישט דאַרפן וואַרפן מיט די הייליקע ספרים, און אונזערע קינדער זאָלן האָבן אַ חדר, ווו צו לערנען תורה. און שלום סאָקאָלאָווסקי האָט פאַרענדיקט זיין דרשה:

— עס איז אַ גרויסער כבוד פאַר דער קליינער עדה, דאָס, וואָס מיר האָבן דערגרייכט. מיר דאַנקען די, וואָס האָבן אונז בייהילפיק געווען. אַ ספּעציעלן דאַנק אונזער קרן־קימת־קאָמיסיע, וואָס האָט אונז אינס־פּירירט צו דעם געדאַנק.

מיט עלף יאָר שפּעטער איז — צו אונזער ווייטיק און צער — אויפ־געשטאַנען דער פינצטערער עמלק, אונטערגעצונדן די צווייטע וועלט־מלחמה, פאַרניכטערט זעקס מיליאָן טייערע יידן, און מיט זיי — אונזערע בתי־מדרשים, צוזאַמען מיט אונזער גלינאָוויעצקער עדה.

# אין סטאַראַכאָוויצער לאַגער

ס'איז שוין געווען דאָס פערטע יאָר מלחמה. מאָרד און ווילדע רציחה האָט געהערשט. אַ קולטור־פאָלק, כלומרשט איז אויפגעשטאַנען, אין סאַמע האַרץ פון אייראָפּע, און מיט דער הילף פון זיינע „פירער" און „וויסנשאַפט לער", געוואָלט פאַרוואַנדלען אונזער ציוויליזאַציע, גאַנץ אייראָפּע אין אַ ווילדן אַפריקאַנער דזשונגל. מיליאָנען מענטשן זענען אומגעקומען דורכן נידערטרעכטיקן היטלעריזם. די בעסטע זין זענען געפאַלן אין קאַמף מיטן ווילדן קאַנסער־געוויקס, אין קאַמף מיט דער „העכערער ראַסע", וואָס האָט געוואָלט באַהערשן די וועלט. און מיר די שקלאַפן, האָבן געוויטיקט און אומגעקומען, אונטער די ברוטאַלע שטיוואַלעס, פון היטלעריסטישע באַנדיטן.

איז דער צייט זענען מיר געווען אין אַ לאַגער, וואָס האָט זיך גע־רופן „יולאַג נומער צווא". געפונען האָט ער זיך אין סטאַראַכאָוויץ, אין יידיש וויעזשבניק, ראַדאָמער קרייז. דאָרט איז געווען אַ גרויסע פאַבריק, וואָס האָט פראָדוצירט פאַרשידענע קאַליברן האַרמאַטן־קוילן. דאָס איז גע־ווען א באַרגיקע געגנט נישט ווייט פון שטעטל, אַרומגערינגלט מיט סאָסנע־וועלדער, זייערע שפּיצן האָבן זיך געריסן צו די הימלען. די געגנט איז געווען רייך אין קאָרן און ווייץ פעלדער. אויף די לאָנקעס האָבן זיך גע־פּאַשעט שווער־אייטערדיקע קי, און רואיק געגעסן די טיפע זאַפטיקע גראָזן. אַ פאַרבלאָנדזשעטע בהמה, ציט אויס דעם קאָפּ מיט דעם דיקן האַלדז, זי צעמעקעט זיך אומעטיק, דער עכאָ פון די וועלדער האָט צוריק־געענטפערט די בהמהשע מעקערייען.

דאָס שטעטל סטאַראַכאָוויץ איז געלעגן אין טאָל, דער גרויסער מאַרק אַרומגערינגלט מיט קליינע געסלעך. דאָס רואיקע שטעטל האָט שטיל

געחלומט פון די נישט לאַנג פאַרגאַנגענע צייטן, ווען מענטשן האָבן דאָ געלעבט באַזאָכט אין זייערע באַשיידענע נעסטן.

**

די לאַנגע רייען הילצערנע באַראַקן, זענען געווען צעוואָרפן אין אַ קוואַדראַט; אַ הויכער וואַך־טורעם צו היטן די לאַגערניקעס, טאָפּלטע שטעכל־דראָט־צוימען באַשטעלט מיט עלעקטרישע סלופּעס. דער לאַגער איז געהיטן געוואָרן דורך די אוקראַאינישע מערדער. הונגער, שמוץ, עפּי־דעמישע קראַנקייטן, אַ געמיין הינטיש לעבן, שקלאַפן־אַרבעט אין דער פאַבריק, דאָס אַלץ האָט געטראָגן דעם שיינעם נאָמען: „אַרבייטס־לאַגער נומער צוואַ״.

ס'איז וואָס אַמאָל ביטערער געוואָרן. די שווערע אַרבעט, דאָס ברו־טאַלע באַהאַנדלען אונז, די סעלעקציעס, האָבן אונז דערפירט, צום פיזישן און מאָראַלישן אומקום. דער קליינער בית־עולם פון אָקטאָבער 1942 האָט זיך אָנגעפילט מיט ברידער־קברים. די קליינע שטיינער — סימבאָלישע מצבות — האָבן געטראָגן אויף זיך די סימנים פון אונזער חורבן. אַזוי איז אַנגעגאַנגען אונזער טרויעריק לעבן, טאָג איין טאָג אויס, אָן אַ ברעקל האָפענונג אויף אַ בעסערן מאָרגן.

אין אַ טריבן, אומעטיקן טאָג האָט אַ זון־שטראַל דאָך אויפגעשיינט מיט אַ ליכטיקער האָפענונג. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אַקציעס, פון די העלדישע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן זיך געזאַמלט, אין די וועלדער פון ראַדאָמער און קעלצער קרייז. זייער שטאָב האָט געהאַט באַשלאָסן אַרויסגיין אין אָפענעם קאַמף קעגן דער היטלערישער חיה. ווען אין לאַגער זענען דערגאַנגען געהיימע ידיעות וועגן דעם, האָבן מיר נאָך שוואַך גע־גלויבט, אַז זיי וועלן בכוח זיין זיך צו פאַרמעסטן מיט די באַנדיטן.

עס איז געווען אין די פרימאָרגן־שעהן. די אַרבעט איז געווען אין פולן ברען. די מאַשינען האָבן גערוישט פון שווערן דרוק פון די גראַנאַטן־קוילן. די ריזן־האַלע איז געווען איינגעהילט אין אַ וואָלקן שטויב און רויך. פון די ריזן אויטאָמאַטן האָבן זיך דינע, שטאָלערנע שפּענער געשיילט, געשפּריצט און געבריט די הענט. דער היטלעריסטישער הויפט־אָנפירער

איז אַרומגעגאַנגען מיט שווערע, לאַנגזאַמע טריט, איבער דער האַלע דורכגעשפּיזט די שקלאַפן־אַרבעטער.

— פלוצלונג — אַ לאַנגער פייף פון די אַלאַרם־סירענעס. דאָס הייסט, עפּעס האָט דאָ פּאַסירט! עס קומט צולויפן דער פוילישער מייסטער צו דער מאַשין ווו איך האָב געאַרבעט קוקט מיך אָן ווי ער וואָלט עפּעס נאָכקאָנטראָלירט, און מורמלט מיר אין אויער אַריין:

— ס'איז געווען אַן אָנפאַל פון די פּאַרטיזאַנער... עס האָט זיך אַנט־וויקלט אַ קאַמף, זיי האָבן אַנטוואָפנט דעם וואַך־פּאָסטן, צוגענומען דאָס געווער, באַרויבט די קאָסע. עס זענען דאָ טויטע... זיי זענען צוריק אַנט־לאָפן, אַ דרייסטער גוט אָרגאַניזירטער אָנפאַל... ס'האָט זיך זיי גוט איינגעגעבן...

אַ קליינער פונק פון האָפענונג, האָט זיך אָנגעצונדן אין אונזערע הערצער ווי אַ ניסימדיקע רפואה צו אַן אומהיילבאַרער קרענק — בלויז דער געדאַנק, אַז ס'וועט זיין מעגלעך אַרויסצורייסן זיך פון דער שקלאַפן־אַרבעט און אַוועק אין די וועלדער, צו די פּאַרטיזאַנער; פאַרטיידיקן זיך, מיט געווער אין האַנט, קעמפן קעגן אונזערע מערדער! נקמה נעמען! פאַרן אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט פון אונזערע טייערסטע — דאָס איז געווען אַ געדאַנק פון העכסטן עקסטאַז, פון פריידיקער איבערלעבונג.

אין דעם טאָג פון פּאַרטיזאַנער־איבערפאַל זענען מיר אין געשלאָ־סענע רייען צוריקגעגאַנגען אין לאַגער און שטאַרקער, מוטיקער האָט אָפּגעקלונגען אונזער געזאַנג. (מיר זענען געווען געצווונגען צו זינגען, ווען אונזערע דערדריקטע הערצער האָבן געוויינט). די וועלדער אַרום, האָבן אָפּגעהילכט מיטן עכאָ פון אונזערע קולות, מיט דעם פונק פון בטחון.

ס'איז געווען אין יוני 1944. הערלעכע זוניקע טעג — וווּנדערבאַרע פאַרכישופטע נעכט — זענען געווען צעלייגט. שלעכטע ברוטאַלע מענטשן־חיות, האָבן פייער, פאַרניכטונג, שרעקלעכעליידן, צוואָרפן אויף דער וועלט. און די נאַטור? — ווי ס'וואָלט קיין שום שלעכטס אויף דער וועלט נישט געווען — די זון האָט צאַרט פאַרשפּרייט, ליכטיקע, און גאָלדענע שטראַלן פאַר אַלע, אויך פאַר אונז, פאַרשפּאַרטע מינדערווערטיקע שקלאַפן, אונטער די שטעכל־דראָטן.

עס איז אַ זומערדיקער נאָכמיטאָג. דער לאַגער זעט אויס ווי ער וואָלט געדרימלט. די פייגל טרעלן אויס זייערע ראָמאַנסן אויף זייער פייגל־לשון.

מען באַמערקט אייניקע לאַגערניקעס, זיי קוקן זיך פאַרדעכטיק אַרום, פאַר־שווינדן שנעל אין פרויען־באַראַק. ס'ציט זיי צו דער פאַרבאָטענער ליבע־שפּיל, וואָס שפּאַרט ווי אַ וואַסערל אין די בערג. צו דעם שטאַרקסטן, נאַטירלעכן, באַגער פון אַן ער צו אַ זי...

פון דער ווייטנס קומט מיר אַנטקעגן איינער פון די יידישע לאַגער־פירער, (כ'דערמאָן זיך נישט זיין נאָמען) ער גיט מיר איבער צוויי וויכ־טיקע ידיעות — מיר האָבן אַנגעבונדן אַ קאָנטאַקט דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ פּאָליאַק, מיטן פּאַרטיזאַנער־שטאַב, צו באַפרייען דעם לאַגער, און — אַז מיר ווערן איבערגעפירט אין אַ צווייטן לאַגער, אין אַ וואַלד. דער וועג איז פיל נענטער צו דער פאַבריק. זיי מאַכן עס צוליב די ערנסטע פאַרדאַכטן, אַז די פּאַרטיזאַנער גרייטר זיך אונז צו באַפרייען.

***

אין סטאַראַכאָוויצער לאַגער זענען געווען פיל פּלאָצקער יידן. ווען פּלאָצק איז אין יאָר 1941 אויסגעזידלט געוואָרן, זענען אַ טייל יידן פאַרשיקט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו, די איבעריקע — קיין סטאַראַכאָוויעץ.

ביז דער פאַרניכטונגס־אַקציע האָבן זיך די פּלאָצקער יידן געפונען אין אַ שטעטל נישט ווייט פון סטאַראַכאָוויעץ. ס'שטעטל האָט זיך גערופן באָדזאַנטין. דאָרט האָט מען זיי אַריינגעפּאַקט צו עטלעכע משפחות, אין אַ שטוב. טיפוס! הונגער! פּיין! אַ פּאָר הונדערט פּלאָצקער יידן זענען אויס־געשטאָרבן און באַגראָבן געוואָרן אויפן אָרטיקן בית עולם. טרעבלינקע, מאַידאַנעק, כעלמנאָ האָבן זיך געפונען אין יענער געגנט. די לעבן־געבלי־בענע פּלאָצקער יידן האָבן אויסגעשפּיגן זייער בלוט מיט די לונגען אין דער אַמוניציע־פאַבריק. מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, זיך צוזאַמענ־געקומען, צו דערמאָנען און באַוויינען אונזער גרויסן חורבן.

אין יולי, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, האָט מען זיך באַשטימט צו טרעפן אין אַ באַראַק, איבערצושמועסן וועגן די אַלע געהיימע ענינים. מ'האָט געפילט, אַז עפּעס גרייט זיך דאָ. ס'איז געווען נאָכדעם ווי דער פאַרטרויאונגס־מאַן האָט אונז איבערגעגעבן די פריידיקע נייעס וועגן די פּאַרטיזאַנער. דער געהיימער ראַדיאָ האָט דערציילט, אַז דער רוסישער בער רוקט זיך שוין פאָרויס אויף די דייטשן מיט זיינע שווערע לאַפּעס.

דערנענטערט זיך צו די גרענעצן פון פוילן. פרייד און פחד האָבן זיך ביי אונז אויסגעמישט. מיר האָבן זיך געפרייט, וואָס די באַפרייאונג דער־ענטערט זיך, אָבער מיר האָבן אויך געוווּסט וואָס די באַנדיטן טוען אָפּ, ווען זיי גרייטן זיך צו פאַרלאָזן אַ פּאָזיציע.

מיר זענען זיך צונויפגעקומען — די לאַגער־ברידער: עלבערג, זעמעל, בראַן, סטרזיג, דער שרייבער פון די שורות און נאָך אייניקע, וואָס איך געדענק נישט מער זייערע נעמען. לייבל לאַלענטערס טאָכטער, לאַניאַ האָט אויך געזאָלט קומען צו דער באַראַטונג. איר מיטהילף האָט געדאַרפט זיין פון גאָר גרויסער וויכטיקייט, צוליב איר באַקאַנטשאַפט מיט דער אָנ־פירערשאַפט פון לאַגער.

די פאַבריק האָט געהאַט צוויי אָפּטיילונגען — דאָ, ווו מיר האָבן גע־אַרבעט ביים אויספּאַרטיקן די האַרמאַטן־קוילן, און — ביים גרויסן אויוון, ווו עס זענען געגאָסן געוואָרן די שטאָלענע שטיקער, געשמעלצט אין ריזן־קעסלען. ווען דאָס פייערדיקע אייזן פון מער ווי טויזנט גראַד היץ, איז געוווען גרייט, האָט מען עס אַרויסגעלאָזט פון די גרויסע קעסלען. די פייער־לאַווע איז געגאָסן געוואָרן אין ספּעציעלע פאַרמען. די שרעקלעכע היץ, דער פייער־ דרוק האָט אַרויסגעזעצט דורך די קוימענס, מיט אַ מוראדיקער קראַפט. ביינאַכט האָט עס באַלויכטן די גאַנצע געגנט, געריסן זיך צו די הימלען. דאָס בילד איז געווען שרעקלעך און — פאַרחאַפּנדיק. ס'האָט אויסגעזען, ווי די הימלען ברענען, אין קופּער־ רויט, אין העל־רויט. און ווען דאָס פייער האָט זיך געזעצט, האָבן די הימלען זיך אָנגעהויבן לעשן, בייטנדיק שנעל די פאַרבן־שפּיל. צולעצט זענען העגגען געבליבן טונקעלע, פאַרבאַקענע וואָלקנס, ווי אָפּגעזעצטע שטיקער בלוט.

זעמעל האָט געאַרבעט ביים גרויסן שמעלץ־אויוון. ער האָט דערי־בער געהאַט די געלעגנהייט צו קומען אין קאָנטאַקט מיט די פּאָליאַקן פון שטעטל. איינער פון זיי איז געוואָרן זיין פאַרטרוילעכער פריינד. דאָס מאָל האָט זעמעל אויף דער געהיימער באַראַטונג אונז איבערגעגעבן, אַז מען האָט אים פאַרטרויט — ווען ווייסט מען נישט — נאָר אַז דער לאַגער אין סטאַראַכאָוויעץ דאַרף ליקווידירט ווערן. וואָס מיט די יידן וועט פּאַסירן — ווער קען וויסן? נאָך אַ זאַך: ער ווייסט, אַז דער פּאַרטיזאַנער־שטאַב האָט אָפּגעוואָרפן און אויפגעגעבן דעם געדאַנק וועגן באַפרייען דעם לאַ־גער; צוליב דעם, וואָס עס געפינען זיך דאָ פיל קינדער, עלטערע מענטשן,

און ס'וואָלט פון פריער אויס געווען אַ דורכפאַל. בלייבט אַיין אויסוועג: אַרויסרייסן זיך, יעדער אויף זיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

כמעט אַלע האָבן געהאַלטן, אַז מיר דאַרפן נישט פאַרלירן קיין צייט. און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז זעמעל ברענגט אַריין אין לאַגער אַ גרויסע צוואַנג איבערצוהאַקן די דראָטן, אין אַ ווינקל, ווו די באַלויכטונג פון די וואַך־פּראָזשעקטאָרן איז אַ שוואַכערע. דאָס דאַרף געשען אַרום 10 אַזייגער אין אָונט, ווען דער לאַגער איז וויניקער באַוואַכט. נאָר צוויי מאַן רייסן זיך אַרויס די ערשטע. אויב זיי וועלן אַדורכגיין אומבאַמערקט, וועלן די איבעריקע לויפן צו די וועלדער. זעמעלס באַקאַנטער אַ פּאָליאַק האָט צוגעגרייט ווו צו באַהאַלטן זיך, ביז דער אַלאַרם וועט אַדורך, און דאַן — ווייטער יעדן אָונט צו צוויי מאַן. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז ווען די נאַכט־שיכטע וועט שפּעט קומען פון דער אַרבעט, זיך אַרויס־צושלייכן פון די רייען און פאַרשווינדן אין געדיכטן, פינצטערן וואַלד.

פאַרן פונאַנדערגיין זיך, האָבן מיר זיך געגעבן די הענט, און אַוועק שלאָפן צו די צוויי־שטאָקיקע פּריטשעס. מיר האָבן נאָך לאַנג אין דער נאַכט אַריין געשמועסט שטיל, אויפגעלעבט דאָס שיינע קולטור־לעבן פון היסטאָריש־דורותדיקן יידישן פאָלק, וואָס האָט ערב דער מלחמה, גע־פייערט דעם 600־יאָריקן יובל. יעדער איז געווען באַלאָדן, מיט זיסע דערמאָנונגען פון זיין יוגנט, פון די טרעפונגען מיט די טייערע מיידלעך פון פּלאָצק אין די ראָמאַנטישע אַלייען פון שטאָט־גאָרטן, ביים „טום". זיצענדיק אויף די בענק, פאַרשטעלט מיט די פאַרצווייגטע אַלטע ביימער האָבן מיר אין די שפּעטע נאַכט־שעהן מיט פיל בענקשאַפט געזונגען האַר־ציקע פאָלקס־לידער. קוקנדיק פון דער הויך האָט מען באַוואונדערט די ווייסל. מאַיעסטעטיש שיין האָבן די כוואַליעס זיך געשוימט און געדרייט, אין וואַסער־גריבלעך. טראַטוועס זענען געשווומען אויף דער ווייסל. אויף זיי קליינע בודקעס פאַר די טראַטוועס־טרייבער, צו שיצן זיך פאַר רעגנס און שטורעמס. זיי זענען געווען צעשטעלט ביי די זייטן. אויף די טראַטוועס, זענען געווען צעשטעלט געזונטע שטאַרקע פויערים. אין זייערע הענט, לאַנגע דרענגער אָנגעבונדן צו די קלעצער, מיט זיי, האָבן זיי געלענקט די טראַטוועס. די לאַנגע אָפּגעהאַקטע וואַלדיקע ביימער זענען געווען געבונדן, צונויפגעשלאָגן מיט ספּעציעלע האָקעס, אַזוי זענען זיי געשווומען געטריבן פון שטאַרקן וואַסער־שטראָם ביז דאַנציג.

מיט די טייערע זכרונות פון דעם פרעכטיקן אַמאָל, וואָס איז אַזוי באַרבאַריש פאַרשניטן געוואָרן, זענען מיר מיט צער זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

אַרויסגייענדיק פון באַראַק, טרעף איך איינעם פון לאַגער־ראַט, ער זאָגט מיר שטיל :

— די לאַגע איז זייער ערנסט... — מיר האָבן באַקומען אַ פאַרטרוי־לעכע ידיעה, אַז מאָרגן ווערן מיר אַרויסגעפירט — מען ווייסט נישט ווו...

וועגן אוישוויץ האָט מען נישט געטראַכט.

— וואָס זשע טוט מען ? — האָב איך געפרעגט אַ דערשראָקענער.

— מיר זענען פאַרטיק !... — האָט מיר זיין ענטפער געקלינגען ווי אַ טויט־אורטייל.

אין דער וואַרעמער יולי־נאַכט האָט מיין גוף אָנגעהויבן ציטערן ווי אַ בלאַט אין שטורעמדיקן האַרבסט־ווינט.

די דריי ווערטער פון מיין באַקאַנטן, ווען ער האָט אַריינגעשריגן אין דער אָוונט־שטילקייט — מיר זענען פאַרטיק ! האָבן זיך באַזעצט אין אַ ווינקל פון מיין מוח און אָנגעהויבן פיקן... — דער גרעסטער ווייטיק איז געווען, וואָס אונזערע פּלענער צו אַנטלויפן אין די וועלדער, זענען מער נישט גילטיק, זיי זענען ברוטאַל צעשטערט געוואָרן.

ווען איך האָב זיך באַרואיקט איז דער ערשטער געדאַנק געווען גלייך צו גיין זאָגן וועגן דעם זעמלען. אָבער אין דעם מאָמענט זענען אָנגעלאָפן די צעווילדעוועטע אוקראַינער, געשלאָגן מיט די ביקסן, פאַר־טריבן אין די באַראַקן.

די יידישע פּאָליציי האָט אונז געבראַכט דעם באַפעל, אַז ס'איז שטרענג פאַרבאָטן צו זיין אויסערן באַראַק. יעדע פאַרדעכטיקע באַוועגונג קען ברענגען דעם טויט דורך שיסן.

כ'בין אַריין אין באַראַק, זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף די האַרטע ברע־טער, פאַרמאַכט די אויגן און געטראַכט : וואָס טוט מען ? וואָס פאַראַ אויסוועג געפינט מען ? איין געדאַנק האָט געיאָגט דעם צווייטן. אין פינצ־טערן באַראַק, איז געלעגן אַ מוראדיקע שטילקייט, צי איז מעגלעך אַרויסצובאַקומען זיך פון דעם גיהנום ? און ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז כ'ליג אין אַ מאַסן־קבר... דאָס ביסל לופט, וואָס דו אָטעמסט איין, איז

עס דערפאַר ווייל דו זשיפּעסט נאָך — נאָך אַ מאָמענט און אויס, דיין קאַפּיטל וועט זיין געענדיקט — דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן שטאַרקער קלאַפּן.

איך האָב זיך ביסלעכווייז אויפגעוועקט פון מיינע האַלוצינאַציעס, אַ שטאַרקער ווילן האָט אויפגעוואַכט אין מיר, און גענומען שנעלער טרייבן דאָס בלוט אין די אָדערן. ס'האָט זיך אַזוי באַלד געוואָלט אַרויס־רייסן, פון צווישן די שטעכל־דראָטן. יעדער האַרץ־קלאַפּ האָט געשריגן:

— אַנטלויף! באַפריי זיך!... — מער נישט אָנצוקוקן די מערדערישע צורות פון די אוקראַינער... — פון די שוידערלעכע סעלעקציעס!... — פון שקלאַפן־יאָך... — ווו מען האָט דיך איינגעקלעמט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט... — אַלץ האָט געשריגן און געמאָנט אין מיר. דער גע־דאַנק פון פרייהייט, האָט מיך ווילד און משוגע געמאַכט. אַ קאַלטער און הייסער שווייס האָט מיך באַגאָסן. ס'האָט זיך מיר געדאַכט — דער באַראַק האָט אָנגעפאַנגען זיך־באַוועגן — איך שטופּ אים מיט אַלע מיינע כוחות און פאַל אין אָנמאַכט... דער מוח איז געוואָרן פאַרנעפּלט און כ'בין גע־זונקען אין אַ קאַשמאַר־שלאָף.

ס'איז האַלב־צוויי אינמיטן נאַכט. אין גרויסן באַראַק איז שטיל — כאָטש ווייניק שלאָפן — דער גרעסטער טייל איז וואַך און שפּיזט דורך מיט די אויגן די פינצטערע נאַכט, וואָס ליגט אין דרויסן. ווילסט זען, דערפילן, וואָס עס דאַרף פאַרקומען. די נערוון זענען צערייצט ביזן העכסטן גראַד. ביסט גרייט דעם באַראַק צו צעטראָגן, און דאָך — בלייבסטו רואיק ווי אַ לעמעלע — דו וואַכסט...

מיין שכן וועקט מיך און פליסטערט שטיל:

— שלאָפסט? — עס דוכט זיך מיר, אַז אין דרויסן איז אַ באַוועגונג — זיי זענען שוין אפשר געקומען אונז באַפרייען? — און מיר ליגן דאָ רואיק?...

מיר רייסן זיך אויף און לויפן אַרויס. אַ שוואַרצע פינצטערע יולי נאַכט הילט אונז איין. דופּטיקע אַראָמאַטן פון וואַלד פאַרשיכורן די לופט. אַ לייכט מערב־ווינטל בלאָזט. אין ערשטן מאָמענט זענען מיר געוואָרן צע־טומלט, פון דעם שטילן פּחד פאַרן פינצטערן וואַלד. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז דיביימער באַוועגן זיך, ווי הענט מיט ביקסן, אויסגעשטעלט צו אונז. מיין שכן רייסט מיך אַרויס פון פאַרגליווערונג:

— גיב אַ קוק אין דער רעכטער זייט... דוכט זיך, אַז מען באַוועגט זיך...

איך האָב אָנגעשטרענגט דעם בליק און באַמערקט ביי די שטעכל־דראָטן באַוועגן זיך שאָטנס. פאַרשטיקטע שטימען האָב איך דייטלעך דערהערט. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט ווי מיט אַ האַמער. אַן אומבאַוווסטע קראַפט האָט גערופן אין מיר: „שנעל! אַרויס! אַרויס!".

אָבער אין געציילטע סעקונדן האָט זיך געעפנט אַ העפטיקע שיסעריי פון אַלע זייטן. אַ גראַנאַט האָט אויפגעריסן. געשרייען פון פרויען און קינדער האָבן אימהדיק דורכגעשניטן די נאַכט. הילף־געשרייען פון פאַרוווּנדעטע, אויסגעמישט מיט באַנדיטישע קולות פון די אוקראַאינער, האָבן פאַרגליווערט אונזער בלוט.

צומאָרגנס האָבן מיר זיך דערוווּסט: 120 מאַן זענען אַנטלאָפן, אַ פּאָר צענדליק פאַרוווּנדעטע און געהרגעטע. אייניקע זענען געכאַפּט געוואָרן אין די וועלדער און גלייך אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. אַ טייל האָט זיך דאָך איינגעגעבן צו דערגרייכן די פּאַרטיזאַנער. פון די איבעריקע האָבן מיר פאַרלוירן די שפּורן.

פון ראַדאָם איז אָראָפּגעקומען דער באַרימטער מערדער, דער אָבער־שטורם־פירער בעקער, ימח שמו — אַן אויסגעפּאַשעט, רונדיק פּרצוף, חזירישע שליפּעס. דער גאַנצער לאַגער איז געשטאַנען אויסגעשטעלט אין דרויסן. דער יידישער פּאָליציי־קאָמענדאַנט האָט אים ראַפּאָרטירט וועגן דעם, וואָס איז געשען אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט. דער נאַצי האָט גע־האַלטן פאַר אונז אַ רעדע. מיט לאַקריץ־זיסע ווערטער, האָט ער באַדויערט וואָס עס האָט פּאַסירט, און האָט פאַרזיכערט, אַז קיין שלעכטס וועט אונז נישט געשען. „מיר זענען אַ נוצלעכער עלעמענט און מיר וועלן טראַקטירט ווערן מענטשלעך". גלייכצייטיק מאַכט ער באַקאַנט, אַז ווען דאָס אַנטלויפן וועט נאָך אַמאָל פאָרקומען, וועלן פאַר יעדן אַנטלאָפענעם, דערשאָסן ווערן פינף מאַן פון דער אָפּטיילונג, ווו מען אַרבעט אין דער פאַבריק.

דערמיט האָט זיך געשאַפן אַ שרעקלעכע לאַגע — איינער האָט גע־היט דעם צווייטן. מ'האָט אפילו נישט געגלויבט דעם נאָענטסטן חבר.

איינער פון די שווער־פאַרוווּנדעטע איז געווען אונזער פלאַצקער לאַנדסמאַן זעמעל. אַ שפּליטער פון אַ גראַנאַט האָט אים צעריסן דאָס דיקע פלייש פון פוס. ער איז געווען אַ פאַראורטיילטער. דער יידישער דאָקטער פון לאַגער האָט מיר געזאָגט, אַז אַן רפואות, וועט מען אים נישט

קענען היילן. לאָניאַ לאַלענטער האָט זיך פאַרנומען מיטן פאַרוווּנדעטן. זי האָט געהאַט אַ באַקאַנטן אוקראַינער, האָט זי אים געבעטן ברענגען פון שטאָט מעדיצינען, צו לינדערן זיינע שרעקלעכע ווייטיקן. ווען איך בין אַריין צו אים מבקר חולה זיין, האָט ער געפּרוּווט אַ שמייכל טון, ער האָט געוואָלט פאַרהוילן, אַז ער ליידט שרעקלעך.

צו זעמלען האָב איך געפילט אַ באַזונדערן סענטימענט. איך האָב אים געקענט פון די יונגסטע יאָרן אָן, ווען ער האָט געאַרבעט ביי שילעטן אויף דער קאָלעגיאַלנאַ גאַס. אַ שטילער בחור, קאָנצענטרירט אין זיך. אין זיין שמייכל איז געלעגן עפּעס אַ טרויער. ער האָט אָפט גערעדט מיט בענקשאַפט וועגן דעם פּאָגראָמירטן פלאָצקער ישוב, וועגן זיינע קינדער־ און יוגנט־יאָרן. מיר זענען געווען פאַרקליבן אין אַ ווינקל, ווו ס'איז געווען שוואַך באַלויכטן. דעם גרעסטן צער האָב איך אַרויסגעפילט ביי אים, ווען ער האָט דערמאָנט זיין פרוי. זי איז דערשאָסן געוואָרן אין שטעטל באָדזאַנטין, קעלצער קרייז. זי איז געווען יונג, רייצנד, דרייסט; מעגלעך דערפאַר האָט זי באַצאָלט מיט איר יונג לעבן. די פאַרטריבענע פלאָצקער יידן האָבן אין דעם שטעטל שרעקלעך געהונגערט. האָט זיין יונגע פרוי אַראָפּגענומען די געלע לאַטע און איז אַרויס פון געטאָ. זי איז אַוועק אין אַ דערבייאיק דערפל, פאַרשאַפן זיך אַביסל שפייז. אַ יונגער פויער האָט זי באַמערקט אויפן וועג און זי דערקענט. ער האָט זיך געוואָרפן אויף איר, אָבער זי האָט אים אָפּגעשטויסן, געראַנגלט זיך מיט אים. איז דער יונגער פויער גלייך אַוועק צו דער געסטאַפּאָ און זי אויסגעגעבן. מען האָט זי געכאַפּט, אַרעסטירט און דערשאָסן.

אַזוי איז זעמעל געווען אַליין מיט זיין ווייטיק. ביז דאָס אומגליק האָט אים אַליין אויך געטראָפן, אין דער יולי־נאַכט פון 1944.

עס זענען די לעצטע שעהן אין סטאַראַכאָוויץ. אין זעלבן אָוונט ווערן מיר עוואַקוּאירט. וווהין גייען מיר? ווּהין פאַרשלעפּט מען אונזער געביין? די, וואָס האָבן יעדעס מאָל איבערגעגעבן די פאַרטרוילעכע נייעס, זענען דאָס מאָל שטום ווי די פיש. מיט אַ שווער האַרץ גיי איך אַריין אין באַראַק, ווו זעמעל ליגט, זיך געזעגענען מיט אים. איך פיל, אַז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל ווי איך זע אים, ווי איך רעד צו אים, וויל נאָכדעם, ווי מיר וועלן פאַרלאָזן דעם לאַגער, וועלן זיי אים אומברענגען. ער איז בלאַס, ליגט מיט פאַרמאַכטע אויגן, אָטעמט שווער.

— זעמעל! — רוף איך אים שטיל.

— כ׳שלאָף נישט — זאָגט ער מיט אַ שוואַכער שטימע.

ער עפנט די אויגן. כ׳בייס די ליפּן. כ׳וויל אים זאָגן אַ פּאָר ווערטער.

— כ׳בעט דיך — מאַכט ער — זאָג גאָרנישט. כ׳ווייס אַלץ, איר פאָרט אַוועק. כ׳וועל אייך קיינמאָל מער נישט זען, קיינמאָל! מיינע חלומות, מיין הייליקער פאַרלאַנג צו אַנטלויפן, אַנשליסן זיך צו די פּאַר־טיזאַנער קעמפן מיט געווער אין האַנט, נקמה נעמען פאַר אונזערע שוועס־טער און ברידער... פאַר מיין טייערער פרוי... פאַר...

אין דעם מאָמענט האָט אַ ברוטאַלער געשריי פון אַן אוקראַאינישער חיה מיך אַ זעץ געטון מיט דער ביקס אין דער פּלייצע:

—ראַ־אויס!...

ציטערנדיק האָב איך אָנגעכאַפּט די האַנט פון מיין אומגליקלעכן חבר, אַ קוק געגעבן אויף אים צום לעצטן מאָל. זיינע אויגן זענען געווען פאַרגאָסן מיט טרערן, גערונען אויף זיינע פאַרגעלטע באַקן. אַ שוידער האָט מיך אַרומגענומען, אין האַלדז האָט געשטיקט. כ׳בין אַרויסגעלאָפן פון באַראַק, זיך צעכליפּעט ווי אַ קינד. קוים אָפּגעגאַנגען ווי אַ פּאָר טריט, ווי איך האָב דערהערט פון באַראַק צוויי קליינע רעוואָלווער־שאָסן. דער באַנדיט האָט פאַרשניטן דאָס יונגע לעבן פון מיין טייערן חבר.

אַ פינצטערע קללה זאָל פאַלן אויף די קעפּ פון די נאַציס מיט זייערע מיטהעלפער!

דרייסיק יאָר זענען אַדורך נאָכדעם ווי אונזער פאָלק איז פאַרשניטן געוואָרן. היינט צו טאָג זענען אויפגעשטאַנען נייע היטלערס — אַראַבישע היטלערס — אָפּגעהאַקט זאָל ווערן די הענט פון די, וואָס פאַרמעסטן זיך ווידער אומצוברענגען אונז. די הימלען זאָלן אונז באַשיצן פון שלעכטס, וואָס זיי גרייטן צו פאַר אונז. מער קיין אוישוויץ וועט נישט זיין!

# די אימהדיקע כל־נדרי־נאַכט אין בירקענאו

סוף אַפּריל, אָנהייב מאַי, דערמאָנען מיר זיך די באַפרייאונג פון די קאַצעט־לאַגערן. די שרעקלעכע ליידן און פּיין, פון די פאַרבראַכטע יאָרן אין דעם גיהנום. מיר ווערן נאָכאַנאַנד פּסיכיש פאַרפּאָלגט, נאָר די שרעקלעכע כל־נדרי־נאַכט אין בירקענאו פאַרפאָלגט מיך מער ווי אַלע גרויל־איבערלעבונגען. זי שטייט מיר פאַר מיינע אויגן, ווי דאָס וואָלט נעכטן פאָרגעקומען. אויב עס זענען געבליבן לעבן, ווער פון מיינע, דאַן אומגליקלעכע ברידער, וואָס האָבן געאַרבעט אין שניידער וואַרשטאַט אין בירקענאו, זיי וועלן זיך זיכער פאַרטראַכטן, ווי איך איצט, אַז דאָס וואָס עס האָט דאַן פּאַסירט — איז געווען פּשוט אַ נס.

ס׳זענען די עשרת ימי תשובה פון 1944. די לעצטע טרויעריקע טעג פון סעפּטעמבער פאַרגייען. מיר ברעכן זיך פיזיש און מאָראַליש, פון די אוממענטשלעכע ליידן. די פינצטערע ס.ס.־באַנדיטן, די קאַפּאָס פאַרסמען דאָס הינטישע לעבן. אַ קאַלטער האַרבסטיקער ווינט האָט געברומט. אַ פאַרוואָלקנטער הימל איז געהאָנגען נידעריק איבער אונזערע קעפּ. דער ווינט האָט געבויגן די שרעקלעכע פלאַמען פון די קרעמאַטאָריעס, זיי פאַרשפּרייטן אַ שרעקלעכן געשטאַנק פון די ברענענדיקע גופים פון אונזערע קדושים.

נאָך אַ טאָג שקלאַפן־אַרבעט אין אַ קאָמאַנדאָ, אַ פּאָר קילאָמעטער אויסערן לאַגער, האָבן מיר געשלעפּט, גרופּירט די טיילן פון אַראָפּגעשאָסענע אַוויאָנען. אין אָוונט, וואַקלט מען זיך אויף די געשוואָלענע פיס ווי שיכורים. קוים דערוואַרט זיך אויף דעם שטיקל ברויט, צעטיילט עס אין צוויי חלקים, אַ ברעקל גלייך אַראָפּגעשלונגען, דאָס איבעריקע באַהאַלטן אויף מאָרגן, צו דערהאַלטן דאָס ביסל חיות. דערשלעפּט זיך צו דער „באָקסע־נאָרע״, אַוועקצוואַרפן דאָס בינטל ביינער, פון שוואַכקייט גע־

פאַלן אין אַ קאָשמאַר־שלאָף. אַרום, באַגלייט פון קרעכצן, כראָפּערייען פון אונזערע אויסגעפייניקטע ברידער, אין באַראַק נומער 10.

פלוצים וועקט מען מיך ברוטאַל אויף מיט אַ געשריי:

— נומער 19454, אויפשטיין! מאַך עס שנעל!

צעטומלט פון שרעק, בין איך כמעט ווי פּאַראַליזירט. מיין חבר העלפט מיר. ער פליסטערט אין מיין אויער:

— האַלט זיך! — ברעך זיך נישט איין — יעדן איינעם פון אונז דערוואַרט דער סוף...

אין דער שפּעטער נאַכט איז דער לאַגער געווען ווי אויסגעשטאָרבן, נאָר די קרעמאַטאָריעס האָבן געאַרבעט... די פייער־צונגען האָבן זיך מוראדיק געריסן צו די הימלען, און זיי טייוולאָניש באַלויכטן. אַ וואַרעמע סעפּטעמבער־נאַכט האָט איינגעהילט מיין ציטערדיקן, מאָגערן גוף. וואָס טראַכט מען אין אַזעלכע שרעקלעכע מינוטן? ווען דו פילסט ווי די פליגל פון טויט פלאַטערן איבער דיר. אָבער פלוצים איז דער פּחד פאַרשוווּנדן. אַ פאַרשטיינערטע סטאָישקייט האָט מיך באַהערשט און איך בין געוואָרן גלייכגילטיק צו דעם, וואָס דאַרף געשען...

מען האָט מיך צוגעפירט צו אַ גרופּע פון אַ הונדערט מאַן. די מערדערס האָבן קאָנטראָלירט די נומערן ביי אַלעמען. אַ קאַפּאָ האָט זיך געמאָלדן צום ס.ס.־באַנדיט און אים איבערגעגעבן אַ שריפטלעכן באַפעל. נאָכן איבער־לייענען, האָט ער אַ געשריי געגעבן:

— ווער איז שניידער, אַרויסטרעטן!

די אַרבעט אין שניידער־וואַרשטאַט איז געווען נאָך טרויעריקער ווי אונזער פינצטער לעבן, צו דערנידעריקן אונז, צו רייסן שטיקער פון אונזערע הייליקסטע געפילן. פון די טליתים פון אונזערע טאַטעס און זיידעס, מיטגענומען אויף זייער לעצטן וועג, האָבן מיר געשניטן און געמאַכט אונטער־הויזן פאַר די העפטלינגע.

ס'איז ערב יום כיפּור. אַלע שרעקלעכע גזירות, וואָס זענען פאַרצייכנט אין „ונתנה תוקף”, ווערן אויסגעפירט פאַר אונזערע אויגן אין בירקענאַו. דער מלאך המות זייט טויט, פאַרלענדונג, מיט דער הילף פון די געמיינע לאַפּעס פון דער נאַצישער קליקע, ימח שמיהם. זיי פאַרניכטן סיסטעמאַטיש

אונזער אומגליקלעך פאָלק, פאַרלאָזט פון גאָט, פון דער פינצטערער וועלט. ווי קען מען פאַרגעסן אָט דעם שרעקלעכן ערב יום כיפור?

אין דעם שניידער־וואַרשטאַט האָב איך זיך באַקענט מיט אַ ייד אין די שפּעטע פערציקער. ער איז געווען אַטלעטיש געבויט, זיך גוט גע־האַלטן. אַ געוואַלדיקער מאמין, האָט געקענט גוט לערנען. אַ טאָג פאַר יום כיפור האָט ער מיר פאַרטרויט, אַז ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ גע־דאַנק צו בעטן דעם הויפּט־קאַפּאָ פון וואַרשטאַט, ער זאָל אונז דערלויבן צו זאָגן כל נדרי.

איך האָב אים אָפּגערעדט פון דעם געדאַנק, און אים געזאָגט, אַז דער קאַפּאָ קען אים פאַר דער חוצפּה דערהרגענען. האָט ער מיך אָנגע־קוקט מיט זיינע בלויע, קינדערישע אויגן און געענטפערט רואיק:

— אויב מיין גזר פון מיתה איז געחתמעט, זאָל דאָס זיין מיין קידוש־השם...

פון מיין שוואַכקייט, האָב איך אַראָפּגעלאָזט פאַרשעמט דעם קאָפּ, פאַר דעם טייערן ייד. ס'איז אַ פּאָר שעה פאַר כל נדרי. דאָס האַרץ וויינט און בלוטיקט פאַר אונזער פינצטערן גורל. אין שניידער־וואַרשטאַט הערן מיר דאָס גערויש פון די ניי־מאַשינען, צוזאַמען מיט די זיפצן פון די יידן. עס קומט אַריין דער קאַפּאָ פון וואַרשטאַט, אַ פּוילישער באַנדיט. זיינע הענט זענען געווען באַפלעקט מיטן בלוט פון צענדליקער יידן, וואָס ער האָט אומגעבראַכט. דער עלטסטער פון וואַרשטאַט שטעלט זיך אויף און מעלדעט זיך מיליטעריש. ער בעט אַ וואָרט.

— וואָס ווילסטו?! — דונערט אַרויס דער קאַפּאָ.

דער צעבראָכענער ייד רעדט מיט אַ שטילער שטימע:

— היינט ביינאַכט איז יום כיפור, אונזער הייליקסטער טאָג... דער טויט באַגלייט אונז דאָ אויף יעדן שריט... בעטן מיר דיך, צו לאָזן נעמען אַ פּאָר טליתים, איידער זיי ווערן צעשניטן, זיך איינצוהילן אין זיי און זאָגן אונזער הייליקע תפילה, כל נדרי...

דער ייד האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, געוואַרט ווי אַ פאַרמשפּטער אויף זיין אורטייל. אַ טויטע שטילקייט איז געהאַנגען אין באַראַק. מיר האָבן געטראַכט, אַז אָט נעמט דער באַנדיט און צעטרעט דעם אומגליקלעכן, שטאָלצן ייד, מיט זיינע שטיוול. אָבער דער קאַפּאָ איז שטיינגעבליבן אַ

פּאָר רגע׳ס אומבאַוועגלעך. זעט אויס, אַז די אומדערוואַרטע ביטע פון דעם ייד, אויף דער שוועל פון גיהנום־טויט, האָט אויפגעוועקט אין אים עפּעס פון אַ ווייטער וועלט. די חיה, וואָס האָט געלעבט אין אים, איז אויף אַ ווײַלע פאַרשוווּנדן.

— איר קענט מאַכן אייער געבעט... — האָט ער צולעצט געזאָגט — אָבער געדענקט אין גאָט, שטיל, אָן געוויינען. כ׳דערמאָן זיך, ווי ס׳האָט אַמאָל אויסגעזען ביי אייך... דער באַראַק געפינט זיך נאָענט ביי די שטעכל־דראָטן ווו עס דרייען זיך די ס.ס. וואַכן. ווען זיי זאָלן זיך דערוויסן, וואָס דאָ קומט פאָר, ווער איך צוזאַמען מיט אייך געשיקט אין גאַז־אויוון...

און ער איז מיט שנעלע טריט אַרויס פון באַראַק.

ס׳איז שווער, מען קען נישט איבערגעבן די פּיין, דעם ווייטיק אונזערן, וואָס האָט אונז איינגעהילט. אונזער צעבראָכענע נשמות האָבן געצאַפּלט — דאָס בלוט איז פאַרגליווערט געוואָרן אין די הערצער פון די אויסגע־מאַטערטע „מוזולמענער״, אין דער שרעקלעכער כל־נדרי־נאַכט אין בירקענאו אין יאָר 1944. די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. אַ האַרבס־טיקער רעגן האָט טרויעריק געקלאַפּט אין די פענצטער. שרעקלעכע שטיקער צעריסענע פלאַמען האָבן מוראדיק געשפּיגן פון די קרעמאַ־טאָריעס און געריסן זיך צו די הימלען...

אַ פּאָר מנינים צעבראָכענע יידן, ווי די אַמאָליקע „אנוסים״ אין מיטלאַלטער אין שפּאַניע — שטייען איינגעהילט אין די טייערע טליתים פון די קדושים. זיי זעען אויס ווי מתים. מ׳האָט געפילט דעם פלאַטער פון די פאַרפּייניקטע נשמות. מיט פאַרשטיינערטע הערצער וואַרטן מיר...

דער חזן האָט זיך אויסגעדרייט — אַ טויטע בלאַסקייט אויף זיין פּנים — זיינע אויגן זענען פאַרגאָסן מיט בלוטיקע טרערן. צוויי יידן שטעלן זיך ביי זיין זייט, און מיט אַ ציטערדיק קול הייבט ער אָן שטיל:

— על דעת הקהל ועל דעת המקום...

ער שטיקט זיך מיט טרערן. מיר יאָמערן שטאַרק — אונזערע גופים טרייסלען זיך ווי אין פיבער. מיט געוויין זינגט ער אויס די צוויי הייליקע ווערטער: „כל נדרי״ ווייטער האָט ער נישט געקענט זאָגן — אַ געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון אונזערע דערשטיקטע העלדזער:

— טאַטע! — מאַמע! — און די נעמען פון אונזערע פאַרשניטענע.

אונזערע געוויינען, האָבן אויפגעציטערט דעם באַראַק...

אין דעם מאָמענט איז אַנגעלאָפן דער קאַפּאָ, ווי אַ ווילד־צערייצטע חיה מיט אַ געשריי :

— זייט שטיל באַנדיטן !... — איר דערהרגעט אייך מיט מיר צוזאַמען...

עס ווערט דרייסיק יאָר ווי מיר האָבן איבערגעלעבט די שרעקלעכע כל־נדרי־נאַכט. ביז היינט, קען איך נישט פאַרשטיין — דער שניידער־וואַרשטאַט האָט זיך געפונען האַרט ביי די שטעכל־דראָטן, און די ס.ס.־באַנדיטן, האָבן נישט דערהערט אונזער מוראדיק געשריי...

# דער קראַשניעוויצער רבי פון סטאַראַכאָוויעץ

אָנהייב פעברואַר 1941 איז געחתמעט געוואָרן דער טרויעריקער גורל פון פלאָצקער אַלטן, דורותדיקן יידישן ישוב. זייער אומקום האָט זיך אָנגעהויבן מיט איין און אַ האַלב יאָר פריער, ווי די ענדגילטיקע פאַרניכטונג איז געווען באַשטימט און צוגעגרייט דורך די נאַצישע הענקערס.

דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל דער ימח־שמוניק פראַנק — דער גובערנאַטאָר פון פוילישן פראָטעקטאָראַט — האָט געזאָלט קומען קיין פלאָצק. זיין וויזיט איז געקרוינט געוואָרן מיט דער באַלוינונג — אין דעם טאָג, ווען זיינע שטיוואַליעס האָבן באַטרעטן דעם פלאָצקער באָדן, האָט מען אים געמאָלדן, אַז פלאָצק איז יידן־ריין... און זיין נידערטרעכטיקע אַרישע ראַסע וועט נישט פאַראומרייניקט ווערן פון מינדערווערטיקע יידן...

די אויסזידלונג פון די פלאָצקער יידן איז פאָרגעקומען אין צוויי עטאַפּן. דער ערשטער עטאַפּ איז געווען דעם 20־טן פעברואַר 1941. די בילדער לעבן נאָך אין מיין זכרון, אַ ווייטיק דריקט אין מיין האַרץ, אַ קללה אויף די ליפּן פאַרן דייטשן עמלק. אַ חרפה און אַ בושה אויפן חיהשן מין, וואָס רופט זיך נאָך מענטש! אין האַרץ פון קולטורעלן אייראָפּע, אין 20־טן יאָרהונדערט, האָט געקענט נידערטרעכטיק, געמיין אויסקאָמבינירט ווערן אַזאַ טייוולאָנישער פאַרניכטונגס־פּלאַן, מיט אַלע סאָרטן מיתות משונות, צו טרעטן מיט די יונקערישע שטיוול דעם צלם אלהים.

מען איז געווען צוגעגרייט. מען האָט געוווסט וואָס עס דערוואַרט אונז. פיל נעכט איז מען געזעסן אָנגעטון אין טאָפּלטע מלבושים, מיט קליינע פּעקלעך ביי די פיס און געוואַרט, מיט שטומען צער אויפן תליון. אַלטע און קראַנקע האָבן תהילים געזאָגט, געבעטן אויף זיך ביים באַשעפער זייער טויט. און די הימלען האָבן געשוויגן, געווען פאַרשלאָסן פאַר די תפילות פון די זקנים. מאַמעס מיט קליינע קינדער זענען געזעסן אויף

די נישט־צוגעבעטע בעטן און אויף זייערע מאַמעדיקע הענט איינגעוויגט זיי מיט אַ חורבן־ליד. בילדער פון יידן מיט לאַנגע בערד, הויכע לומדישע שטערנס, דורותדיקע יידן, זענען געהאַנגען אויף די ווענט פון יידישע שטיבן אין געטאָ. זיי האָבן שטום און טרויעריק געבליקט אויפן חורבן פון אומגליקלעכן אתה בחרתנו־פאָלק.

אין קאַלטן, פראָסטיקן פרימאָרגן איז אַ טויטע שטילקייט געווען אויסגעשפרייט אין געטאָ פון פּלאָצק. אַן אָנזאָג פון אומגליק איז געהאַנ־גען אין דער לופט. הינט האָבן געיאָמערט אויף זייערן און אונזערן גורל. די פענצטער אין געטאָ זענען געווען פאַרהאַנגען. קליינע נאַפט־לעמפּלעך, ווי ביי אבלים, האָבן שוואַך באַלויכטן די שטובן. די עלטערע, פרויען, קינדער האָבן געדרימלט אין די זאַכן אָנגעטון, און די יונגערע האָבן וואַך געהאַלטן.

פּלוצים האָבן זיי דורך די שייבלעך דערבליקט, ווי אין געטאָ זענען אַריינגעפאָרן עטלעכע אויטאָס, באַזעצט מיט די באַנדיטישע הענקערס. דער געטאָ איז שוין געווען אַרומגערינגלט. האַרטע, רויע, נאַצישע קולות האָבן דורכגעשניטן די לופט, ווי מיט מעסערס, געמאַכט פאַרגליווערן אונזער בלוט:

— ראַ־אוס! ראַ־אוס!!! פאַרפלוכטע יודען...

ס'זענען אויסגעוואַקסן די ווילדע פרצופים אין קאַלטן פרימאָרגן, און ס'האָבן זיך שוין דערהערט די געשרייען פון אונזערע ברידער, שוועס־טער און קליינע קינדער. די טירן האָבן זיך אויפגעפּראַלט, שאָטנס, ווי מתים, האָבן זיך געשלייכט איבער די שוואַך־באַלויכטענע געטאָ־געסלעך, צום זאַמל־פּונקט. אויף דער ברייטער גאַס האָבן שוין געיאָגט, מערדער־לעך געשלאָגן די געסטאַפּאָ־ באַנדיטן. פון דער שול־גאַס איז אָנגעקומען אַן עלטערע פרוי מיט אַ קלומעקל אין דער האַנט. קוים זיך דערשלעפּט, האָט זי זיך פאַרטשעפּעט און געפאַלן. אַ ייד איז צוגעלאָפן איר אויפהייבן. האָט עס באַמערקט אַן ס.ס.־באַנדיט, אַ שפרונג געגעבן ווי אַ צעווילדע־וועטע חיה, מיט אַ נאַגייקע אין דער האַנט, אַראָפּגעלאָזן דעם ייד איבערן קאָפּ. בלוט האָט אַ שפּריץ געגעבן. אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער און מיט אַ געגנאַדע־שאָס דערשאָסן די זקנה. אויף דער ברייטער גאַס, אָנהייבנדיק פון גרויסן בית־מדרש ביז איבער דער באַלסקער גאַס, זענען געשטאַנען

צונויפגעדריקט די פּאָר טויזנט פלאָצקער יידן, געציטערט פון קעלט און שרעק.

אַרום האַלב־ניין זענען אָנגעקומען די לאַסט־וועגענער. מ׳האָט אָנ־געהויבן שלאָגן מערדערלעך, יאָגן צו די לאַסט־וועגענער. די מאַסע האָט זיך געשפּאַרט איינס אין אַנדערן, מיט די פּעקלעך אין דער האַנט. געוויינען, געשרייען, ווילדע קולות פון די געסטאַפּאָ־באַנדיטן. שווער צו פאַרשטייז, ווי אַזוי מיר זענען נישט אַראָפּ פון זינען.

אַן אַלטער ייד איז געשטאַנען אויפן וואָגן, די ווייסע באָרד איז רויט געווען פון בלוט, וואָס איז גערונען פון זיין געשפּאָלטענעם קאָפּ. די אויגן — פאַרגאָסן. ער האָט געציטערט, ווי אַ בלאַט. און דער זקן האָט אויסגע־שריגן מיט אַ ווילד קול:

— רבונו של עולם, ווו איז דיין מידת הרחמים... לת־דין ולת־דין...

און ער האָט זיך צעוויינט ווי אַ קינד.

עטלעכע שעה האָט געדויערט דער שווידערלעכער פּאָגראָם. די לאַסט־אויטאָס האָבן זיך גערירט, געפאָרן איבער די אַלטע פּוילישע וועגן, ביז די צונויפגעפּרעסטע יידן־מאַסע איז פאַרפאָרן ביזן שטעטל דזשאַלדאָוואָ. אויך ביים אַראָפּשטייגן פון די לאַסט־אויטאָס, זענען געפאַלן קלעפּ, נאַגייקעס. פיל זענען דערשטיקט געוואָרן, און מ׳האָט זיי אַראָפּגעטראָגן. די אַלע זענען אַריינגעשפּאַרט געוואָרן אין די פערד־שטאַלן, איינס אויפן אַנדערן, ווי מיסט.

אַזוי האָבן די יונקערישע שטיוויאַליעס געטרעטן איבער די יידן. דאָס איז דאָס פאָלק פון געטע, שילער, קאַנט, געקומען אויסראָטן אונזער געביין אויף דער אַלטער פּוילישער ערד, אונזער טויזנט־יאָריק לעבן. זיי האָבן באַפוילן אויסצוגראָבן צוויי לאַנגע, טיפע גריבער, ביי דער זייט באַשטעלט מיט לאַנגע דרענגער. דאָס איז געווען דער „אַבאָרט" פאַרן מענטשלעכן געברויך, פאַר מענער און פרויען. זיי האָבן זיך איזדעקעוועט מיט אונזערע מענטשלעכע געפילן. אין דעם שמוץ זענען מיר געזונקען ביז מען האָט אונז טראַנספּאָרטירט קיין סטאַראַכאָוויעץ, ראַדאָמער קרייז.

אין סטאַראַכאָוויעץ האָב איך זיך באַקענט מיט אַ רב, וואָס מ׳האָט אים גערופן „דער קראָשניעוויעצער". אין פרייע מינוטן האָב איך זיך גע־טראָפן מיט אים און מיר זענען געוואָרן ידידים.

די אויסראָטונג פון די יידן אין סטאַראַכאָוויעץ איז פאָרגעקומען אין אָקטאָבער 1942. מיט פיל מי, גאָלד און געלט איז געלונגען דעם יודן־ראָט דעם רבין צו פאַרשטעקן פון דער אַרבעט אין דער גרויסער אַמוניציע־פאַבריק. ער האָט זיך געפונען מיט אונז אין אַרבעטס־לאַגער, אַ פּאָר קי־לאָמעטער פון שטעטל. מען האָט זיך באַמיט אים אויסצוהיטן פון שווערער אַרבעט, פון די סעלעקציעס, וואָס האָבן אָפט געלויערט. ער האָט אויך נישט געהונגערט. מיר האָבן זיך אָפט געטראָפן און באַקלאָגט צוזאַמען אונזער גרויסן חורבן שלישי.

אין חודש יוני, 1943, נאָך אַ שווערן טאָג פון 12 שעה אַרבעט אין דער אַמוניציע־פאַבריק, נאָך די קלעפּ פון די אוקראַינישע פּאָליציסטן, צוליב אַ מעסער, וואָס כ'האָב צעבראָכן ביי אַ מאַשין, וואָס האָט געשניטן און געשיילט די עטלעכע און זיבעציק קילאָדיקע שטיקער שטאָל, צוצו־גרייטן די 150־מילימעטערדיקע האַרמאַטן־קוילן, האָב איך באַגעגנט מיין פריינד, דעם רבין. אין באַראַק האָב איך אים געטראָפן, ליגן אויף אַ פּריטשע, און ער האָט געוויינט. ווען ער האָט זיך באַרואיקט, האָט ער מיר שטיל געזאָגט:

— היינט ביינאַכט איז שבועות. ווי איז צו אונזער דור, וואָס האָט דאָס דערלעבט. די שערי רחמים זענען געשלאָסן... רבונו של עולם, פאַר־וואָס קומט אונז אַזאַ ביטערע שטראָף?...

יעדעס וואָרט זיינס האָט מיך געברענט.

— קום אַהער, זעץ זיך — האָט ער געזאָגט.

ער האָט מיר געגעבן אַ כזית ברויט און געפּרעפּלט שטיל:

— זיי זיך מכוון. איך וועל מאַכן קידוש...

ווען ער האָט אויסגערעדט „אשר בחר בנו מכל עם”, האָבן מיר זיך צעוויינט. אין באַראַק איז געווען שטיל. אונזערע שקלאַפן־ברידער זענען געשלאָפן מיט אָפענע מיילער, מידע, מיט ווייטיקלעכע גרימאַסן אויף זייערע בלייכע פּנימער, ווי מאַסקעס. מיר האָבן זיך געטיילט מיט די זכרונות פון אונזערע אַמאָליקע שיינע יום־טובים. אין דעם מאָמענט האָב איך געשלאָסן די אויגן און געוואָלט פאַרגעסן אויף אַ ווילע דעם פינצטערן יום־טוב, וואָס מיר לעבן איבער אין לאַגער סטאַראַכאָוויעץ. מיר האָבן

זיך מיט דער פאַרשטעלונגס־קראַפט באַמיט אויפצולעבן ווי ס'האָט אויס־געזען אַ יום־טוב אין מיין קליין שטעטעלע גלינאָוויעצק:

ס'איז ערב שבועות. דאָס שטעטל איז באַקליידט אין גרינס און קאָ־ליריקע בלומען. אויף די ביימער טאַנצן, זינגען פייגעלעך און טרעלן אויס זייערע פרילינגס־סימפאָניעס. די בעז־ביימער שטייען צעבליט, זיי פאַר־שפרייטן מחיהדיקע ריחות.

באַשע קאָהן לויפט אַדורך דאָס געסל אַ צעפלאַמטע זי שרייט אַריין אין אָפענעם פענצטער — שמעון! — צוליב פּרנסה, וועל איך חלילה, פאַרשפעטיקן אַריינברענגען דעם יום־טוב. שלום סאָקאָלאָווסקי קומט אָן מיט אַ באַמעלטע מאַרינאַרקע, קוקט זיך אַרום און אײַלט אין זיין פאַרטער שטיבל. די מאַמע פאָרעט זיך ביי דער קיך. אַ שטאַרקע היץ זעצט פון די ברענענדיקע קוילן. זי רוקט און טוישט די טעפּ פון פייערקעס, אויף אירע באַקן רויטע פלעקן, אַריבערגעבויגן איבער די קיך באַוועגט זי זיך אַ פאַרטראַכטע...

די זון נויגט זיך צו מערב. העלע רויטע פאַרבן באַמאָלן דעם הימל. אַ גרויסע קופערנע רייף הייבט אָן זיך צו טונקען. זי באָדט זיך אין שטילן קלאָרן טייכל... שטיקער גאָלדענע פלאַמען טובלען זיך — זיי קילן זיך ווערן בלייכער און פאַרגייען. דער ערב יום טוב שלייכט זיך אַריין מיט שלוה־דיקע טריט. די יידישע שטיבלעך, זענען באַצירט מיט לאַנגע בלישטש־בלעטער, וואָס וואַקסן ביי די ברעגעס פון טייכל.

אונזער הויז, טונקט זיך אין גרין פון פאַרשידענע ניואַנסן. די בעז־בלומען זענען צעשטעלט אין יעדן שטיבל. דער טאַטע, קומט אַריין פון שלאָף־צימער אויסגעפּוצט אין בגדי מלכות. אַ גרויע געהאַקטע קאַפּאָטע, די געלע באָרד מיט די דורכגעוואָרפענע זילבער־פעדים, איז צעקעמט אין צוויי שפּיצן. די בלויע אויגן בליקן פייערלעך דורך די גאָלדענעברילן.

די מאַמע, אַזאַ שטילע, אַ בנעומותדיקע, טראָגט אַ לייכט געבלימלט זומער קליידל, זי גרייט צו דעם הויכן זילבערנעם קאַנדעלאַבער מיט די פינף ליכט, וואָס דער ראַדזימינער רבי האָט באַפוילן זי זאָל בענטשן אין זיי, באַלד נאָך מיין געבורט.

מ'גרייט זיך אַריינצוגיין אין קליינעם בית־מדרשל אין אונזער הויף. אויך דאָס בית־מדרשל איז אויסגעפּוצט אין גרינס. איינצלנע מתפללים האָבן זיך מקדים געווען צום יום טוב.

דער ערשטער טאָג שבועות. ס׳איז פאַר זון־אויפגאַנג. אַ זיסע שלווה איז פאַרשפּרייט איבער דער שטוב. איך בין שוין געווען האַלב וואַך. דער טאַטע אין זיידענעם כאַלאַטל, איז געזעסן און געזאָגט תיקון מיט אַ מתיקות וואָס איז מיר אַריינגעדרונגען אין דער נשמה: די האַרציקע נאָגענדיקע טענער דורכגעוויקט מיט עצבות און טרערן — באַגלייט אין דעם הער־לעכן פרימאָרגן מיט דעם טשוויטשערן פון די פייגל. זייערע זיסע טרעלן, מיין סאַטנס שטילע געזאַנגען, וועלן מיך באַגלייטן אויף מיין לעבנס־וועג, ביז מיין לעצטן אָטעם־צוג.

אין יולי 1944 איז דער לאַגער ליקווידירט געוואָרן. אַלע מענער, פרויען און קינדער זענען טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ־ביר־קענאו. דעמאָלט האָב איך פאַרלוירן די שפּורן פון קראַשניעוויעצער רבין. דאָס זענען געווען שרעקלעכע טעג, וואָס האָבן מיך געמאַכט פאַרגעסן נישט נאָר פון באַקאַנטע, פריינד, נאָר אויך פון מיין אייגענער עקזיסטענץ.

אין 1947, שוין זייענדיק אין פּאַריז, קומט מיר אָוונט צייט אַנטקעגן אויף די בולוואַרן אַ מאַן מיט אַ שוואַרצער באָרד. ער פאַרהאַלט זיך און קוקט מיך אָן אויפמערקזאַם. מיט פריידיקע געשרייען, פאַלן מיר זיך אין די אָרעמס און צעוויינען זיך. די דורכגייער פאַרהאַלטן זיך אַ ווײַלע, צו אָבסערווירן אונז. אונזער פרייד איז אין לשער. מען ווייסט נישט פון וואָס פריער אויסצופרעגן זיך. יעדער דערציילט זיין מאַרטירער־וועג, ביז דער באַפרייאונג. אין זיין וווינונג, אויפן „פּלעצל״, שטעלט ער מיר פאָר זיין רביצין. ער האָט חתונה געהאַט מיט איר אין אַ לאַגער, אין דייטשלאַנד, נאָך דער באַפרייאונג.

ביז שפּעט אין אָוונט האָבן מיר שפּאַצירט איבער די רוישיקע פּאַ־ריזער גאַסן. ער האָט געעפנט זיין האַרץ פאַר מיר:

— געדענקסט די רביצין... אין סטאַראַכאָוויעץ... די טייערע אשת חיל... און מיינע טייערע קינדערלעך... יומם ולילה שטייען זיי מיר פאַר מיינע אויגן... כ׳האָב אויפסניי חתונה געהאַט. אַ ייד און אַ מענטש, בדרך הטבע, דאַרף נישט זיין אַליין... וואָס זאָל איך דיר זאָגן? כ׳קען זיך קיין אָרט נישט געפינען. די רביצין ליידט און איך אויך. כ׳בין באַהערשט פון אַן עצבות. וואָס טוט מען? כ׳ווייס, עס איז די גרעסטע זינד. איך קען זיך נישט באַהערשן און באַפרייען. צי זענען דאָס די יאָרן פון גיהנום? צי האָבן מיר פאַרלוירן אונזער מענטשלעכן גלייכגעוויכט? זאָג מיר שלמה

— האָט ער געדריקט מיין האַנט — ווי קען איך מיר העלפן ?... האָט ער געפּליסטערט, זיינע שוואַרצע אויגן האָבן זיך באַזילבערט...

די ליכטער אין די שפּעטע אָוונט־שעהן האָבן זיך גענומען לעשן. אויטאָס זענען אָנגעפלויגן מיט אַ רעש. אַ פריילעכע יוגנט האָט אָנגעפילט די גאַס מיט הייטערקייט. אַ יונג פראַנצויזיש מיידל כאַפּט אָן מיין אָרעם, שמייכלט קאָקעטיש :

— קומט מיט מיר !... — לעבן זאָל אונזער פרייהייט !...

צווישן אַזאַ זאָרגלאָזער יוגנט, אין די ליכטיקע פּאַריזער גאַסן, גייען מיט געבראָכענע טריט צוויי אויסגעליטענע יידן, וואָס קומען פון סאַמע גיהנום. זיי ווערן צעריסן פון די קאָשמאַרן, וואָס מאַטערן זיי נאָכאַנאַנד, פאַרפאָלגן זיי. זיי האָבן געזען ווי מ'האָט זייער אומגליקלעך פאָלק גע־פירט צו די גאַז־קאַמערן. ווער קען אונז פאַרשטיין ? ווער וויל אונז פאַרשטיין ? מיר האָבן זיך צעשיידט אין דער רוישיקער גאַס, און ער האָט מיר נאָכגעשריגן :

— כאַפּט זיך אַריין צו מיר.

ס'האָט זיך געדוכט, אַז אַ שטיקל טרייסט איז פאָרט געקומען פאַרן יידישן פאָלק. אין 1948 איז אַנטשטאַנען די יידישע מדינה. די „אָנו” אין לייק סוקסעס האָט אונז געגעבן די סוווערעניטעט, אָבער באַלד האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט די מלחמה. זיבן אַראַבישע אַרמייען זענען אויפגע־שטאַנען אונז ווידער דערטרינקען אין בלוט. דאָס זענען געווען היטלערס תלמידים. זיי זענען געקומען, די אַראַבישע באַנדיטן, מיט זייערע קרומע מעסערס, צו פאַרענדיקן דאָס, וואָס די נאַציס האָבן אָנגעהויבן. און די וועלט ? וווּ איז געווען די וועלט ? זי האָט זיך ווידער, ווי אין דער צייט פון היטלערן, ימח שמו, גלייכגילטיק צוגעקוקט און מיט גאָרנישט רעאַגירט. זעט אויס, אַז די זעקס מיליאָן קרבנות זענען נאָך צו ווייניק געווען פאַר זיי. עס שוועבט אַ קללה אויף די ליפּן פאַר די באַנדיטן און זייערע צו־העלפער.

כ'בין נאָך אַמאָל געקומען אַ קלאַפּ טון אין דער טיר פון מיין חבר, דעם קראַשניעוויצער רבין. די רביצין האָט אויפגעמאַכט די טיר. זי האָט מיר דערציילט, אַז שוין אַ פּאָר וואָכן ווי דער רבי איז אַוועקגעפאָרן. זי גלויבט, אַז ער איז אין ישראל... און אַ טרער האָט געציטערט אויף איר וויע. מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט פון דעם אומ־

גליק. דער רבי איז געווען אין ירושלים. גייענדיק אין אָוונט אויף דער גאַס, האָט אַ פאַרבלאָנדזשעטע קויל אים געטראָפן און ער איז געפאַלן. ווען מען האָט אים געבראַכט אין שפיטאָל, צו אָפערירן, איז ער אויס־געגאַנגען.

זיין טויט האָט זיך געלייגט אויף מיין געמיט ווי אַ שווערער שטיין. מיט ווייטיק האָב איך זיך דערמאָנט זיין פרוי און זיינע קינדער, אומגע־בראַכט אין אוישוויץ. זיי זענען אים שטענדיק געשטאַנען פאַר די אויגן, און דאָס האָט אים פאַרפאָלגט, אַז ער האָט זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. ער האָט פאַרלוירן זיין גלייכגעוויכט. דאָס, וואָס היטלער האָט נישט באַוויזן, האָט אַ פינצטערע באַנדיטישע קויל פון די אַראַבער, פאַר־ענדיקט, און אומגעבראַכט אַן אײדעלע יידישע נשמה.

איך דערמאָן דעם קראָשניעוויצער רבין מיט טיפן צער און ווייטיק.

ויצרור בצרור החיים את נשמתו, עם כל הקדושים וטהורים.

## דער אומקום פון מיין ברודער יעקב-אריה

אין מאַי 1943 האָט היטלערס מלחמה־מאַשין, נאָכן טויט־קלאַפּ ביי סטאַלינגראַד, זיך אָנגעהויבן ברעכן. אין זיינע האָפּערדיקע, היסטערישע רעדעס, מיט די אויסגעשרייען: הייל, זיג! האָט ער געוואָלט פאַרשיכורן זיך און די דייטשע מאַסן. נאָר די מער ניכטערע גענעראַלן האָבן פאַרשטאַנען, אַז היטלער וועט איינגיכן ברעכן דעם קאַרק, און דעם רוסישן בער וועט מען אַזוי לייכט נישט בייקומען. דערפאַר האָט ער זיין גאַנצן צאָרן אויסגעגאָסן אויף אונז, געפּייניקטע שקלאַפן. יידן זענען אומגעקומען מאַסנוויז אין די לאַגערן, צעזייט איבער פּוילן, דייטשלאַנד און אַנדערע פאַרשקלאַפטע לענדער.

אין דער צייט האָבן מיר זיך געפונען אין סטאַראַכאָוויעץ, ראַדאָמער־קיעלצער קרייז. דאָרט האָבן זיך געפונען די פאַבריקן, וווּ מ׳האָט אויסגעאַרבעט פאַרשידענע קאַליבערן קוילן צו האַרמאַטן. מיר האָבן געבלוטיקט ביי דער שקלאַפן־אַרבעט. מען האָט געשלעפּט די רויע שטיקער אייזן־ברוך, וואָס האָבן געוויגן ביי אַכציק קילאָ, צוגעפירט צו די ריזיקע שייל־מאַשינען; אויפגעהויבן די שווערע שטיקער אייזן, איינגעשרויפט זיי אין די מאַשינען, און די שאַרפע, שטאָלערנע מעסערס האָבן געשיילט, געשניטן, געשפּריצט מיט פונקען און שפּילטערס.

12 שעה אַ טאָג האָט מען געאַרבעט און באַקומען אַ מאָגערע פּאָרציע ברויט מיט אַ וואַסערדיקער זופּ. די אוקראַאינישע וואַכלייט האָבן ביי יעדער געלעגנהייט מערדערלעך געשלאָגן. דער לאַגער האָט זיך געפונען אַ פּאָר קילאָמעטער פון שטעטל. אין סאָסנע־וואַלד זענען געווען אויסגעהאַקט דיביימער. נאָך אין 1942 זענען צוגעגרייט געוואָרן די באַראַקן. דער לאַגער־קאָמאַנדאַנט, אלטאוו, אַ דעגענעראַט, אַ פינצטערע חיה, אַ משוגע־נער, האָט געשלאָגן און פאַרפּייניקט צום טויט. דאָס זענען געווען זיינע טעגלעכע פאַרווילונגען, צו שטילן זיין סאַדיזם.

איינמאָל קומט ער אין לאַגער און באַפעלט אָפּצוטיילן אין אַ באַזונדערן באַראַק די אָפּגעשוואַכטע פון דער אַרבעט, געבן זיי בעסער צו עסן. און דער דאָקטאָר זאָל זיי גוט באַטראַכטן. עטלעכע צענדליק זענען זיי געווען די שוואַכע יידן, וואָס האָבן אָוועקגעלייגט זייערע כוחות ביי דער שקלאַפּן־אַרבעט. זיי זענען געווען פאַרזאַמלט אין באַראַק. ווען דער מערדער אלטאוו איז פלוצים געקומען און זיי אַלע אויסגעמאָרדעט מיט אַ מאַשין־געווער. זיינע אכזריותדיקע מערדערייען האָבן אין קעלץ, ביי די הויפּט־באַנדיטן אַרויסגערופן פּראָטעסטן, ביז מען האָט אים באַזייטיקט.

— מערדערייען, סעלעקציעס, טיפוס־עפּידעמיעס, הונגער אַ געמיין הינטיש לעבן — די אַלע מכות האָבן געשניטן מיטן מלאך־המוות־שווערד די אומגליקלעכע יידן. דער קליינער בית עולם אין סטאַראַכאָוויעץ, האָט זיך פאַרגרעסערט. אויף די קברים זענען געלעגן קליינע, שטומע שטיינער, זיי האָבן אויסגעשריגן אונזער גרויסע, בלוטיקע טראַגעדיע.

דער נייער לאַגער־קאָמאַנדאַנט האָט זיך באַצויגן צו אונז אַביסל בעסער. די יידישע פאָרשטייער פון לאַגער האָבן געפונען די שפּראַך, ווי אַזוי זיך מיט אים צו פאַרשטענדיקן. מען האָט אים אונטערגעטראָגן ווערטפולע מתנות, און מען האָט אַביסל לייכטער אָפּגעאָטעמט. אויך די אוקראַינישע רוצחים האָבן זיך געשטילט, ווייניקער געשלאָגן און אָוועקגעקוקט אויף פיל זאַכן. אויך זיי האָט מען געמוזט אונטערשמירן מיט מתנות. אין דעם לאַגער זענען נאָך געווען גאַנצע משפחות, פרויען מיט קינדער, מיט דער דערלויבעניש פון די באַנדיטן. זיי האָבן אָבער שטרענג געהיטן די באַראַקן, קיין מענער זאָלן זיך דאָרט נישט געפינען.

איצט ווען ס'האָט געבלאָזן אַ מילדערער ווינט, זענען די מענער אָפּט געקומען אין די משפחה־באַראַקן און אפילו פאַרבליבן ביז שפּעט אין דער נאַכט. מענער וואָס די פרויען זייערע זענען דעפּאָרטירט געוואָרן אָדער אומגעקומען אין טרעבלינקע, האָבן גענומען דאָס לעבן אַזוי ווי עס איז. זיי האָבן זיך איינגעשאַפן „קוזינקעס" דאָס איז געווען די ספּעציעלע לאַגער־שפּראַך, בנוגע די פרויען, וואָס זענען אינטים פאַרבונדן געווען מיט אַנדערע מענער.

ס'האָבן זיך אויך געשאַפן היימישע קוכן, ווער עס האָט געהאַט געלט האָט געקענט שטילן דעם הונגער מיט אַ געשמאַקן מיטאָג.

אין יענע טרויעריקע באַדינגונגען, צווישן דייטשישע און אוקראַיני־

שע מערדער, ווייל איך אויך דערמאָנען איינעם אַן אוקראַינער, וואָס האָט אַרויסגעוויזן גרויס מענטשלעכקייט, אַ וווּנדערבאַרע געשטאַלט. אים דאַרף מען נישט נאָר באַצייכענען, ווי איינער פון די חסידי אומות העולם, נאָר אַ מלאך אין געשטאַלט פון אַ מענטש. אין לאַגער, האָבן מיר אים גערופן דער „למד־וואָווניק"... איך שעם זיך נישט עס מודה צו זיין, אין דער פינצטערער וועלט פון שנאה, וואָס האָט אונז אַרומגערינגלט האָבן זיי זיך נישט געקענט דערוואַרטן אויף אונזער פיזישער פאַרניכטונג, האָב איך אַנדערש נישט געקענט טראַכטן. אין אונזער יידישער לעגענדע, זענען דאָס די בעסטע, הייליקסטע מענטשן... ל"ו, דאָס הייסט 36 זיי ציען אַריבער אויף דער וואָג־שאָל דאָס שלעכטס פון דער גאַנצער וועלט, זי זאָל קענען עקזיסטירן.

ער איז אַלט געווען אַ פּאָר און צוואַנציק יאָר. שלאַנק, גוטמוטיקע העל־בלויע אויגן און אַ וווּנדערבאַר האַרץ. ער האָט געוויטיקט צוזאַמען מיט אונז פון אונזערעליידן, עס זענען דאַן געווען צייטן פון פּיין און יסורים. ער האָט זיך נישט באַהאַלטן, געווען אומדערשראָקן אויסצודריקן זיינע וואַרעמע מיטלייד־געפילן. ער האָט אונז געהאָלפן מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט, געהיים אַריינגעבראַכט אין לאַגער אַביסל שפּייז, געלאָפן אין שטאָט ברענגען מעדיקאַמענטן פאַר שווער־קראַנקע. ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז עפּעס דאַרף פּאַרקומען, איז ער געקומען צולויפן אונז וואָרע־נען. ער איז געווען אַ ליכטיקער שטראַל אין אונזער פינצטער לעבן. אויב ער איז נאָך ביים היינטיקן טאָג ביים לעבן, ווו ער זאָל זיך נישט געפינען, זאָלן אים מיינע ווערטער מיט בענטשונג דערגרייכן.

מיט דער דערלויבעניש פון לאַגער־קאָמענדאַנט, האָבן מיר פון צייט צו צייט אָרגאַניזירט קליינע קאָנצערטן, צו טרייסטן אַביסל, אונזערע געפּייניקטע ברידער און שוועסטער. דער פריזירער פון לאַגער האָט גע־שפּילט פידל, אַנדערע האָבן דעקלאַמירט. ס'איז געווען איינער — כ'דער־מאָן זיך נישט זיין נאָמען — אַ באַוווּסטער פּיאַניסט, וואָס האָט אַליין גע־שאַפן קאָמפּאָזיציעס. ער האָט אויך פּאַרמאָגט אַ טאַלענט אויסצוטרעלן ווי אַ קאַנאַריק, די שווערסטע קלאַסישע קאָמפּאָזיציעס. עס איז געווען צו באַוווּנדערן, ווען ער האָט אויסגעטרעלעט דעם באַוווּסטן „טשאַרדאַש" פון מאָנטי, די מענטשן זענען געווען ווי היפּנאָטיזירט.

צום סוף, האָט דער שרייבער פון די שורות — געזונגען „אלי אלי,

למה עזבתני״, מיט אַזאַ איבערלעבונג, אַז אַלע פאַרזאַמלטע האָבן זיך גע־שטיקט מיט בלוטיקע טרערן.

***

מיטן פריזירער בין איך געווען זייער באַפריינדעט. (איך גלויב, אַז ער האָט איבערגעלעבט די מלחמה). געווען אַ פּשוטער האַרציקער מענטש, אַרויסצוהעלפן אַ חבר איז פאַר אים געווען אַ הייליקע זאַך. פול מיט צרות פון אונזער חורבן, האָט דאָך געשפּילט אַ שמייכל אויף זיין פּנים. אין פרייע מינוטן האָבן מיר זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל און ער האָט מיר דערציילט פון זיין משפּחה, פון זייער היים, וועגן זיין שוועסטער, וואָס ער האָט זי שטאַרק ליב געהאַט. דאַן האָט פון זיינע אויגן אַ פלייץ גע־געבן אַ טרויער, ער האָט זיך צעשריגן ווי אַ פאַרוווּנדעטע חיה:

— מאָשקאָוויטש! לאָמיר בעסער אויפהערן צו רעדן און טראַכטן. איך פיל ווי איך ווער משוגע... — אַרויסגעלאָפן און פאַרשוווּנדן צווישן די באַראַקן.

עס זענען יעדן טאָג אומגעקומען מענטשן, און מיט דער צייט האָבן געגומען אויספעלן אַרבעטס־הענט. הונגער, עפּידעמיעס, האָבן שיטערער געמאַכט אונזערע רייען. מען האָט געבראַכט מענטשן פון אַנדערע לאַגערן, וואָס זענען ליקווידירט געוואָרן, קיין סטאַראַכאָוויץ.

איינמאָל אין אַן אָוונט, בין איך אַריינגעקומען צו מיין חבר דעם פריזירער, האָב איך געטראָפן פרישע פּנימער. דער פריזירער באַגריסט מיך היימיש — האַלאָ! — וואָס מאַכסטו מאָשקאָוויטש?! — עס זיצט אַ מאַן, ווען ער הערט מיין נאָמען זאָגט ער:

— אייער נאָמען איז מיר באַקאַנט.

— פון וואַנען? — פרעג איך.

— איך בין געווען אין אַ לאַגער אין ביאַלאַ־פּאַדלאַסקאַ. דאָרט האָב איך באַקאַנט איינעם, וואָס האָט זיך אויך גערופן מאָשקאָוויטש. ער איז געווען אַ שניידער, האָט נאָר גערעדט וועגן זיין משפּחה אין שטעטל — אַ טאַטע — אַ מאַמע — און צוויי ברידער, ער האָט שטיל צוגעגעבן — ער איז טראַגיש אומגעקומען... זיינע לעצטע ווערטער האָבן מיך אַנגעהויבן דריקן ווי שווערע קלעצער...

מיין לעצטע פראַגע האָב איך אַרויסגעפּרעפּלט מיט אַ ציטער:

— צי האָט ער אייך געזאָגט, ווי מען האָט זיינע עלטערן גערופן?

— זיכער — ענטפערט יענער — דער טאַטע שמעון, די מאַמע, רחל, דער עלטסטער ברודער, שלמה־שיע, דער יינגסטער, בערעק...

— אַ דערשטיקט געשריי! — האָט אויפגעציטערט אין פריזיר שטיבל. בלוטיקע טרערן, האָבן געפּלייצט פון מיינע אויגן. מיין גוף קאָרטשעט זיך אין קאָנוולסיעס. דערשיטערט, ביז די טיפענישן פון מיין נשמה, האָב איך באַוויינט מיין טראַגיש אומגעקומענעם ברודער.

דער מאַן וואָס האָט מיר געבראַכט די איוב־בשורה, איז אַליין אויך געווען צעטרייסלט, פון דעם אומדירעקטן צער, וואָס ער האָט מיר פאַר־שאַפן. ווען איך האָב זיך באַרואיקט, האָב איך אים געבעטן ער זאָל מיר דערציילן מיט אַלע פּרטים, ווי אַזוי דאָס אומגליק איז געשען, און ער האָט עס מיר דערציילט: ווען ער איז אָנגעקומען אין לאַגער פון ביאַלאַ פּאָדלאַסקאַ, איז אים ביי דער אַרבעט צעריסן געוואָרן די הויזן, האָט מען אים געשיקט אין שניידער־וואַרשטאַט צו פאַריכטן. דאָ האָב איך באַקענט אייער ברודער, זיך מיט אים באַפריינדעט. ער איז געווען דער אָנפירער פון וואַרשטאַט, האָט געניי̆ט פאַר די ס.ס.־באַנדיטן. אין דער פרייער צייט האָט ער געשפּילט פאַר זיי פידל, געזונגען. ס'איז אים אפילו נישט שלעכט געווען, האָט ווייניקער געהונגערט, געווען כמעט פּריווילעגירט.

— אין דעם לאַגער, ווו ס'זענען אויך געווען פרויען, האָט אייער ברודער געהאַט אַ פריינדין, אַ שיינהייט. די יידן האָבן אויך געאַרבעט אויסערן לאַגער, געווען אין קאָנטאַקט מיט דער אַרומיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג. אייער ברודער האָט פיל געהאָלפן אונז אין לאַגער, ווייל ער האָט געהאַט די מעגלעכקייט, מען האָט אים טאָלערירט, ווען ס'פּאַסירט נישט דאָס אומגליק...

און דער ייד האָט ווייטער דערציילט, אַז ווען עס איז אויסגעבראָכן אין לאַגער אַ טיפוס־עפּידעמיע, האָבן זיי אים געוואָרנט ער זאָל נישט זיין אין קאָנטאַקט מיט זיין באַקאַנט מיידל, ביז די עפּידעמיע וועט אַדורך. ער איז אָבער געווען אַזוי פאַרליבט, אַזוי עקשנותדיק, און זיך ווייטער מיט איר געטראָפן.

דערזוויל איז אַן ס.ס.־מאַן קראַנק געוואָרן. איז געקומען אַ מעדיצי־

נישע קאַמיסיע און האָט פעסטגעשטעלט: טיפוס. האָבן זיי באַפוילן, אַז די אַלע, וואָס זענען אָנגעשטעקט מיט דער קרענק, זאָלן דערשאָסן ווערן. און אויך אייער ברודער איז געווען צווישן די אומגליקלעכע. דאָס איז געשען אין פרילינג פון יאָר 1943...

אין שטיבל ביים פריזירער איז געווען פינצטער. אַ האַלבע לבנה האָט שוואַך אַריינגעשיינט און באַלויכטן אונזערע פּנימער. אין דער טויטער שטילקייט האָט מען געהערט דאָס קלאַפּן פון אונזערע הערצער. די שטילקייט איז איבערגעריסן געוואָרן, ווען דער לאַגער־פּאָליציאַנט האָט גערופן צו דער אַרבעט פון דער נאַכט־שיכט.

אַ פּאָר צענדליק זענען מיר געווען פאַרזאַמלט, צו פיר אין דער רייע. דער לאַגער־טויער האָט זיך געעפנט מיט אַ סקריפּ און האָט זיך אַריינגעשניטן אין אונזערע לייבער. די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. עס זענען געווען די לעצטע נעכט פון שיינעם חודש מאַי 1943. מיר זענען אָנגעקומען אין אַ סאָסנע־וואַלד. אַזוי ווי די דייטשן האָבן זיך שטאַרק געשראָקן פאַר די אַקציעס פון די העלדישע פּאַרטיזאַנען, וואָס זענען אין יענער צייט שוין געווען אַקטיוו, האָט דער עלטסטער באַפוילן:

— זינגען!

אַ געזאַנג געמישט מיט דערשטיקטע געוויינען, האָט אויפגעכאַפּט דער וואַלד־עכאָ און געלאָזן זיך ווייט הערן אין דער פינצטערער נאַכט. מיר זענען געגאַנגען צו דער 12־שעהדיקער שקלאַפּן־אַרבעט אין דער סטאַראַכאָוויצער אַמוניציע־פאַבריק.

# פון סטאַראַכאָוויעץ קיין בירקענוי - אוישוויץ

סוף יולי 1944 האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז דער שקלאַפן־לאַגער סטאַראַכאָוויעץ, מיטן נאָמען „יולאַג נומער 2״, דאַרף אין קורצן ליקווידירט ווערן. קנאַפּע צוויי יאָר האָבן מיר דאָרט געאַרבעט, געבלוטיקט, געהונגערט, דורכגעמאַכט עפּידעמיעס, טויט־סעלעקציעס און פאַרזייט אַ בית־עולם פון אונזערע ברידער און שוועסטער. אין לאַגער זענען געווען אַזעלכע, וואָס זענען געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיטן פאַרטיזאַנער־שטאַב אין דער אַרומיקער געגנט, רייך אין טיפע, געדיכטע וועלדער. זיי האָבן שוין געהאַט באַוויזן צו מאַכן דרייסטע, העלדישע אָנפאַלן אויף די דייטשן.

ווען אין דעם סטאַראַכאָוויצער לאַגער וואָלטן נישט געווען אַזויפיל עלטערע מענער, פרויען און קינדער, איז געווען אַ פּלאַן פון פאַרטיזאַנער־שטאַב אָנצופאַלן אויפן לאַגער און אים באַפרייען. מ׳ט אָט דער מאָראַל האָט מען אונז כסדר געשפּייזט, כדי אונטערצוהאַלטן דעם מוט. עס זענען אויך געקומען אונטערערדישע נייעס, אַז די רוסישע אָפענסיווע האָט דורכגעבראָכן דעם דייטשן פראָנט אין וויכטיקע סטראַטעגישע פּונקטן, און די רוסן שפּאַרן ווי אַ פייער־לאַווע פאָראויס.

ס׳איז געווען אין אַ הייסן יולי־פאַרנאַכט, ווען מען האָט אונז באַפוילן צו פאַרזאַמלען זיך אויפן אַפּעל־פּלאַץ. די קלאַנגען, וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט, זענען געווען סתירהדיק. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן באַקומען ידיעות פון גאָר זיכערע קוועלן, אַז מיר פאָרן אין אַן אַנדערן לאַגער, אין דייטשלאַנד. אייניקע ווידער האָבן באַשטעטיקט מיט זיכערקייט, אַז מען פירט אונז אַוועק צום אויסשיסן. אַ פּאָליאַק האָט צווייסן געגעבן, אַז ער האָט אין וואַלד געזען פאַרמאַסקירטע אויסגעגראָבענע לאַנגע,

טיפע גריבער. פאַר וועמען זענען די גריבער צוגעגרייט, אויב נישט פאַר אונז?

מיט אָט די טרויעריקע געדאַנקען איז יעדער פון אונז געשטאַנען, דעם קאָפּ אַריינגעצויגן אין די אַקסלען, גרייט צו דער שחיטה. אָן דעם מינדעסטן געדאַנק קעגנצושטעלן זיך. צעבראָכענע, רעזיגנירטע, זענען מיר געווען פאַרזאַמלט אין דעם שיינעם יולי־פאַרנאַכט, אַרומגערינגלט מיט וואַלדיקע סאָסנע־ביימער, וואָס האָבן זיך לייכט באַוועגט אונטערן מילדן ווינטל. די זשיווע־ריחות האָבן זיך געשמאַק געלאָזן איינאָטעמען.

מיר האָבן געהערט ווי עס דערנענטערט זיך אויף דער באַן־ליניע אַ סאַפּענדיקע לאָקאָמאָטיוו, וואָס האָט געשלעפּט הינטער זיך אָפענע און פאַרמאַכטע וואַגאָנען מיט קליינע פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך. דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך פאַרהאַלטן נישט ווייט פון אַפּעל־פּלאַץ אויף ספּע־ציעל אויסגעלייגטע באַן־שינעס.

אַ הויכער, אויסגעפּאַשעטער ס.ס.־באַנדיט, דער פאַראַנטוואָרטלעכער פון טראַנספּאָרט, איז אָנגעקומען. ער האָט געהאַט שטאָלערנע רוצחישע שליפּיעס. ער האָט באַפוילן אַריינצוגיין אין די וואַגאָנען צו פיר מאָן אין דער ריי. דאָס אויפלאָדענען אונז, ווי די צירק־חיות, איז צוגעגאַנגען שטיל. זיי האָבן קיינעם נישט געשלאָגן, די ס.ס.־וועכטער. מיר זענען אַריין צו אַ פאַר צענדליק אין אַן אָפענעם וואַגאָן. יעדער האָט זיך פאַרקליבן אין זיין ווינקל, פאַרזונקען אין אַ סטאָאישער גלייכגילטיקייט.

ווען דער אָוונט איז צעגאַנגען, איז אַלץ געווען פאַרענדיקט. דער מערב־ראַנד איז מיט פייערדיקע העל־רויטע פאַסן געוואָרן פאַרצויגן. גרויע, זילבערנע וואָלקנדלעך, האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיט די פלאַמען. אַרומגענומען ווי מיט אַ קרוין, איז געהאָנגען אַ העל־בלויער הימל. די וואַלדיקע אָרעמס זענען געשטאַנען שטום, עס האָט אויסגעזען ווי זיי באַ־שיצן די הימלישע פראַכט. פּלוצים, איז די גאַנצע מערב זייט פון הימל געוואָרן פייער־רויט. מיינע אויגן האָבן זיך נישט געקענט אָפּרייסן פון דער הערלעכער נאַטור־שיינקייט, וואָס איז אַזוי גלייכגילטיק צו אונזער אומגליק...

ס'האָט אַ בליץ געטון אין מיין מחשבה: פאַרוואָס?! — פאַרוואָס דערלאָזט עס די הייליקע השגחה? — פאַרוואָס לאָזטו אומברענגען דעם צלם־אלקים, וואָס דו האָסט באַשאַפן?! — אַזוי ברוטאַל, אַזוי אומברחמנות־

דיק, געטרעטן צו ווערן פון די בלוטיקע יונקערישע שטיוול ? — און דו שווייגסט ! — צי איז חלילה פאַרברענט, אויך דיין הימליש קעניגרייך ? !

די נאַכט איז מיטאַמאָל צוגעפאַלן. דער הימל איז געוואָרן טונקל־בלוי. קליינע שאַרפע שטערן האָבן זיך צעלויכטן, אַ פינצטערע נאַכט האָט אונז איינגעהילט. אַ דערשטיקטער „אוי, מאַמע", האָט שווידערלעך אָפּגעקלונגען. — וואָס דערוואַרט אונז ? — האָט געפּיקט, ווען דער געדאַנק איז אויף אַ ווײַלע געוואָרן קלאָר...

אַ שטערן האָט זיך אָפּגעריסן, אַ פּלי געגעבן און אַ סוד די הימלען דערציילט... אַ קליינער בליץ האָט אויפגעשיינט און אויסגעגאַנגען אין דער נאַכטיקער שטילקייט.

***

אַן אויסגעצויגענער פייף פון לאָקאָמאָטיוו, האָט דער וואַלד־עכאָ טרויעריק אויפגעכאַפּט, און די וואַגאָנען האָבן זיך אַ ריס געטון. צוערשט לאַנגזאַם און וואָס אַמאָל שנעלער, אין דער פינצטערער נאַכט אַריין. מיט די ריחות, פון די סאָסנע־וועלדער, אין דער וואַרעמער יולי־נאַכט, האָט זיך אויפגעוועקט דער הונגער. ס'האָט פאַרנומען און געפייניקט דעם גע־דאַנק. מען האָט מער נישט געטראַכט וועגן אונזערן פינצטערן גורל וואָס עס וועט פאַרקומען מיט אונז די היינטיקע נאַכט ? וואָס וועט ברענגען דער מאָרגנדיקער טאָג ? דער מוח איז געווען ווי פאַרנעפּלט. דאָס איז געוואָרן צוגעטראַכט פון דעם קולטורעלן דייטשישן פאָלק. דאָס האָט דאָס פאָלק פון געטע, שילער, מיט זייערע וויסנשאַפט־מענער. זיי האָבן זיך פרייוויליק געשטעלט אין דינסט היטלערן, ימח־שמו מיט זיין באַרבאַרישער קליקע. דער פאַרניכטונגס־פּלאַן איז געוואָרן אויסגעאַרבעט מיט די קלענסטע פּרטים. מיר זענען געווען אין זייערע הענט, צו פאַרניכטן אונז פיזיש און מאָראַליש, אָן שום כוח צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד, ביז זיי וועלן אויספירן זייערע פינצטערע פּלענער אָן שום שטערונג. און דאָס — האָבן זיי אויך געוווסט — די וועלט, וועט מיט קיין וואָרט נישט פּראָטעסטירן ווען עס האַנדלט זיך צו פאַרניכטן יידן...

דער לאָקאָמאָטיוו האָט סאָפּענדיק געשלונגען קילאָמעטערס, אַוועק וואָס ווייטער פון סטאַראַכאָוויעץ (וויעזשבניק), ווו מיר האָבן אָפּגעפּינצ־

טערט 22 חדשים פון רציחה, און אוממענטשלעכע באַדינגונגען; נאָך דער מין־מענטש האָט דאָס געקענט אויסהאַלטן, זיי האָבן אויסגעזאָגט אונזער מאַרך און בלוט. דער ריטמישער טיק־טאַק פון די וואַגאָן־רעדער האָבן אימהדיק געקלאַפּט אין דער פינצטערער נאַכט. מיר זענען געזעסן איינ־געקאָרטשעט אין ענגשאַפט. די הימלען איבער אונז האָבן רואיק געשוויגן ווען עמלק האָט באַהערשט די וועלט מיט אַזאַ סדומישער רשעות, רציחה, וואָס איז נאָך קיינמאָל נישט געזען געוואָרן.

פאַרטאָג ווען די וואַגאָן־רעדער האָבן זיך פאַרהאַלטן, און מיר האָבן אויפגעוואַכט פון קאָשמאַר, האָבן אונזערע הערצער גענומען שטאַרקער קלאַפּן, ווען מיר האָבן געזעען, אַז מ'האָט אונז פאַרשלעפּט ביזן פאַר־ניכטונגס־לאַגער אוישוויץ־בירקענאַו. דאָס לשון איז געוואָרן אָפּגענומען. מיט אויפגעריסענע אויגן, האָבן מיר געקוקט איינער אויפן אַנדערן און פאַרשטאַנען, אַז אונזער גורל איז געחתמעט, דאָ, וועט נעמען אַ סוף פון אונזער הינטיש לעבן.

ערשט שפּעטער, ווען מען האָט אונז פאַרטיילט אין די באַראַקן, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אין די פאַרמאַכטע, ענגע וואַגאָנען ווו זיי האָבן אַריינגעטריבן אונזערע אומגליקלעכע, זענען געווען אַ פּאָר צענדליק טויטע. נאָך דעם שרעקלעכסטן גורל האָט געהאַט אַ פאַרמאַכטער וואַגאָן, ווו די מערדער האָבן אַריינגעשטופּט אָן אַ צאָל יידן. דאָס האָבן אונזערע מערדער צוגעגרייט פלאַנמעסיק. אין דעם וואַגאָן זענען געווען דערשטיקטע, צעטראָטענע. אין די שרעקלעכסטע ליידן זענען זיי אויסגעגאַנגען פאַר אַ שלוק וואַסער. אין דער הייסער יולי־נאַכט האָט דער עיפּושדיקער געשטאַנק פון די מענטשלעכע געברויכן זיי פאַרסמט. זייערע ליידן קען מען נישט איבערגעבן מיט ווערטער. די וועלכע זענען אַרויס לעבעדיק פון דעם גיהנום האָבן דערציילט וועלכע שוידערלעכע דאַנטישע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין די פאַרמאַכטע וואַגאָנען מיט די קליינע פאַרקראַטעווע־טע פענצטערלעך ביינאַכט אויפן מאַרטירער־וועג סטאַראַכאָוויץ־אוישוויץ.

**
*

אַ פּאָר קילאָמעטער פון בירקענוי, אויף אַ גרויסן שטח, זענען געלעגן טיילן פון אַראָפּגעשאָסענע אַוויאָנען. גערופן האָט מען דעם לאַגער „דער

צעלעגער בעטריב״. יעדן טאָג זענען געברענגט געוואָרן פון לאַגער טויזנ־טער שקלאַפן. אַרויס פון טויער, ווו אויבן איז געווען די אויפשריפט „אַרבייט מאַכט פריי״ (ס׳האָט אייגנטלעך, געדאַרפט זיין: „אַרבייט מאַכט פריי פון... לעבן״), האָט זיי באַגעגנט דער טרויעריקער אָרקעסטער פון העפטלינגע אין די שטרייפן־אַנציגער. אויפן „צעלעגער בעטריב״ זענען געווען פאַרשידענע וואַרשטאַטן, שלאָסערס, שמידער, ביז צו פּערפּעקציאָ־נירטע, אונטער דער אויפזיכט פון דייטשע מייסטערס און אויפזעער.

די שקלאַפן האָבן אויפן גרויסן פּלאַץ געשלעפּט די אַראָפּגעשאָסענע אַוויאָן־טיילן. יעדער טייל איז געווען פונאַנדערגענומען און געבראַכט צו זיין אָפּטיילונג אין די וואַרשטאַטן. די קאַפּאָס האָבן אַכטונג געגעבן די אַרבעט זאָל געגוי אויסגעפירט ווערן. ווען אַזאַ באַנדיט — כאָטש אַליין אויך אַן העפטלינג — האָט זיך איזדעקעוועט איבער אַן אומגליקלעכן, האָט ער אים אַזוי לאַנג געשלאָגן, ביז יענער האָט אויסגעהויכט די נשמה. אין אָוונט, ווען מיר זענען צוריקגעקומען אין לאַגער, האָבן מיר מיטגעטראָגן דעם פאַרפייניקטן חבר. דער אָרקעסטער ביים טויער־איינגאַנג האָט אונז אויפ־געגומען מיט מוזיק...

ס׳איז געווען אין חודש אויגורט 1944. אונטער דער הייסער זון האָבן די שקלאַפן זיך געוואַקלט אויף די געשוואָלענע פיס, אויסגעגאַנגען פון הונגער און דורשט. אין דעם טאָג האָט מען פון די לעצטע מאַסן־באָמבאַר־דירונגען געבראַכט אין דעם „צעלעגער בעטריב״ פיל טיילן פון די אַראָפּ־געשאָסענע אַוויאָנען. די קאַפּאָס זענען געווען זייער צערייצט, געשלאָגן מכות־רצח. איך האָב דערזען ווי איינער פון די קאַפּאָס שלאָגט מערדער־לעך אַ העפטלינג. ער ליגט אויף דער ערד, דערלעבן — אַ טייל פון אַן אַוויאָן־מאָטאָר. איך האָב נישט געטראַכט וועגן דער סכנה און בין צוגע־לאָפן, געשטעלט זיך מיליטעריש אויסגעצויגן און געבעטן אַ דערלויבעניש צו העלפן שלעפן דאָס שטיק אייזן־ברוך. דער קאַפּאָ האָט מיך אַ סעקונדע אָנגעקוקט מיט זיינע שליפּיעס און אויסגעכאָרכלט:

— מאַך עס געשיקט, נישט אַזוי ווי דער הונט, ווען נישט, דערשלאָג איך דיך צום טויט... אויסגעדרייט זיך און אַוועק. כ׳האָב געהאָלפן דעם אומבאַקאַנטן חבר — בלוט האָט זיך געגאָסן פון זיין צעהאַקטן קאָפּ. ער האָט אַ בליק געוואָרפן אויף מיר מיט זיינע פאַרגאָסענע אויגן און געמורמלט:

— האָסט מיך געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט... און זיך צעוויינט.

פון דעמאָלט אָן זענען מיר געוואָרן נאָענטע חברים. מיר זענען געווען אין זעלבן באַראַק. ס'איז לייכטער געווען אַריבערצוטראָגן די פּיין, די יסורים, וויסנדיק, אַז איינער טראַכט וועגן אַנדערן. געשטאַמט האָט ער פון אַ שטעטל אין לובלינער געגנט, געהאַט אַ פרוי און אַ בת־יחידה, דבורהלע.

— איך מוז דיר דערציילן וועגן מיין דבורהלען... — האָט זיך זיין שטימע געבראָכן — פון זיינע אויגן האָט געפּלייצט אַ טרויער — ער האָט אָנגעכאַפּט מיין האַנט, און זי געדריקט שטאַרק. דאָס בלאַסע פּנים האָט אויפגעלויכטן, ער האָט געבליקט שטאַר פאַר זיך — כ'האָב געפילט, ער מאַכט אויפלעבן זיין טייער פאַרשניטן קינד, ער זעט זי...

זיבן יאָר איז זי אַלט געווען... שוואַרצע פייערדיקע אייגעלעך, ווי ביי דער מוטער אירער... לאַנגע שוואַרצע האָר. ווען די מוטער האָט איר פאַרפלאָכטן די צוויי געדיכטע צעפּ, האָט די קליינע זיך צעזונגען, זיך געקייקלט ווי דינע גלעקלעך, מיט איר זילבערן שטימעלע:

— „מאַמעשי! בינד זיי פונאַנדער", זיי ציען מיין קאָפּ... —און זיך צעלאַכט מיט אַזאַ ליכטיקן חן...

זי האָט אַרומגעטאַנצט אין הויפל, געלאַכט, געפרייט זיך ווי אַ יונג שוועלבעלע... — אוי! שלמה! — האָט ער אויסגעשעריגן און פאַרשטומט געוואָרן... כ'האָב אָנגעכאַפּט זיין אָרעם אין פינצטערן באַראַק, געדריקט שטאַרק און געשוויגן.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער דערציילט:

— ווען איך בין פון דער אַרבעט אַהיימגעקומען, איז זי צוגעלאָפן צו מיר — „אוי, טאַטעשי" — און מיך באַדעקט מיט הייסע קושן...

ער האָט זיך אויפגעריסן פון דער ברעטער־באָקסע, ווי אַ שלאַנג וואָלט אים געביסן, דעם קאָפּ געדריקט מיט זיינע האַנט־פלאַכן, און געבליבן פאַרגליווערט...

ער איז געווען אַ הויכער מאַן. פון הונגער און פּיין, האָט ער באַקומען אַ שמאָלע געבויגענע פּלייצע, און אַן אויסזען פון אַ קינד. פון זיינע העל־בלויע אויגן האָט געפּלייצט אַ טרויער, דער שרעקלעכער וואָרעם פון בענקשאַפט האָט אים פאַרצערט, ער איז שוין געווען אַ „מוזלמאַן".

די נאַכט איז געווען אַ וואַרעמע. פון דער אָפענער טיר האָט אַ נאַכטיק ווינטל מיטגעברענגט דעם געשטאַנק פון די פיר קרעמאַטאָריעס, וואָס האָבן אָן אויפהער געברענט און געסמאָלעט די גופים פון אונזערע טייערסטע. די העפטלינגע זענען געשלאָפן און כאָרכלדיק געשנאָרכט.

אין דער טיר פון באַראַק האָט אַ ציטערדיקע שטימע געצויגן דעם ניגון פון אַ חרבן־ליד.

— האָסט געהאַט אַ פרוי? — האָט ער מיך געפרעגט.

— יאָ, — האָב איך געענטפערט.

— קינדער?

— ניין, קיין קינדער האָבן מיר נאָך נישט געהאַט. מיר האָבן זיך געגרייט עולה צו זיין קיין ארץ ישראל. אין 1939 זענען אָבער אַלע פּלענער צעשטערט געוואָרן, צערונען, ווי אַ זייפן־בלאָז.

— קענסט נישט פאַרשטיין... דו ביסט אַ גליקלעכער מענטש... — זיי מיר מוחל פאַר מיינע ווערטער... — האָבן אַזאַ קינד ווי איך האָב גע־האַט... מ׳האָט זי אַוועקגעשלעפּט מיט געוואַלט, און איר לעצטער געשריי! איר ליכטיק שטימעלע! מיט די אויסגעשטרעקטע הענטלעך:

— טאַטעשי! טאַטעשי! — כ׳וויל זיין מיט דיר...

— ניין! כ׳קען דאָס נישט פאַרגעסן! — האָט ער געיאָמערט און בלוטיקע טרערן האָבן באַגאָסן זיין פנים. דער שטובן־עלטסטער האָט אַ געשריי געגעבן שלאָפן...

צומאָרגנס האָב איך אים דערזען, מיט זיינע רויטע אויגן, נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט. אַ גאַנצן טאָג האָט ער כמעט נישט גערעדט. געאַרבעט מיט איבערגעטריבענעם פלייס. כ׳האָב זיך אָנגעהויבן שרעקן פאַר אים. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צום לאַגער האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו רעדן וועגן זיין פאַרלוירן קינד:

— היינט האָט מיין דבורהלע באַדאַרפט אַלט ווערן ניין יאָר...

כ׳בין געווען פאַרשטומט פאַר ווייטיק, און נישט געפונען קיין ווערטער אים צו טרייסטן. ביזן היינטיקן טאָג קען איך נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי ס׳איז געשען. ס׳האָט געדויערט געציילטע סעקונדן — מיר זענען אַריין אין לאַגער, און ווען מיר האָבן זיך געפונען נישט ווייט פון די עלעקטריזירטע

דראָטן, האָט זיך מיין אומגליקלעכער חבר געוואָרפן אויף זיי — זיין קערפּער האָט אַ סמאָלע געגעבן... אַזוי האָט ער אַליין אַ סוף געמאַכט צו זיין לעבן.

***

כ׳בין צוגעטיילט געוואָרן צו אַן אַנדער אָפּטיילונג, נישט ווייט פון די קרעמאַטאָריעס, נומער איינס און צוויי. דאָ האָט מען געגראָבן גריבער עטלעכע און דרייסיק מעטער די לענג צען מעטער די ברייט עטלעכע מעטער די טיף. די גריבער זענען צוגעגרייט געוואָרן צו פאַרברענען די קערפּערס פון די פאַרגאַזטע, ווייל די קרעמאַטאָריעס האָבן מער נישט געקענט באַוויזן צו פאַרברענען אַזויפיל פאַרגאַזטע קרבנות. די שרעקלעכע בילדער וואָס איך האָב צוגעזען, ביים גראָבן די גריבער, זענען געווען פאַר מיר די פיינלעכסטע, פון מיינע פאַרבראַכטע יאָרן אין די קאַצעט־לאַגערן, דאָס פאַרפאָלגט מיך ביזן היינטיקן טאָג.

ווען די גריבער זענען פאַרטיק געוואָרן, האָט מען געלייגט שטיקער האָלץ, באַגאָסן זיי מיט אַ כעמישער פליסיקייט, אויפן האָלץ געלייגט די טויטע גופים און זיי פאַרברענט.

ווען די טראַנספּאָרטן זענען אָנגעקומען האָט מען זיי אַרויסגעיאָגט פון די וואַגאָנען, אויסגעשטעלט זיי צו פיר אין אַ רייע, אין דער ריכטונג צו די גאַז־קאַמערן.

די טראַנספּאָרטן זענען דורכגעגאַנגען דעם וועג ווי מיר האָבן גע־אַרבעט. מ׳האָט אונז אַוועקגעטריבן ווען זיי זענען פאַרביי, מיר זאָלן זיך נישט קענען פאַרשטענדיקן מיט זיי, אויף זייער לעצטן וועג. אַלץ איז גע־ווען געגוי און פּלאַנמעסיק צוגעגרייט, די אומגליקלעכע זאָלן נישט וויסן וווהין מען פירט זיי. עס זענען אויפן וועג געווען אויפשריפטן, אַז דאָס איז דער וועג צום „וואַש־רוים״...

אָט די בילדער פון לעצטן טויטן־מאַרש פון אונזערע פאַרפייניקטע ברידער און שוועסטער דאַרפן שטענדיק שוועבן פאַר אונזערע אויגן. די יזכור־אָוונטן, ווערן יעדעס יאָר וואָס אַמאָל וויניקער באַזוכט. מענטשן ווערן מיד אויסצוהערן יעדעס יאָר דעם איכה פון אונזער אונטערגאַנג. עס איז אַ חרפּה פאַר אונז, און אַ פאַרשוועכונג פאַר אונזערע מאַרטירער.

זיי זענען געגאַנגען צו פיר אין אַ רייע: אַלטע, יונגע, פרויען, קינ־דער, מאַמעס מיט עופהלעך אויף די הענט. דאָס שרעקלעכסטע בילד איז געווען, די יונגע קינדער, וואָס האָבן געטראָגן זייערע לאָקעס, געדריקט זיי צו זיך, און שטיל צו זיי געשושקעט...

עס זענען געגאַנגען יידן מיט לאַנגע ווייסע בערד, מיט געבויגענע פלייצעס, פון זיצן יום ולילה ביי די הייליקע ספרים, געדינט מיט האַרץ און נשמה דעם רבנו של עולם. און ער דער בורא, מיט זיין גרויסקייט און הייליקייט, דער גאָט אין די הימלען, האָט נישט געוואָלט זען ווי מען פירט צום אומקום די אומשולדיקע ריינע קינדער די תינוקות של בית רבן די עופהלעך, די טייערע אָפגעהיטענע יידן, די צנועותדיקע טהור׳־דיקע יידישע טעכטער. דער באַשאַף האָט פאַרמאַכט די שערי־רחמים און געלאָזט הערשן דעם רשעותדיקן אשמדאי.

דאָס איז געווען זייער לעצטער טויטן־מאַרש צו די גאַז־קאַמערן. זיי שוועבן אויף פאַר מיינע אויגן. איך זע זיי... אַריינגעיאָגטע, אַריינגעדריק־טע, אין די גאַז־קאַמערן. איך הער נאָך זייערע לעצטע דערשטיקטע, כאָרכלדיקע אויסגעשרייען! — ווען דער גאַז האָט זיי אָנגעהויבן שטיקן; ווען אונזערע טייערע קינדערלעך האָבן אין זייער לעצטן גסיסה־צאַפּל מיט זייער פאַרשטיקטן אָטעם, אויסגעשריגן דאָס טייערע הייליקע וואָרט: מאַ — — — — און נישט פאַרענדיקט...

די פאַרשאָלטענע דייטשישע געלערנטע האָבן קולטורעל־געמיין, פינצטער, באַנדיטיש, זייער וויסנשאַפט געשענקט היטלערן ימח־שמו און צוגעגרייט אונזער אומקום.

**
*

ס׳איז געוואָרן דרייסיק יאָר נאָכן חורבן בית שלישי! זאָלן די באַ־שריבענע גרוילן, אויסגעפּירט קעגן אונזער יידישן פאָלק בלייבן לדורות. זיי וועלן מיט פייער און בלוט אַריין אין אונזער געשיכטע, ווי לאַנג די פינצטערע וועלט, וואָס איז באַוווינט פון מענטשן־חיות, וועט האָבן אַ קיום. מיר האָבן געגלויבט, אַז דאָס היינטיקע דייטשע פאָלק וועט פילן אַ חרטה פאַר די מערדערייען, וואָס זיי זענען באַגאַנגען קעגן אונז, יידן. נאָר ווען מיר זעען די לעכערלעכע געריכטס־אורטיילן אין קעלן, אָדער

אין אַנדערע שטעט, טרייסטן מיר זיך כאָטש מיט דער שטימע פון איין דייטשער פרוי בעאַטאַ קלאַרספעלד, די אומדערמידלעכע אַנטי־נאַצי־קעמ־פערין. צו די פינצטערע מאַכינאַציעס פון זייערע פאַרלאַמענטאַריער, די, וואָס רופן זיך ליבעראַלן, שרייען מיר אויס:

— ס'איז פאַלש! אייערע סימפּאַטיעס זענען מיט די מערדער פון אונזער אומגעבראַכטן פאָלק. איר שיצט די מערדער, אין האַרצן זענט איר געבליבן נאַציס!

עס איז אויך אונזער גרעסטע חרפּה און ווייטיק, וואָס אַ יידישער פּרעמיער־מיניסטער (אַ סאָציאַליסט)... שיצט די געוועזענע נאַציס פון זיין לאַנד.

— נישט פאַרגעסן! — נישט פאַרגעבן! — מיר האָבן זיך איינגערעדט אַז דאָס היינטיקע דייטשלאַנד איז אַן אַנדערס. אַ ליגן! — געדענק! וואָס זיי האָבן געמאַכט מיט אונז אין די פינצטערע יאָרן! עס שוועבט אַ קללה אויף די ליפּן, אין האַרצן ברענט אַ ווייטיק.

***

הייסע אויגוסט־טעג זענען געווען צעלייגט אין בירקענוי־אוישוויץ. די פאַרברענטע גופים האָבן זיך געטאָפּיעט אין פעטס, אין דער גרויסער היץ, און שווער געמאַכט די לופט צום אָטעמען. די טויט־מאַשין האָט גע־אַרבעט מיט דייטשער פּינקטלעכקייט, האָט אויסגעזויגן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט ביי די שקלאַפן. און ווען דאָס חיות האָט זיך אָנגעהויבן לעשן, האָט מען זיי געשיקט אין די גאַז־קאַמערן. די טראַנספּאָרטן זענען יעדן טאָג געקומען. איך געדענק, ווען ס'איז געקומען דער טראַנספּאָרט פון לאָדזשער געטאָ, וואָס איז ליקווידירט געוואָרן. דער „יודען־קעניג" רומקאָווסקי, ווי נאָר ער איז אַראָפּגעקומען קיין בירקענוי, איז ער גלייך געשיקט געוואָרן אין דער גאַז־קאַמער.

דאָס איז שוין געווען אין די טעג, ווען די רוסישע אַרמייען האָבן זיך אַריינגעריסן אויף דער פּוילישער טעריטאָריע. איינמאָל נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, דערנענטער איך זיך צו די שטעכל־דראָטן פון פרויען־לאַגער „עפּ־קאַ־על", צו זוכן אַ באַקאַנט פּנים. פון דער ווייטנס קומט מיר אַנט־

קעגן אַ מאַן. מיר שטעלן זיך ביידע אָפּ. מיר קענען זיך, נאָר ס'איז שווער זיך צו דערמאָנען — פון וואַנען. דער מוח איז פאַרנעפּלט, אָפּגעשוואַכט פון די קאַצעט־יאָרן. און אָט צעלויכטן זיך אונזערע פּנימער. מיר דערקענען זיך. עס איז פּיעכנאַ, דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט פון גלינאָוויעצק. מיר האָבן זיך דערפרייט — אַזוי זעט אויס, אַז מען טרעפט זיך מיט לאַנדסלייט אין דער פרעמד, כאָטש אַ פּאָליציאַנט. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין זיין אַרבעטס־באַראַק. ער איז אַן אָנפירער פון אַ קליינער קאָמאַנדאַ.

— דאָ — האָט ער מיר געזאָגט שטיל — קענען מיר פריי רעדן.

און ער האָט מיר פאַרטרויט, אַז ס'איז דאָ אין לאַגער אַן אונטערערדישע באַוועגונג, אַ ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייט. ס'דאַרפן אין קורצן פאַרקומען וויכטיקע געשעענישן. ער האָט מיר געראָטן וואָס וויי־ניקער זיך אַרומצו־דרייען אין לאַגער, בעסער זיין אין באַראַק. מיר האָבן זיך דערביי געטיילט מיט זכרונות פון גלינאָוויעצק און פאַנטאַזירט, ווי עס וועט אויסזען, ווען מ'וועט דערלעבן, נאָכן קריג... און זיך שטיל פונאַנדערגעגאַנגען.

יעדן טאָג האָט ער מיר געהייסן קומען, מיר געגעבן אַ שטיקל ברויט. עס איז מיר איצט קשה געווען, ווי אַזוי אַזאַ איידעלער, פיינער מאַן, ווי דער פּיעכנאַ, וואָס האָט נישט געקענט אַרויסברענגען קיין הויך וואָרט, האָט געקענט זיין אַ שטרענגער פּאָליציי־קאָמענדאַנט.

כ'בין צוגעטיילט געוואָרן צום בלאָק נומער 17. כ'האָב עס אים דערציילט, האָט ער געקנייטשט מיטן שטערן און מיר שטיל געזאָגט, אַז ער וועט מיר עפּעס פאַרטרויען, נאָר דאָס איז שטרענג־געהיים.

— כ'האָב צו דיר צוטרוי — האָט ער נאָך געזאָגט — ביסט דאָך דעם פאַן שימאָנס זון. דער בלאָק־עלטסטער איז אַ פּאָליאַק, איינער פון די וויכטיקסטע אָנפירער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג. איך פערזענ־לעך וואָלט געווען צופרידן, ווען געפינסט זיך נישט אין זיין בלאָק, נאָר מען קען גאָרנישט ענדערן. זיי פאַרזיכטיק...

מיט עטלעכע טעג שפּעטער נאָך אונזער פאַרטרוילעכן שמועס, אַרום זיבן אין אָוונט, זענען אַריין צו אונז אין באַראַק עטלעכע געסטאַפּאָ־אַגענטן און אָנגערופן זיך צום בלאָק־עלטסטן:

— דו קאָמסט מיט!

מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער איז ער אויפגעהאָנגען געוואָרן, ביי דער קיך. דאָס איז געווען אין סעפּטעמבער 1944.

*
**

ס׳איז געווען אַ טריבער נאָכמיטאָג, אַ דראָבנער האַרבסט־רעגן האָט דורכגענעצט אונזערע מידעביינער. שטיקער צעריסענע גיהנומדיקע פלאַמען האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די קרעמאַטאָריומס אין הימל אַריין. מיר האָבן געאַרבעט ביי די גריבער, נישט ווייט פון קרעמאַטאָריום. דער־נענטערט זיך צו אונז אַן עס־עס־באַנדיט, אַן אויסגעפּאַשעטע, חזירישע מאָרדע, שטאַלערנע רוצחישע שליפּיעס, פאַרגאָסן פון שיכרות, מיט קרומע קלעצלדיקע פיס. אַ שרעק האָט אונז באַהערשט, דערזעענדיק זיין פינצטערן פּרצוף. מיר זענען געווען אַ פּאָר צענדליק מאַן.

— איר קאָמט מיט, דרעקישע יודען! — האָט ער אַרויסגערעוועט.

זיין ציניש געלעכטער האָט אונז געמאַכט אויפציטערן. ער איז געגאַנ־גען פאָראויס און מיר, הינטער אים, ווי פאַראורטיילטע. וואָס האָבן מיר געטראַכט אין דעם מאָמענט? מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער גאַז־קאַמער. פון דער ווייטנס האָבן זיך אַרויסגעהויבן די ריזיקע קוימענס פון קרעמאַטאָריום. אַ טויער האָט זיך אויפגעפּראַלט און מיר זענען אַריין.

— שליסן דאָס טויער! — האָט אַ פינצטער קול איבערגעריסן די טויט־שטילקייט.

מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן. דער ס.ס.־מאַן האָט זיך געשטעלט פאַר אונז, צעשפּרייט די צוויי קרומע קלעצער־לאַפּעס און געדונערט:

— אַכטונג! פאַרבערייטן זיך! אויסטון, אָבער שנעל! איר גייט צום יידישן גאָט אייערן!...

צי קען מען דען איבערגעבן מיט ווערטער, וואָס עס קומט פאָר אין אַ מענטשלעכן געדאַנק און נשמה אין אַזאַ שוידערלעכן מאָמענט? ספּאַזמעס, דערשטיקטע קאָנוולסיעס, צאַפּל. „מאַמע... טאַטע... גאָט אין הימל... שמע ישראל״... אונזער בלוט איז פאַרגליווערט געוואָרן. מיין האַרץ האָט אַ שטאַרקן צאַפּל געגעבן און זיך פאַרהאַלטן אויף אַ ברוך־טייל פון אַ סעקונדע. כ׳בין געווען ווי פאַרשטיינערט. ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז כ׳בין שוין טויט. מיינע אויערן זענען פאַרשטיינערט געוואָרן. אַ סטאַישע

רואיקייט האָט מיך פּלוצים באַהערשט. מיין רעאַקציע איז געווען אינ־גאַנצן פּאַראַליזירט.

דער ס.ס.־באַנדיט האָט געקוקט אויף דער גרויל־סצענע און זיין פינצטער פּרצוף האָט סאַדיסטיש געכיכיקעט. אונזער טויט־צאַפּל האָט געדויערט אַ פּאָר מינוט — אַן אייביקייט. פּלוצים האָט ער זיין געמיינע מאָרדע פאַרקרימט, אויסגערעוועט:

— היינט האָב איך גענוג מיט אייך! אייער גאָט וועט אייך אויפ־נעמען אַ צווייט מאָל... ראַ־אוֹ־ס! פאַרפלוכטע! פערשווינד!...

אין דער נאַכט איז דער שלאָף צו מיר נישט געקומען. דערשטיקטע געשרייען פון קאַשמאַרן האָבן זיך געריסן פון די שלאָפנדיקע. מיין חבר לעבן מיר פרעגט מיך שטיל:

— וואָס טראַכסטו וועגן דעם, וואָס מיר האָבן היינט איבערגעלעבט?

— איך טראַכט — האָב איך שטיל און זיכער געענטפערט — אַז מיר וועלן דעם גיהנום איבערלעבן... מיר האָבן היינט דעם טויט געזען, געפילט די גסיסה־יסורים, גלויב איך דערפאַר, אַז מיר וועלן אַרויס לע־בעדיקע פון דער טויט־פאַבריק, און דערלעבן די מפּלה פון היטלער־דייטשלאַנד...

דאָס האָב איך געענטפערט מיין חבר אין אַ סעפּטעמבער־נאַכט 1944 אין בירקענאו־אוישוויץ. טיף אין מיין האַרץ האָט געפלעמלט אַ פונק פון גלויבן, אַז מיין מלאך, וואָס באַגלייט מיך און היט מיך אָפּ, פון מיינע יינגסטע יאָרן, וועט מיך אויך אָפּהיטן פון דעם שרעקלעכן גיהנום.

## רויך !

כאַטש די זון האָט אין זונטיקדיקן יולי־טאָג 1944, העל געשײַנט אין אוישוויץ־בירקענאו, איז דאָס ליכט פאַר אונז געווען אײַנגעהילט אין די שוואַרצע פליגל פון טויט. אַ נעפּל פון רויך איז געהאָנגען איבערן לאַגער, און די פלאַמען האָבן זיך געריסן פון די קרעמאַטאָריע־אויוונס. די שקלאַפן זענען דעם טאָג לענגער געלעגן אויף די נאַרעס אין באַראַק, אויסצורוען זייער אויסגעמאַטערטע גופים. איך האָב זיך אויף מײַנע שלאַבערדיקע פיס אַרומגעשלײַכט און געבליקט צום פרויען־לאַגער. דער לאַגער האָט זיך גערופן „עפ־קאַ־על״.

דער גורל פון די פרויען, איז געווען נאָך מער קלאָגעדיקער ווי אונזערער. זיי האָבן געליטן נישט נאָר פיזיש, נאָר אויך פסיכיש. די פרויען־קאָפּאָס, די בלאָק־עלטסטע, האָבן זיך אכזריותדיק איזדעקעוועט איבער אונזערע שוועסטער. די פרויען־מערדערינס האָבן זיי דערנידעריקט און באַגזלט זייער אָרעם ביסל פרויען חן... די קעפּ אָפּראַזירט, אַנגעטון אין טראַנטעס, די אָפּגעמאָגערטע ברוסטן, זענען געהאָנגען ווי לײדיקע טאָרבעס — שרעקלעך ! — קלאָגעדיק ! — האָבן אויסגעזען אונזערע אַמאָליקע פּראַכטפולע פרויען און מיידלעך.

דורך די עלעקטריזירטע שטעכל־דראָטן האָב איך געוואָרפן אַהין שטילע, טרויעריקע בליקן, און דאָס האַרץ מײַנס האָט זיך פאַרקלעמט פאַר ווייטיק.

שוואַרצע, שרעקעוודיקע קנוילן רויך, האָבן זיך אַרויסגעריסן פון קרעמאַטאָריע־קוימען, געשלענגלט, און געפלאָכטן זיך ווילד.

קוקנדיק אויף דעם רויך האָט זיך מיר דערמאָנט די נאָוועלע פון דער פוילישער דיכטערין מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ — „רויך״ — מיר האָבן די נאָוועלע געלייענט אין אונזער פריער יוגנט. דאָרט ווערט געשילדערט

אַ פאַבריק מיט אַ ריזן־קוימען. אין אַ קליין אָרעם הייזל דערלעבן, האָט געוווינט אַ מוטער מיט איר זון אַנטעק. דער זון אַרבעט אין דער פאַבריק, ביים הייצן דעם ריזן־אויוון. קנוילן רויך ציען זיך מוראדיק אין די הימ־לען אַריין, וווייזנדיק די מענטשן דעם כוח פון זייער שאַפן... די מוטער שטייט ביים קליינעם פענצטערל און קוקט אויף דעם זעצנדיקן רויך פון הויכן קוימען, דער רויך האָט גערעדט פון לעבן פון אָטעם, פון איר טייערן זון וואָס אַרבעט דאָרט. ביז איינמאָל, האָט דער פאַבריק־קוימען עקספּלאָזירט און האָט פאַרשיט איר זון, צוגעדעקט מיט די איינגעפאַלענע פאַבריק־מויערן. די אָרעמע מוטער, האָט געבליקט טרויעריק אין קליינעם פענצטערל... אַזוי איז אומגעקומען איר פרייד, איר האָפענונג, איר מאַמישע זאָרג אונטער די שווערע ציגל־מויערן.

אין מיינע אויגן איז די נאָוועלע אויסגעוואַקסן ווי אַ סימבאָל. איך האָב געפילט דעם ציטער פון דער סובטעלער פוילישער דיכטערין מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ, פאַרן רויך, וואָס דעקט צו און ברענגט אום אַ מענטשלעך לעבן...

עס איז געווען אַן אַנדער מין רויך, וואָס האָט געזעצט פון די קרע־מאַטאָריע־אויוונס אין אוישוויץ — אַ שרעקלעכער ! — אַ שטיקנדיקער ! — אַ רויך פאַר דערוואַקסענע, פאַר אַלטע לייט ביז קינדער־עופלעך. אין דעם פייער־רויך זענען אומגעקומען וועלטן. גאַנצע האָפענונגען, אַספּיראַ־ציעס. די קנוילן רויך האָבן שטום, זינדיק, אָן אַ וויי־געשריי געשוועבט אין די הויכקייטן...

— אַזוי זעט אויס די געטלעכע הויכקייט ?! — די אייביקייט איבער וועלטן ? — די זינדיקע וועלט פאַרסמט מיטן רויך פון מענטשלעכע גופים ?
— דאָס אַש פון קליינע אומשולדיקע קינדער, ריינע נשמות ?!

אין די נישט דערגרייכבאַרע, נישט פאַרשטענדלעכע אייביקייטן פון חלומות האָסטו געוווינט גאָט ! — גאָט פון מאָראַל, האָפענונג, רחמנות — האָסט געלערנט ליב צו האָבן, אַכטן, נישט באַעוולהן, נישט צו זינדיקן. און אָט איז דיין געטלעך קעניגרייך פאַרשטעלט מיט אַ שוואַרצן רויך פון פאַרברענטע מענטשלעכע לייבער, אַ קרבן צום מולך, פאַרגאַנגען אין שרעקלעכן גיהנום־פייער.

איך האָב געזען אין רויך, ווי מיין טייערע מאַמע איז אומגעקומען, מיין יידישע אויסגעליטענע מאַמע. כ'האָב געזען דעם שמייכל אויף איר

פנים, ביים הייליקן מקריב זיין זיך פאַר איר קינד — די גאַנצע וועלט, האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן פאַר מיר — די וועלט, האָט גערעדט מיט איר שרעקלעכער, געמיינער, טייוולאָנישער שפּראַך — זינד! פייער! און רויך! — האָט זיך צעשפּרייט אויפן קלאָרן הימל און איינגעשלונגען די ליכטיקע זון־שטראַלן — פינצטער איז מיר געוואָרן מיין וועלט!

ווען איר טייערער קערפּער האָט געפלאַמט אין פייער, האָב איך נאָך געהערט איר ציטערדיקע שטימע:

— קינד מיינס! — וויין נישט! — איך לייד נישט מער! — גוט איז וואָס דו בלייבסט כאָטש... זיי שטאַרק... כ׳וועל פאַר דיר בעטן — די פלאַמען זאָלן דיך נישט דערגרייכן...

און איבער איר אַ פינצטער, שרעקלעך געשטאַלט, מיט אַ ציניש געלעכטער אין די העסלעכע פייערדיקע אויגן, כאַרכלדיק, מעפיסטאָפעליש געלאַכט:

— כאַ! כאַ! כאַ! — מאַמע! — קומסט אום צוליב די זינד פון דער געמיינער וועלט! — מאַמע! מאַמע! מאַמע!

# אין לאַגער „ליבע - ראָזאַ״ און מאַטהאוזען

סוף נאָוועמבער 1944 האָט דער בלאָק־עלטסטער אונז געמאָלדן, אַז מאָרגן שטעלן מיר זיך נישט צום אַפּעל. מיר בלייבן אין באַראַק. אַ שרעק און אַ שלעכט פאָרגעפיל האָט אונז אַרומגענומען. די שלעכטע סימנים, זענען אונז געווען גוט באַקאַנט... דאָס האָט געהייסן: סעלעקציע צו די גאַז־קאַמערן. אַ געדאַנק האָט באַהערשט דעם מוח, און געפּיקט ווי אַ רויב־פויגל, מיט זיין קרומען שנאָבל — עס קומט דער סוף... דער סוף קומט שוין... ס׳איז שווער צו באַנעמען די פּסיכיק פון יענע פינצטערע יאָרן. כאָטש מיר האָבן געוווסט אַז אין אוישוויץ־בירקענאו איז יעדער פאַרמשפּט צום טויט. ס׳איז נאָר געווען אַ פראַגע פון צייט, און פון פינצטע־רע נאַצישע קאַלקולאַציעס. מען האָט נישט געגלויבט, אַז זיי זאָלן לאָזן לעבן די דעפּאָרטירטע, אַלס עדות פאַר דער וועלט, איבערצוגעבן די שרעקלעכע מערדערייען.

ווען מען האָט זיך דערוווסט, אַז עס גרייט זיך אַ סעלעקציע, אַז דער לאַגער־דאָקטער דאַרף קומען... האָט מען זיך שטיל געשאַרט ביי די ווענט, ווי די פאַרסמטע מייז. די פּיין האָט אונז נאָכמער פאַרצערט. איז דאָס געווען דער געדראַנג צום לעבן? — אויב מען קען דאָס אָנרופן ביי דעם נאָמען? — דער פּחד פאַר די שרעקלעכע גסיסה־יסורים ערב דעם אומקום?

דער לאַגער־דאָקטער איז געווען אונזער מלאך־המוות... ער האָט גע־געבן די חתימה צום טויט „חנק״ אין די גאַז־קאַמערן. ווי קען מען פאַר־געסן די שרעקלעכע גרויל־סצענעס? ווען אונזערע פאַרפּייניקטע ברודער און שוועסטער, זענען געשטאַנען אין די רייען, און דער מערדער־דאָקטער האָט געשפּיזט מיט זיינע שליפּיעס, און באַפוילן צו פאַרשרייבן דעם נומער פון דער לינקער האַנט. די „מוזולמענער״ האָבן געריבן די געל־

בלאָסע באַקן, זיי זאָלן ווערן רויט... אָנגעבלאָזן מיטן מויל, זיי זאָלן ווערן פולער. מיט די לעצטע כוחות, געמאַכט שמייכלען די טויטע אויגן, גע־בליקט אויף דעם מערדער מיט רחמים, מיט געבעט — און שטום אויס־געשריגן:

— הער דאָקטאָר! כ׳בין געזונט... — לאָזט מיך לעבן! — כ׳וויל אַרבעטן...

עס דערמאָנט זיך מיר אַ פּיינלעך בילד אין פרויען לאַגער. דער לאַגער־דאָקטער האָט פאַרשריבן דעם נומער פון אַ פרוי. אונזער אומגליק־לעכע שוועסטער, האָט געוווסט וואָס עס דערוואַרט זי... מיט אַ שרעקלעך געשריי ווי אַ וואַנזיניקע, איז זי אַרויסגעלאָפן פון דער רייע, און אָנגע־הויבן לויפן איבער די באַראַקן צו באַהאַלטן זיך...

ביז אַרום עלף אין דער פרי האָבן מיר אַזוי געוואַרט. אין דרויסן האָט געוואָיעט אַ קאַלטער נאָוועמבער־ווינט. דער פאַרוואָלקנטער האַרבסטי־קער הימל איז געהאָנגען נידעריק. דער ווינט האָט געבויגן די ווילדע פלאַמען, וואָס האָבן זיך געריסן פון די קרעמאַטאָריע־קוימענס, פאַר־שפּרייט דעם העסלעכן געשטאַנק פון ברענענדיקע לייבער. מיר זענען דאָ געווען פאַרזאַמלט, אַ פאַר הונדערט. די קעלט האָט דורכגענומען די אויסגעמאַטערטע גופים. פאַר שוואַכקייט און שרעק, זיך געטרייסלט ווי יונגע פאַרפלאַנצטע ביימלעך אין אַ שטורעם... אַ פאַרפייניקטער האָט אַ פאַל געגעבן מיטן פּנים צו דער ערד און געבליבן פאַרשטיינערט. צוויי פאַר הענט האָבן אַ כאַפּ געטון דאָס אָרעמע זעקל ביינער און פאַרשווונדן. דאַן איז געקומען דער באַפעל צו מאַרשירן.

דער לאַגער בירקענאו איז אין די פרימאָרגן־שעהן געווען ווי אויס־געשטאָרבן. נאָר געציילטע שקלאַפן האָט מען געזען ביי אַן אַרבעט־קאָמאַנדאָ. זיי האָבן זיך געשלעפּט אין די קלאָגעדיקע געשטרייפטע מלבושים, מיט די לעצטע כוחות פון אַ „מוזלמאַן״ (דאָס איז געווען דער ספּעציפישער לאַגער־אויסדרוק פון די וואָס זענען געווען שרעקלעך אויסגעמאַטערט, און קאַנדידאַטן פאַר די גאַז־קאַמערן) האָבן זיי געשטופּט די וועגעלעך אויף צוויי גרויסע רעדער, אויסצופירן פאַרשידענע אַרבעטן אין פרויען־לאַגער „עף־קאַ־על״. מיר האָבן זיך מידע געשלעפּט, און אין אונזער מוח האָט נאָר געאַרבעט, ווי אַזוי צו באַקומען אַ שטיקל ברויט, צו שטילן דעם הונגער, וואָס האָט גענאַגט און געפּייניקט.

מיר זענען אָנגעקומען צו די באַן־שינעס. אַ סאָפּעגדיקער לאָקאָמאָ־טיוו מיט פּאַסאַזשיר־וואַגאָנעס האָט זיך פֿאַרבייגעגלישטש, מיט אַ קרעכץ און פֿאַרשטיקטן פּיף פֿון דער פּאַרע, האָבן די רעדער זיך פֿאַרהאַלטן אויפֿן פּעראָן, וווּ מיר זענען געווען פֿאַרזאַמלט. ס'איז געקומען אַ באַפֿעל: איינשטייגן! די טירן האָבן זיך געעפֿנט. מיר האָבן נישט געגלויבט — נאָרמאַלע מענטשלעכע זיץ־פּלעצער. נאָך יאָרן שקלאַפֿעריי, האָט זיך עס אין דעם מאָמענט אויסגעוויזן ווי אַ צייכן פֿון מענטשלעכקייט, אַ קליינער טראָפּן פֿון האָפֿענונג. יעדער האָט געהאַט זיין זיץ־פּלאַץ. די ס.ס.־באַגלייטער פֿון טראַנספּאָרט, האָט מען כמעט נישט באַמערקט.

דער צוג האָט גערירט פֿון אָרט. אין אייניקע מינוטן איז בירקענאַו פֿאַרשוווּנדן פֿון אונזערע אויגן, פֿאַרשוווּנדן זענען די פֿיר קרעמאַטאָריע־אויוונס, וואָס האָבן טאָג ווי נאַכט געשפּיגן מיט רויך און פֿלאַמען אין הימל אַריין. ווען מיר האָבן געזען ווי דער צוג איילט אַלץ שנעלער, פֿאַר־שפּרייט טונקעלע רויך־קנוילן, וואָס לייגן זיך אויף די פֿעלדער און וועל־דער אַרום, מישן זיך אויס מיט די וואָלקנס, איז עפּעס אַ שווערער שטיין אַראָפּ פֿון אונזערע הערצער. כאָטש מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס פֿאָרן מיר נאָך נישט צו דער באַפֿרייאונג. נאָר דער בלויזער געדאַנק, אַז מיר זענען פּטור געוואָרן פֿון בירקענאַו, פֿון די שרעקלעכע טראַנספּאָרטן, פֿון שטילן טויט־שפּאַציר צו די גאַז־קאַמערן, האָט אונז אַביסל באַרואיקט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן וועקן אַ געפֿיל פֿון גלויבן, אַז ס'קען דאָך קומען אַ נס, אַ קליינער פֿונק פֿון האָפֿענונג, האָט זיך צעפֿלעמלט אין האַרצן. די אויגן האָבן זיך געשלאָסן מיטן אייגטאָניקן קלאַפּן פֿון די באַן־רעדער, און מיר זענען אַזוי פֿאַרוויגט געוואָרן, אין אַ קאָשמאַר־שלאָף.

ווען דער צוג האָט זיך פֿאַרהאַלטן, איז געווען פֿינצטערע נאַכט. די טירן האָבן זיך אויפֿגעפּראַלט, צוזאַמען מיט געשרייען:

— אויסשטייגן! שנעלער! דרעק־זעק!

אַזוי אימהדיק האָט עס געקלונגען אין דער נאַכט־פֿינצטערניש. צו פֿיר אין אַ רייע האָבן מיר מאַרשירט איבערן אויסגעפּאָרענעם וועג דורך אַ סאָסנע־וואַלד. עטלעכע קילאָמעטער ווייטער, האָבן מיר דערזען פֿון דער ווייטנס אויפֿשייגען קליינע עלעקטרישע פֿייערלעך אַרום אַ גרויסן פּלאַץ. דאָס איז געווען אַ נייער לאַגער. וואָס עס דערוואַרט אונז, האָבן מיר נישט

געוואָלט טראַכטן. די ערשטע זאַך — כאָטש אַביסל וואַרעם שוואַרץ וואַסער און אויסציען די ביינער.

**
*

דער נייער לאַגער האָט זיך גערופן „ליבע־ראָזאַ״. ווער האָט געקענט פאַרשטיין אָט דעם פאַרהוילענעם, געהיימען, אפילו צערטלעכן נאָמען? אַרום און אַרום — וואַלד. די באַראַקן, פריש געבויט, האָבן זיך נישט אויס־געטיילט פון אַנדערע לאַגערן. דאָפּלטע שטעכל־דראָטן. אין די פיר ווינק־לען, אויף שטאָקיקע בודקעס, די וואַך־טורעמס, זענען געשטאַנען ס.ס. מיט מיטראַיעטן און געהיט אונזער הינטיש לעבן.

דער בלאָק־עלטסטער האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר אונז. אין קורצע ווערטער, האָט ער איבערגעגעבן, אַז מיר געפינען זיך אין אַן אַרבעטס־לאַגער, און מיט גראָבע רייד געוואָרנט אָפּצוהיטן שטרענג די פאָראָרדע־נונגען, אין קעגנפאַל... דאָס איז אונז שוין געווען גוט באַקאַנט. אַ הויכער, אַסקעטישער מאַן, אין די פערציקער. אויפן לינקן לאַץ — אַ גרינער אָפּצייכן, אַ סימן, אַז ער איז אַ העפטלינג ווי מיר, נאָר אַ קרימינעלער. צוויי גרינע אויגן האָבן אים דורכגעשפּיזט, זיין פּרצוף האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד. אָט דער באַנדיט האָט עס געהאַט צו זאָגן איבער אונז. ווען ס׳איז אים געפעלן געוואָרן, האָט ער געהאַט דאָס רעכט אונז צו שלאָגן, ביזן טויט. נישט איינמאָל — זיך באַנוצט מיט דעם.

יעדער באַראַק איז באַשטאַנען פון צוויי אָפּטיילונגען, איינער מיט בענק, און דאָרט איז מען געווען פאַרזאַמלט אין די פרייע מינוטן. אין צווייטן טייל — די שלאָף־שטוב, געשלאָפן איז מען אויף דער הוילער ערד, אויסגעלייגט אויף ברעטער. די אַרבעט איז באַשטאַנען אין בויען אַ צענדליק געמויערטע, צוויי־ און דריי־שטאָקיקע געביידעס. די עלטערע דייטשע בוי־מייסטערס, אַ טייל פון זיי גאַנץ באַרעדעוודיקע, האָבן אויס־געזען צו זיין אַנטי־נאַציס, זיי האָבן געלאָזט פאַלן ווערטער מיט האָס צו דעם אַלעם, וואָס עס קומט פאַר סוף יאָר 1944. זיי אַליין האָבן אויך נישט געוווסט נאָכוואָס? צו וועלכע צוועקן, מען בויט די געביידעס. פיל פון אונז האָבן אויסגעהויכט די פאַרפייניקטע נשמות ביים שלעפּן די שווערע צעמענטענע ציגל, דאָס ליים, אויף די רושטאָוואַניעס. פון הונגער, פון

אויסצערונג, באַקומען קאָפּ־שווינדל, זיך אַ וואַקל געטון, פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט — און געפאַלן פון דער הויך. פאַר שוואַכקייט האָט מען נישט געהערט צומאָל זייער לעצטן געשריי...

***

ס'איז געווען אָנהייב יאַנואַר 1945. דער ווינטער איז געווען זייער אַ שווערער די פרעסט זענען דערגאַנגען ביז איבער 30 גראַד קעלט. אין די אַרומיקע וועלדער האָט מען ביינאַכט געהערט ווי ביקסן־שאָסן. דאָס איז געווען, פון דעם שטאַרקן פראָסט, האָבן די האָלץ־שטאַמען געפּלאַצט. אָט די שרעקלעכע קעלטן זענען געווען אַ באַזונדערע „מכה" פאַר אונזערע אומגליקלעכע ברידער. אָנגטון אין לייכטע שמאַטעס, אויסגעמאַטערט, זענען זיי געפאַלן ווי די פאַרסמטע פליגן. יעדן טאָג זענען די רייען געוואָרן שיטערער. די פאַרשאָלטענע ערד פון „ליבע־ראָזאַ" האָט איינגעזאַפּט אונזער בלוט.

ביי דער אַרבעט האָב איך זיך באַקענט מיט אַ יונגנמאַן פון אַ יאָר 20, ער איז געווען הויכ .טראָץ די יאָרן פון קאַצעט־לעבן, האָט ער נאָך געהאַט אַן אַטלעטישע פיגור. זיינע שוואַרצע אויגן זענען געווען אויסגעלאָשן פון פיין און הונגער. אַן אַריסטאָקראַטישע איידלקייט איז געווען אויף זיין פנים. מיר האָבן זיך באַקענט און געוואָרן נאָענטע חברים. זיין טראַגישע געשיכטע, האָט ער מיר דערציילט, האָט מיכ פשוט צעבראָכן.

אין קאַלטן יאַנואַר האָט דער בלאָק־עלטסטער באַפוילן צו גיין אין וואַלד אַריין אויפקלויבן האָלץ. ביי זיבעציק מאַן זענען מיר אַרויס, געבראַכט האָלץ און דערוואַרעמט דעם קאַלטן באַראַק. די פראָסטיקע קעלט האָט צעפלאַקערט דאָס האָלץ אין גרויסן אויוון. ס'האָט געקנאַקט און גע־הוזשעט. אַ וואַרעמקייט האָט זיך צעלייגט אין באַראַק, מיר זענען געזעסן איינגעטיילט אין קליינע גרופּעס, געבויגן איינער צום צווייטן און שטיל געשעפּטשעט. זיי האָבן מיר דערמאָנט אין פּרץ'ס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק". אָבער דאָ זענען מיר געווען פיל מער טראַגישער, די טרויעריקע דראַמע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אַ קאַצעט־לאַגער אין יאָר 1945. איך בין געזעסן אין אַ ווינקל, פאַרזונקען אין טרויעריקע מחשבות.

כ'האָב אַ טראַכט געגעבן אַריינצוגיין צו מיין חבר אין צווייטן

באַראַק — ס'האָט עפּעס געדריקט ביים האַרצן — נישט געקענט זיין אַליין מיט זיך. ווען מיין חבר האָט מיך דערזען האָט ער געזאָגט: גוט וואָס ביסט געקומען — איך קען נישט שווייגן — כ'וויל דיר דערציילן וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין אַ שרעקלעכן אָקטאָבער אין 1942. אפשר וועט איינער פון אונז ביידע בלייבן ביים לעבן, זאָל עס באַשריבן ווערן און בלייבן לדורות. אַן אייביקע חרפּה און קללה אויף די נאַציס! דעם דייטשישן פאָלק! זיי האָבן אויסגעקליבן זייער פירער, וואָס האָט אָפן דערקלערט, אַז ער וויל אונז פאַרניכטן...

אַזוי האָט גערעדט און מיר דערציילט מיין סימפּאַטישער חבר:

מיר האָבן געלעבט אין אַ קליין שטעטל וואָלינער קאַנט. (כ'דערמאָן זיך נישט דעם נאָמען) אין 1942, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אומגליק. די דייטשן האָבן געהייסן אויסגראָבן לאַנגע טיפע גריבער אין דערבייאיקן וואַלד, אַרויסגעפירט אַלע יידן, באַפוילן זיך אויסטאָן, שטעלן זיך ביי די גריבער, און מיט מיטרייעטן אַלעמען אויסגעשאָסן.

ס'איז געקומען די רייע ווי מיין משפחה איז געשטאַנען — די ערשטע קוילן האָבן געטראָפן מיין טייערן טאַטן — ער האָט אַ געשריי געגעבן „שמע ישׂ"!... און געפאַלן. בשעת זיין פאַלן האָט ער מיך אַ שטויס געגעבן — ער איז אַרויפגעפאַלן אויף מיר — דאָס בלוט פון זיין הייליקן קערפּער האָט מיך דורכגעווייקט און געוואַרעמט... — ער האָט מיך געשיצט טויטערהייט, איינגעהילט זיין קינד אין זיינע אָרעמס... — מיך געראַטעוועט פון טויט. אַרום מיר — שרעקלעכע געשרייען פון מיינע טייערסטע, באַקאַנטע, קינדער, די לעצטע גסיסה — קרעכצן פון די יידן, האָבן געשפּאָלטן די פינצטערע הימלען... דאָס בלוט איז פאַרגליווערט געוואָרן אין מיינע אָדערן, כ'בין אַריינגעפאַלן אין חלשות.

ווען די אַקציע איז געווען פאַרענדיקט, האָבן די דייטשן אונז באַדעקט מיט אַ לייכטן ערד־שיכט און זענען אַוועק.

ווען כ'האָב אויפגעוואַכט פון מיין חלשות, האָב איך זיך מיט אַלע מיינע כוחות, באַפרייט פון די פאַרקלאַמערטע שטייפע טויטע אָרעמס, פון מיין טייערער אומגעבראַכטער משפחה. זיי זענען געלעגן איינער לעבן אַנדערן, מיט אויפגעריסענע אויגן פון גרויל.

ס'איז געווען אַ שרעקלעכע פינצטערע נאַכט. אַ טונקל־בלויער הימל איז געהאָנגען — מיליאָנען פינקלדיקע שטערן האָבן זיך געצונדן

און געלאָשן. אַ פולע, קאַלטע, טרויעריקע לבנה האָט געוואָרפן ליכט־פּאַסן אויפן וועלדל. אין דעם וועלדל, וווּ עס איז געוואָרן אויסגעפירט דאָס שרעקלעכסטע פאַרברעכן. די הימלען, פאַרוויסטע, געשענדעטע, האָבן געשוויגן — פאַרוואָס ?! האָבן זיי זיך נישט צעברומט פון שאַנד און צאָרן ?!

פאַרוואָס האָבן זיי נישט געדונערט מיט דונערן אויפן מאָרד ?! וואָס איז דאָ קאַלטבלוטיק אויסגעפלאַנירט געוואָרן קעגן אומשולדיקע יידן ! זקנים ! ביז קליינע עופהלעך ?!

פאַרוואָס צעמאָלן זיך נישט די מיליאָנען שטערן ?! — און שפּייען אַראָפּ זייערע פלאַמען — צו פאַרניכטן אויף דער ערד, דעם פינצטערן דייטשן עמלק...

כ'האָב זיך אַוועקגעריסן פון מאַסן־קבר און געלאָפן ווי אַ וואַנזיניקער. מייַן געדאַנק האָט מער נישט פונקציאָנירט, נישט געטראַכט וועגן די זשאַנדאַרמען וואָס דרייען זיך אַרום אין דער געגנט. ווי לאַנג איך האָב געבלאָנדזשעט האָב איך נישט געדענקט. מייַן געדאַנק איז געווען פאַראַליזירט. פונדערווייטנס האָבן זיך הענער צעקרייעט — דאָס האָט מיך אויפגעוועקט פון מייַן קאָשמאַר. פון דער נאָענט האָט מייַן געהער אויפגעכאַפּט דאָס ריזלען פון אַ וואַסערל. כ'האָב זיך דערנענטערט צום ברעג, אייַנגעגעצט דאָס פּנים מיט מייַנע הענט — זיי זענען פאַרגאָסן געוואָרן פון בלוט, וואָס איז געווען פאַרטריקנט... — מיט אַ שלונג וואַסער האָב איך זיך דערפרישט. דעמאָלט האָב איך זיך דערמאָנט וואָס עס האָט פאַסירט. מייַן געדאַנק האָט אויפסניי אָנגעהויבן טראַכטן. איך בין דער איינציק לעבן־געבליבענער, דאָס בלוט פון מייַן טאַטן אויף מייַנע הענט, דאַרף זייַן פאַר מיר, ווי אַ הייליקע צוואה — נקמה צו נעמען — און צו היטן מייַן לעבן, וואָס ער האָט עס מיט זייַן טויטן גוף באַשיצט.

איך בין אַוועק אַהין ווו עס האָבן זיך געהערט די הענער קרייען. נאָך אַ צוויי קילאָמעטער גאַנג, בין איך אָנגעקומען אין אַ קליין דערפל, פון אַ פּאָר פּויערישע הייזקעס מיט סטאָדאָלעס. אויף מזרח האָט אַ שטיקל הימל אָנגעהויבן צו ווערן העלער, די שטערן האָבן זיך געלאָשן. אַלץ אַרום איז געלעגן אין טיפן דאָרפישן שלאָף. דעם ערשטן שייַער וואָס כ'האָב באַגעגנט, האָב איך זיך ווי אַ גנב, אַרייַנגעשלייכט, געוואָרפן זיך אין שמעקעוודיקן היי, און פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף.

ווען כ'האָב געעפנט די אויגן, בין איך פאַרשטעלט געווען מיט

אַ וואַנט פון בינטלעך קאָרן־סנאָפּעס. דערלעבן איז געלעגן אַ שטיקל ברויט, אַ ציבעלע, און אַן ערד־טעפּל מיט וואַסער איז געשטאַנען. אין ערשטן מאָמענט האָב איך זיך דערשראָקן, נאָר באַלד פאַרשטאַנען, אַז מ׳האָט מיך באַמערקט אין דער צייט פון מיין שלאָף, און באַשיצט מיט די קאָרן־סנאָפּעס און געברענגט דאָס ברויט מיטן וואַסער, צו שטילן דעם הונגער און דורשט. געבענטשט זאָל זיין דער מענטש, וואָס האָט מיר געהאָלפן אין מיין עלנט.

אַ גאַנצן טאָג בין איך אַזוי אָפּגעלעגן, פאַרשטעלט מיט דער קאָרן־וואַנט. שטיל איז געווען אַרום, ס׳האָט אויסגעזען ווי אויסגעשטאָרבן. אַ זייטיק אובאַקאַנט אָרעם דערפל, די איינוווינער, פּאַר שרעק וואָס די באַנדיטן מאָרדן און פירן אויס זייערע פאַרברעכנס קעגן די יידן — זענען זיי געווען פאַרשטעקט אין זייערע דאָרפישע כאַטקעס. פון צייט צו צייט האָט אַ הונט זיך צעבילט, צעוואָיעט און פאַרשטומט געוואָרן. די צייט האָט זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט. אין די שפּעטע שעהן ווען די נאַכט־פינצ־טערניש האָט אַלץ איינגעהילט, האָב איך דערהערט אַ לייכטן סקריפּ פון שייער־טירל. עס האָט זיך ווער געשאַרט צו מיר. דאָס שאָרכן פון די שטרוי־זאַנגען, האָט זיך געלייגט אין דער נאַכט־שטילקייט. באַלד האָב איך דערפילט אַ וואַרעמען מענטשלעכן אָטעם — און — אַ שטיל פליסטערן:

— איך בין עס יאַנושעק — דאַרפסט מיך קענען — כ׳געדענק נאָך, ווען ביסט אַ קינד געווען. אַלע יאָרן, ביי דיין טאַטן איינגעקויפט אין געוועלב. געווען אַן ערלעכער ייד, אַ „סטאַראַ־זאַקאָנני"... (פון אַלטן יידישן גלויבן) דיין טאַטע האָט מיר אַלעמאָל געהאָלפן...

ווען כ׳בין אין דער פרי אַריין אין סטאָדאָלע האָב איך דיך גלייך דערקענט. כ׳ווייס, וואָס די אַנטי־קריסטן האָבן געמאַכט מיט די אייעריקע. גאָט זאָל זיי שטראָפן, די פאַרשאָלטענע. כ׳האָב דיר געבראַכט געטרוקנטן קעז, אַ שטיקל ברויט, אַביסל מילך. קיינער פון מיין משפּחה ווייסט נישט, אַז ביסט דאָ — אַזוי זאָל עס בלייבן — ריר זיך נישט פון דאַנען, ביז כ׳וועל דיר געבן אַ צייכן...

און אַזוי פאַרזיכטיק ווי ער איז געקומען, איז דער פּויער פאַר־שוווּנדן אין דער פינצטערער נאַכט. כ׳בין געווען גערירט ביז טרערן פון דעם אָרעמען פּויער, וואָס האָט איינגעשטעלט זיין לעבן מיר צו העלפן...

אַ פּאָר טעג בין איך אַזוי געלעגן פאַרשטעקט אין שייער. איינמאָל, שפּעט אין אָוונט האָט ער זיך אַריינגעשלייכט מיט אַ קליינעם רוקזאַק מיט אַביסל עסנוואַרג. ער האָט מיר געזאָגט אַז אַ פּאָר קילאָמעטער פון דאַנען געפינט זיך אַן אַרבעטס־לאַגער פון יידן. זיי גייען פאַרביי ביינאַכט דורכן וואַלד. כ׳זאָל זיך פאַרשטעקן, און אַריינשלייכן אין דער פינצטער מיט די יידן. דאָס איז דער איינציקער אויסוועג פאַר דיר...

— גלויב מיר — האָט ער שטיל געפּליסטערט — ווען כ׳וואָלט געקענט דיך האַלטן ביי מיר... אין אַ ווייילע האָט ער ווי אויסגעשריגן — ניין! — כ׳קען נישט...

ער האָט אין דער פינצטער אָנגעכאַפּט מיין האַנט און מיט זיינע האָרעפּאַשנע דלאָניעס לאַנג און האַרציק געדריקט... און אַרויסגעקרעכצט:

— גאָט זאָל דיך היטן! און באַשירעמען...

צוויי טעג און צוויי נעכט בין איך געווען פאַרשטעקט אין געדיכטן וואַלד. אין אַ פינצטערער, חיהשער נאָרע, געציטערט פאַר שרעק און קעלט. איך האָב אין אָנהייב באַשלאָסן, נישט צו גיין אין לאַגער, נישט געוואָלט אָנקוקן די דייטשע מערדער. נאָר ווען דאָס ביסל שפּייז איז אויסגעגאַנגען, דער הונגער האָט גענומען פּייניקן, האָב איך נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג.

אַ געדיכטע שרעקעוודיקע פינצטערניש, האָט אַרומגענומען דעם וואַלד. ס׳איז געווען טיפער האַרבסט. דער ווינטער איז געשטאַנען ביי דער טיר. אַ קאַלטער רעגן האָט געגאָסן. געקלאַפּט אין די וואַלדיקע ביימער, געררונען טראָפּנווייז פון די צווייגן, און געזונקען אין דער פייכטער מאָכיקער ערד. אַ חיה אין וואַלד האָט ערגעץ געוואָיעט, און דער וואַלד־עכאָ, האָט צוגעברומט מיט פחד.

אַ וויינענדיקער ווינט האָט אַ בלאָז געגעבן און זיך אַריינגעריסן אין וואַלד. די ביימער האָבן געררוישט אימהדיק, וואַלדיק געיאָמערט... אויף דעם שלעכטס, וואָס האָט באַהערשט די וועלט.

דער עכאָ האָט געברענגט צו טראָגן אַ ווייט געזאַנג. איך האָב גע־הערט יידישע ווערטער און פאַרשטאַנען, אַז דאָס טרייבט מען די יידן פון לאַגער צו דער אַרבעט. דאָס געזאַנג האָט זיך דערנענטערט, און די נאַכט־פינצטערניש האָט מיר געהאָלפן. ווען די קאָמאַנדאָ האָט זיך דערנענטערט,

בין איך אומבאַמערקט אַריין אין די רייען. מיט דער הילף פון יודען־עלטסטן, בין איך פאַרבליבן אין לאַגער, ביז מען האָט דעם לאַגער עוואַקואירט — קיין בירקענאו...

מיר זענען געבליבן יעדער מיט זיינע טרויעריקע מחשבות. וואָס האָבן מיר זיך נאָך געהאַט צו זאָגן? צו וואָס פאַרא מצב מיר זענען דערפירט געוואָרן! כ'האָב אים געזאָגט „אַ גוטע נאַכט" און זיך געקליבן צו גיין אין מיין באַראַק.

אין דעם מאָמענט האָבן זיך די אַלאַרם־סירענעס צעוואָיעט. כ'בין געלאָפן צו דער טיר, נאָר ווי אַ קאַץ איז מיין חבר אַ שפרונג געגעבן, מיך אָנגעכאַפּט ביים אָרעם:

— ביסט משוגע?! ווי נאָר דו גייסט אַרויס, וועט דיך די וואַך באַלד דערשיסן...

נאָכן אַלאַרם בין איך אַוועק צו מיין באַראַק. דער קרימינעלער בלאָק־עלטסטער האָט מיך שוין אָפּגעוואַרט:

— ווו ביסטו געווען בעתן אַפּעל?

— אין דערבייאיקן באַראַק, ווייל ס'איז דאָך געווען דער אַלאַרם... כ'האָב נישט געקענט אַרויס אין דרויסן.

— כ'וויל פון גאָרנישט וויסן! — האָט ער געררעוועט דורך די ציין.

ער האָט אָפּייף געגעבן. אַלץ איז געוואָרן פאַרשטומט. מיט אַ ווונק צו זיין געהילף, איז יענער אַריין אין זיין צימער און געברענגט אַ דיקן שטעקן מיט סענקעס. צוגעשלעפּט אַ באַנק און אַ ריטשע געגעבן צו מיר:

— לייג זיך!

און די עקזעקוציע האָט זיך אָנגעהויבן. מיט ביידע הענט האָט ער געהאַלטן דעם שטעקן און מיך געשלאָגן מערדערלעך. ווען ער האָט געענדיקט ציילן די קלעפּ, בין איך געווען באַוווסטלאָז. מען האָט מיך אַריינגעטראָגן און געלייגט אויף מיין נאַרע.

אין דעם באַראַק איז געווען אַ דאָקטער, אַ דעפּאָרטירטער טשעכישער ייד. ווען היטלער האָט באַזעצט טשעכן, האָט ער מיט אַ פּאָר חברים אָרגאַניזירט אַ ווידערשטאַנד־גרופּע אין די בערג. די פּויערישע באַפעלקערונג האָט זיי געהאָלפן. דורכגעפירט סאַבאָטאַזש־אַקטן. ווען זיי האָבן זיך איינמאָל געגרייט אויפצורייסן אַ מיליטערישן צוג, האָט זיי אַ דייטשער

פּאַטרול אַנטדעקט און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי. אַלע חברים פון דער קאָמאַנדע זענען אומגעקומען. אים, דעם דאָקטער, האָט מען געכאַפּט און געבראַנגט צום קאָמענדאַנט. דער אורטייל איז געווען — דערשיסן. און ער האָט געפרעגט ווער עס וויל פרייוויליק אויספירן דעם אורטייל ?

— איך ! — האָט זיך דערהערט אַ באַס־שטימע פון אַ סאָלדאַט, אין די פערציקער יאָרן.

מיטן אויסגעשטרעקטן מיטראַיעט, האָט ער אים געפירט. דער געפאַנגענער האָט דעם קאָפּ אַריינגעצויגן אין די אַקסלען און געגאַנגען דעם לעצטן וועג. דער סאָלדאַט האָט אים אַריינגעפירט טיף אין געדיכטן וואַלד, און אים באַפוילן אַליין אויסצוגראָבן זיך דעם קבר. דער דאָקטער האָט געציטערט פון פּחד. אין דעם מאָמענט האָט דער סאָלדאַט אַרויסגענומען אַ פלעשל קאָניאַק.

— נאַ, גיב אַ שלוק ! — האָט ער שטיל און מילד געזאָגט.

— וואָס קומט דאָ פאָר ? — איז ער געווען פאַרווונדערט — צי בין איך שוין טויט ? אַ חלום ?...

ער האָט אַ ציי געגעבן פון פלעשל דעם שאַרפן געטראַנק און אַ וואַרעמער שטראָם האָט געטריבן זיין בלוט ; און דער סאָלדאַט רעדט צו אים זייער שטיל :

— ביסט געראַטעוועט ! כ'בין אַן אַנטי־נאַצי־קעמפער און מאַך וואָס איך קען...

ער האָט גענומען די לאָפּאַטע פון זיין האַנט און צוריק פאַרשיט די ערד, אַרויסגעלאָזן אַ סאַלווע מיט קוילן פון זיין מיטראַיעט, אַרויסגענומען פון זיין רוקזאַק אַ שטיק ברויט מיט ווורשט און אים עס דערלאַנגט, מיט אַ וואַרעמען האַנט־דרוק און אים געזאָגט :

— פאַרשווינד.

ער האָט אים נאָך געגעבן אָנווייזונגען אין וועלכע ריכטונג צו גיין.

— מער קען איך פאַר דיר נישט טון... — דאָס זענען געווען די לעצטע ווערטער פון מיין ווונדערבאַרן רעטער...

אַ לענגערע צייט האָט ער זיך אַרומגעבלאָנקעט אין די וועלדער, ביז די היטלער־יוגנט האָט אים אַנטדעקט. אַזוי האָט ער געוואַנדערט פון איין לאַגער אין צווייטן ביזן לאַגער „ליבע־ראָזאַ״.

אָט די ממש וווּנדערלעכע געשיכטע האָט מיר דער דאָקטער אַליין געהאַט דערציילט אין ווינטערדיקן אָוונט. אַצינד איז ער געווען — מיין מלאך רפאל.

איך האָב ווי געזאָגט, געהאַט פאַרלוירן דעם באַוווסטזיין נאָך די מערדערלעכע קלעפּ פון דעם בלאַק־עלטסטן. ווען איך האָב אויפגעוואַכט פון מיין חלשות, בין איך געלעגן אויף דעם בויך. די יסורים זענען גע־ווען שרעקלעכע. די היפּטן מיטן רוקן האָבן געשטאָכן ווי מיט קליינע שפּיזן, געברענט, ווי אַ פייער. איך האָב געמורמלט מיט פאַרשמאַכטע ליפּן ווי אין פיבער און געבעטן דער טויט זאָל קומען. דער דאָקטער איז געווען לעבן מיר, צוגעלייגט מיר קאָמפּרעסן פון אורין. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געוואַכט איבער מיר... יעדע פּאָר מינוט געוועקט אַ צווייטן העפּטלינג. געהאַלטן אַ צעבראָכענע כלי און געזאָגט:

— געב דיין אורין — דערמיט וועסטו אָפּראַטעווען אַן אומגליקלעכן חבר... — אַזוי איז אַדורך די שרעקלעכע נאַכט. באַגינען האָט ער מיר געזאָגט:

— אין באַראַק זאָלסטו אויף קיין פאַל נישט בלייבן, אַז נישט — איז דיין סוף...

מען האָט מיך אַריינגעשלעפּט אין דער רייע, און ביז דער בוי־שטעלע, האָבן מיך די חברים מיינע דערשלעפּט. דאָס מזל האָט מיר צוגעדינט. די וואָך איז באַשטאַנען פון עלטערע דייטשן, וואָס האָבן אָוועקגעקוקט, ווייל אויך זיי האָבן פיינט געהאַט די בעסטיאַלישע נאַציס. אָבער איצט! וואָס טוט מען?! ווו וועל איך נעמען כוחות צו דערהאַלטן זיך אויף די פיס אַ גאַנצן טאָג? איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק: סוף כל סוף האָב איך שוין גאַרנישט געהאַט צו פאַרלירן...

מיין פאַראַרבייטער איז געווען אַ דייטש אַ פּאָליטיש־פאַרשיקטער. כ'האָב זיך אַריינגעשלייכט אין זיין ביוראָ און אים אַלץ דערציילט — איך האָב אַרונטערגעצויגן די הויזן — און מיט טרערן אין די אויגן געבעטן:

— ראַטעווע מיך!

ער האָט זיין קאָפּ אין זיינע הענט אַריינגענומען און אויגעשריגן, ווען ער האָט דערזען מיין צעפּאַסעוועט לייב.

— מיין גאָט! — ווי זיי האָבן דיך צורעכט געמאַכט!...

ער האָט מיך אָנגענומען ביים אָרעם, אַריינגעפירט אין אַ זייטיקער טיר, אונטערגעלייגט אַ קאָלדרע אויף דער ערד אין אַ ווינקל און געשטאַמלט:

— זאָרג נישט... דאָ וועט דיר קיין שלעכטס נישט פּאַסירן...

דריי טעג בין איך דאָרט געלעגן. ער האָט מיר געבראַכט עפּעס צו עסן. דאָס האָט מיך צוריק געשטעלט אויף די פיס.

נאָך אַזויפיל יאָרן, שיק איך איבער מיינע ברכות דעם יידישן דאָקטער פון טשעכן און דעם פאָר־אַרבעטער, דעם דייטש. זיי האָבן מיך דאַן געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט. איך דאַנק דער השגחה, וואָס האָט מיר צו יעדער געפאַר צוגעשיקט מיין מלאך רפאל.

די אַרבעט איז דעמאָלט אויך געווען אַביסל לייכטער, די שטאַרקע פרעסט האָבן נאָכגעלאָזן. דאָס וועטער איז געוואָרן מילדער. מען האָט שוין געפילט, אַז די מלחמה גייט צום סוף, כאָטש מיר האָבן נאָך גענוי גאָרנישט געוווסט. דאָ, אין דעם לאַגער „ליבע־ראָזאַ״ זענען מיר געווען איזאָלירט פון דער וועלט. אַנדערש איז געווען אין בירקענאו, ווו עס איז אָנגעגאַנגען אַן אינטענסיווע אונטערערדישע באַוועגונג. דאָרט בין איך פון דעם געוועזענעם פּאָליציי־קאָמיסאַר פּיעכנאַ, פון גלינאָוויעצק, איינער פון די אָנפירער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג, אינפאָרמירט געוואָרן. זיי האָבן אפילו געהאַט צוגעגרייט אַן אויפשטאַנד, און ער איז אויסגעבראָכן אין אָקטאָבער, אָדער אין נאָוועמבער. איך דערמאָן זיך נישט גענוי די דאַטע. דער אויפשטאַנד איז דורגעפאַלן, צוליבן פאַראַט פון אַן אייגענעם. אָבער די צוויי קרעמאַטאָריומס זענען צעשטערט געוואָרן. זיי האָבן אַן עס־עס־באַנדיט און אַ הויפּט־קאַפּאָ אַריינגעוואָרפן אין ברענענדיקן אויוון. עס זענען געווען געהרגעטע פוןביידע זייטן. און ביי אַ הונדערט מאַן האָבן זיך אַרויסגעריסן פון לאַגער און זענען אַנטלאָפן. מען האָט זיי אָבער כמעט אַלע געכאַפּט און זיי אומגעבראַכט. פון בירקענאו איז אוממעגלעך געווען צו אַנטלויפן.

***

ס'איז געווען אין לאַגער „ליבע־ראָזאַ״, אָנהייב פעברואַר 1945. די זון־שטראַלן האָבן געלעקט די קופּעס שניי. זיי האָבן זיך צעגאָסן אין שטראָמען. די פּוכיקע שניי־ווייסקייט איז פאַרשוווּנדן. די קליינע וואַסער ריטשקעס האָבן געריזלט און שטיל געפּליסטערט... פּלוצים! אַ פּייף פון

בלאָק־עלטסטן, ער מעלדעט, אַז מיר פאַרלאָזן „ליבע־ראָזאַ" מען וועט אונז אויסטיילן אַ פּאָר פּאַרציעס ברויט. האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז מיר וועלן זיך שלעפּן אַ לענגערע צייט. עס האָט זיך מיר דערמאָנט, פון מיינע חדר־יאָרן דעם „ויסעו אין ויחנו", פון די בני ישראל אין מדבר. דאָס וואַנדערן פון זייער אור־אור־אייניקלעך איז פיל קלאָגעדיקער — געצויגן פון „סטאַראַכאָוויעץ" — געדרוט אין „בירקענאו" פון „בירקענאו" — נאָך „ליבע־ראָזאַ" — ווו וועלן מיר רוען איצט ? — וואָס גרייט אונז צו דער טרויעריקער גורל ?! אפשר, פירט מען אונז צום אומקום ? מיט די טרויעריקע געדאַנקען, האָט מען אונז פאַרמירט צו פיר אין אַ רייע. דער עלטסטער פון דער וואַך מעלדעט :

מיר מאַרשירן אַרויס, ווער ס'וועט זיך פאַרהאַלטן אין וועג ווערט גלייך דערשאָסן !

אויף דער באַן־סטאַציע זענען שוין געשטאַנען גרייט פאַרמאַכטע לאַסט־וואַגאָנעס. אונז האָט מען אויפגעלאָדעוועט אויף די אָפענע וואַגאָנעס. אַ פייף פון לאָקאָמאָטיוו, די רעדער האָבן אָנגעהויבן זיך באַוועגן. דער לאָקאָמאָטיוו האָט געזעצט מיט אַ שטאַרקער פאַרע, פאַרגרעסערט די שנעלקייט, די וואַגאָנעס האָבן זיך געשאָקלט, געקלאַפּט מאָנאָטאָן אויף די באַן־שינעס. מיר האָבן זיך געבאָמבלט ווי טויטע מאַסקעס, פאַרזונקען אין אַ סטאַישער גלייכגילטיקייט...

דאָס שלעפּן זיך מיט דער באַן האָט זיך געצויגן לאַנג. מען איז טיילמאָל שטיינגעבליבן אין וועג לאַנגע שעהן, אָן עסן, אָן טרינקען. די סאַניטאַרע באַדינגונגען זענען געווען שווער איבערצוטראָגן. אין וואַגאָן ווי מיר זענען געפאָרן, אין אַ ווינקל, האָבן מיר ערלעדיקט דעם מענטש־לעכן געברויך... ווער האָט געקענט וויסן ווי לאַנג מיר האָבן זיך געשלעפּט — ווי די צייט וואָלט שטיינגעבליבן פאַר אונז — מיר זענען דאָך געווען חיות — פאַרהאַלטן זיך אין אַ נאַכט, האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז מיר געפינען זיך אין לאַגער זאַקסענהאוזן.

אין דעם לאַגער זענען מיר פאַרבליבן אַכט טעג און ווייטער אין וועג אַריין. די נאַכט איז צוגעפאַלן, וואָס ווייטער מיר זענען געפאָרן, האָט מען געפילט אַ קעלט, נעמט דורך אונזערע אויסגעטריקנטע ביינער.

ווען דער הימל אויף מזרח איז געוואָרן העלער, און אַ קופּערנע זון האָט זיך אַרויסגעשלייכט פון האָריזאָנט האָבן מיר אויפגעוואַכט און

דערזען הויכע בערג־שפּיצן באַדעקט מיט אייביקן שניי. אַזוי זענען מיר פאַרשלעפּט געוואָרן ביז די טיראָלער בערג, אין עסטרייך. מען איז אָפּגעשטיגן און מיר זענען געפירט געוואָרן אין דעם שרעקלעכן שטיין־האַקער־לאַגער מאַטהאוזן, צופוסנס די טיראָלער בערג.

***

אָנגעקומען זענען מיר שפּעט אין אָוונט. דער לאַגער־טויער האָט זיך אויפגעפּראַלט. ביים אַריינמאַשירן זענען מיר געווען קנאַפּע צוויי טויזנט מאַן, צוזאַמענגעקליבן פון פאַרשידענע לאַגערן.

די אַליאירטע אַרמייען האָבן אַלץ ענגער אַרומגענומען ווי מיט אַ רינג די דייטשן. באָמבאַרדירט די שטעט, סטראַטעגישע פּונקטן, באַן־קנופּן. די פאַרשאָלטענע נאַציס האָבן געזען אַז עס דערנענטערט זיך זייער סוף, די באַנדיטן האָבן אויך צוגעגרייט אונזער סוף. דאָס אומברענגען אונז האָט באַדאַרפט פאָרקומען אין איינעם פון די באַרג־טונעלן. ווען דאָס לאַגער־טויער האָט זיך פאַרמאַכט, האָבן מיר געקוקט צו די באַרג־קייטן וואָס רינגלען אונז אַרום — דעם קאַלטן טונקל־בלויען הימל — ער איז געהאָנגען דראָענדיק איבער אונזערע קעפּ, מיט די שאַרפע שפּיציקע שטערן — האָבן מיר אַ טראַכט געטון — דאָ, אין דעם גיהנום, אין די טיפע בערג־אָפּגרונטן, ווי לאַנג די וועלט וועט עקזיסטירן, וועט מען קיינמאָל זיך נישט דערוויסן ווו אונזער געביין איז אַהינגעקומען. אַזוי וועלן די דייטשע באַנדיטן פאַרווישן אונזערע שפּורן, אויף אייביק.

מידע, אויסגעהונגערטע, געפּרוירענע, שמוציקע, פון אַרומשלעפּן זיך טעג און נעכט האָט מען אונז אַריינגעפירט אין די באַראַקן. מיר זענען געפאַלן אויף דער הוילער ערד און נישט געפילט ווי די אויגן שליסן זיך. פּלוצים, האָבן ווילדע קולות אונז אויפגעוועקט. קאַפּאָס, מיט גראָבע שטעקנס אין די הענט, האָבן אַרויסגעיאָגט פון באַרק, אָפּגעציילט און באַפוילן צו מאַרשירן. אין אָט דער נאַכט האָט אונז דערוואַרט די שרעקלעכסטע מאָרד־סעלעקציע.

נאָר אַזאַ מערדעריש קולטורעל פאָלק — האָט געקענט צוטראַכטן און אויספירן איבער אונז, ביים אָנקומען נאָך מאַטהאוזען.

***

ס'איז געווען נאָענט צו האַלבער נאַכט. אַ פּראָסטיקער הימל איבערן קאָפּ. פון די בערג האָט אַ בלאָז געגעבן אַ שנײדיקער וואָיענדיקער ווינט. מיר זענען אָנגעקומען צו אַ גרויסער געבײַדע, און האָבן געזען די אונז באַקאַנטע אויפשריפט: באָדע־רוים... — עפּעס האָבן מיר מער נישט געפילט קײן שרעק.

רעזיגנירט, האָבן מיר טיף אין האַרצן געבעטן — אַ סוף זאָל עס נעמען! די מאָס פון די לײַדן איז געווען איבערגעפילט. אײַנגעטײלט אין גרופּעס צו 50 מאַן, האָבן מיר זיי געזען פאַרשווונדן און מער נישט צוריקקומען. ביז ס'איז געקומען אונזער רײ. מען האָט אונז געפירט דורך אַ שמאָל געסל, ווו דער וועג האָט זיך געצויגן באַרג־אַראָפּ. מיר זענען צוגעקומען צו אַ געבײַדע, ווו ס'זענען געווען אויפגעפּראַלט צווײ טירן. מיר זענען אַרײַן. ס'האָט אויסגעזען ווי אַ קעלער־שפּײַכלער, אָנגעוואָרפן פון מענער־שיך, קאַצן, פאַרשידענע מלבושים. פון דער טיף האָבן זיך געהערט דערשטיקטע געשרייען, ווי פון קאַטאַקאָמבן. אַ פּחד האָט אונז אַרומגענומען, און באַלד דערנאָך — אַ סטאָאישע פאַרגליווערטקייט. מען האָט באַפוילן זיך אויסצוטון, און מ'האָט אונז געטריבן אַלץ טיפער, אונטער די וואַסער־קראַנען.

אַ הייסער וואַסער־שפּריץ האָט אַ ברי געגעבן דאָס לײַב, און באַלד אויפגעהערט. אַ פּאָר סעקונדן שפּעטער וואָס האָבן אויסגעזען ווי אַן אײביקייט — אַ שטראָם אײַזיק קאַלט וואַסער. מ'האָט אונז אָנגעהויבן שלאָגן און שרײַען:

— ראַ־אוס! ראַ־אוס! פאַרשאַלטענע!

ווער ס'האָט געהאַט כּוח, האָט געכאַפּט אַ קאָלדרע זיך אײַנצוהילן, אַ פּאָר שיך, איז געווען פון די געראַטעוועטע, און די איבעריקע... זיי זענען אַרויס, נאַסע, אין האַלבער נאַכט, און אַן אײַזיקער ווינט צוזאַמען מיטן טויט האָט זיי אַרומגענומען. זיי זענען ליגן געבליבן מיטן פּנים אַראָפּ, אויפן קאַלטן שטיינערנעם ברוק, פאַרשטײפטע.

הינטער אונז זענען פאַרבליבן אַ פּאָר צענדליק, צוגעפרוירענע צום שטיינערנעם ברוק. צומאָרגנס האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז די, וואָס זענען אין געפערלעכן באָד־רוים אַרײַן פאַר אונז, האָט מען אַזוי לאַנג געגאָסן אויף זיי אַ קאַלטן וואַסער־שטראָם, ביז זיי האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות. צו קײן אַרבעט האָט מען אונז דערווײַל נישט גענומען. בלויז די

קרעמאַטאָריע האָט געאַרבעט אין פולן ברען. מען האָט אַרויסגעפירט צו דער באַן־סטאַציע קאָמאַנדאָס, אָפּצורייניקן די חורבות, וואָס די אַוויאָנען פון די אַלאירטע האָבן נאָך די באָמבאַרדירונגען געלאָזן הינטער זיך.

מ׳האָט אין מיין באַראַק איינמאָל אַריינגעפירט עטלעכע מאַן. איך האָב זיך איינגעקוקט אין זיי, און מיין בליק האָט אויפגעכאַפּט איינעם פון זיי. ווער איז ער? וואָס מער איך האָב זיך אָנגעשטרענגט, געוואָלט זיך דערמאָנען, ווער דאָס איז, איז מיין געדאַנק געבליבן ווי פאַרנעפּלט. ערשט שפּעטער האָט זיך מיין זכרון־קעמערל אויפגעכאַפּט, מיינע אויגן האָבן אויפגעשיינט. איך בין שנעל, אויף מיינע שלאַבערדיקע פיס, צוגעלאָפן און אים געטראָפן זיצן אויף דער ערד. דאָס איז געווען אונזער פלאָצקער לאַנדסמאַן נוח זינגער. כ׳האָב אַ געשריי געטון:

— נוח, דערקענסט מיך?

יענער האָט נישט געענטפערט. כ׳האָב אים באַטראַכט — אַ מור־זולמאַן. ער האָט פריער געהאַט דיקע, רויטלעכע באַקן, און איצט אָנגעגאָסענע טאָרבעס זענען אַרונטערגעהאָנגען. זיינע בלויע אויגן האָבן גע־האָט אַ טויטן בליאַסק און אַרויסגעקוקט פון צוויי טיפע לעכער. דער קאָפּ געבויגן אויף דער שמאָלער, קינדערישער פּלייצע. איך האָב געפּרווט אַריינציען אים אין אַ געשפּרעך האָט ער מיט אַ שוואַכע שטימע געזאָגט:

— וואָס דאַרף מען רעדן?!

בעסער שווייגן — ווי האָט געזאָגט דער?...

און פאַרשוויגן געוואָרן. אַריינגעצויגן דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, און געבליבן אומבאַוועגלעך. כ׳בין געווען צופרידן וואָס כ׳האָב אים גע־טראָפן. מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, ער איז געווען אין גאַנצן צוזאַמענגעבראָכן. דורך די יאָרן וואָס מיר זענען געווען צוזאַמען אין סטאַראַכאָוויעץ, איז ער געווען בייזאַמען מיט זיין פרוי קאַראָלאַ פון דער היים פשעדעטש. זי איז געווען אַן ענערגישע, אינטעליגענטע פרוי, האָט אים דערמוטיקט. ער האָט אָנגעהויבן איינגיין, ווען מען האָט זיי געברענגט קיין בירקענאו און מ׳האָט זיי צעשיידט.

איך האָב געזען אַז זיינע טעג זענען שוין געציילטע. וואָס האָב איך געקענט טון? פאַר מיין אומגליקלעכן חבר און לאַנדסמאַן נוח זינגער?

ווען איך האָב אין אַ פרימאָרגן געעפנט די אויגן, איז דער פלאַץ

ביי מיין זייט ווי ער איז געשלאָפן געווען לײדיק. כ'האָב צוגעשמידט מיין בליק צו דעם אָרט, ווי מיט אַ פּאָר שעה צוריק, זענען דאָ געלעגן די אויסגעטריקנטע ביינער פון מיין חבר...

צוקאָפּנס איז געלעגן אַ קליין זעקעלע, ווו ער האָט זיין קאָפּ אָנגע־לענט. דאָס אָרעמע טרויעריקע זעקעלע — איז געווען זיין גאַנץ פאַרמעגן. ס'האָט שטום אויסגעשריגן דעם ווייטיק, פון אונזער גרויסער טראַגעדיע, וואָס האָט באַגלייט יעדן איינעם פון אונזערע מאַרטירער.

אַ פּאָר טעג, האָב איך זיך געשלעפּט אין אַלע באַראַקן, זיך גע־פּלאָנטערט מיט די געשוואָלענע פיס, אומעטום געזוכט אים און — נישט געפונען.

ס'איז געווען סוף מערץ 1945. די זון, ווי יעדעס יאָר אין דער צייט, ווען דער פרילינג דערוואַכט. האָט געשיקט אירע ליכטיקע שטראַלן. זיי האָבן באַגאָסן די בערג־הויכקייטן, מיטן אייביקן שניי, און האָבן זיך געשפּיגלט אין העלן זילבער.

פון די נאָענסטע באַרג־וועלדער, האָבן פייגל, און חיות, אויפגעוואַכט פון לאַנגן ווינטער־שלאָף, און אויסגעשריגן די פרייד פון אָנקומענדיקן פרילינג. ער דערמאָנט, פון יוגנט, ליבע — און פרייהייט...

אָבער מיר פאַרפּייניקטע, רעזיגנירטע, פון יעדן ברעקל לעבן, און מענטשלעכן פאַרלאַנג... האָבן נישט געזען, נישט געפילט, דעם ליכטיקן פרילינג וואָס גייט אויף, און קען אויך אַמאָל — אַריינשיקן אַ שטראַל פון לעבן און האָפענונג...

## דער גירוש גלינאָוויעצק

(אַ גבית־עדות פֿון מיין ברודער דוב בערעק)

היטלערס אַרמייען, האָבן שנעל דורכגעבראָכן די ערשטע פּאַרטיידיקונגס־ליניע. זי האָט זיך געפֿונען ביי די פּויליש־דייטשע גרענעץ „ילאווא־מלאַוואַ", מיט דער מיטהילף פֿון זייערע שפּיאָנען, זיי זענען געווען צעוואָרפֿן איבער גאַנץ פּוילן. מיט פֿיל חדשים פֿריער, האָבן זיך שוין אַרומגעדרייט פֿאַרדעכטיקטע פֿאַרשוינען איבער פּוילישע שטעט און שטעטלעך. און ס'איז קיינעם נישט איינגעפֿאַלן — זיי צו באַמערקן. די פּוילטשע מאַכט־אָרגאַנען, און אַ גרויסער טייל פֿון איר באַפֿעלקערונג האָבן נאָר געזען — יידן. זייער האַרבער פּראָבלעם — זענען געווען די פּוילישע יידן — די שלעכטע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע סיטואַציע, האָט מען טאַקע אָנגעוויזן, איז דער שולד פֿון די יידן. דער אָפֿענער אַנטי־סעמיטיזם האָט געבושעוועט פֿריי. אין די פּוילישע שטעטלעך זענען פֿאָרגעקומען פּאָגראָמען. ווען די ערשטע פֿראָנט־ליניע איז געלעגן אין חרבות און אַש, האָבן די דייטשע מאָטאָריזירטע קאָלאָנעס, טאַנקן, אַ פֿלייץ געגעבן מיט אַזאַ קראַפֿט, ווי ס'וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזן אַ מבול. אין געציילטע טעג, זענען גרויסע שטחים לאַנד שוין געווען באַזעצט דורך די נאַציס. די פֿאָראויס צוגעגרייטע דייטשע אַדמיניסטראַציע איז געווען אינפֿאָרמירט וועגן יעדער שטאָט, שטעטל, און דאָרף, מיט אַלע פּרטים. זיי האָבן געוווסט וויפֿל יידן עס געפֿינען זיך אויף יעדן אָרט. זייערע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע סיטואַציע. די דייטשן האָבן געהאַט זייערע פּוילישע פֿריינד — זייערע „קאָלאַבאָראַטאָרן". די אַלטע שנאה האָט אויפֿגעוואַכט, זיי האָבן געטריי צוגעהאָלפֿן די נאַציס צו אונזער אומקום.

אין גלינאָוויעצק האָבן געלעבט צוואַנציק יידישע משפחות. אָרעמע, האָרעפּאַשנע יידן. מיט זיי האָבן זיך די דייטשן אין דער ערשטער צייט נישט אינטערעסירט.

די מלחמה איז נאָך געווען אין פולן גאַנג. אָבער די ערשטע, ווע־מען די דייטשן האָבן פאַרפאַלגט, זענען געווען די אינטעליגענץ, די פּאָ־ליטיש־אַקטיווע. אין גלינאָוויעצק זענען נישט געווען קיין יידן, וואָס האָבן זיך באַזונדערס אינטערעסירט מיט פּאָליטיק. דאָס האָבן גאַנץ גוט געוווסט די פאָלקס־ דייטשן, וואָס האָבן פון קדמונים געלעבט אין דער געגנט. און איצט, מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן.

אין דער צייט, ווען די מלחמה האָט זיך געפירט פאַרביסן אויף די פוילישע שליאַכן, דאָס לאַנד האָט געפלאַקערט פון די נאַצישע באָמבעס, און געזיזט פאַרניכטונג, אומגליק, פאַר דער באַפעלקערונג. איז גלינאָ־וויעצק אין דעם שיינעם חודש סעפּטעמבער געווען אין אַ זייט פון דעם אומגליק וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן איבער פוילן.

די זון האָט מחיהדיק געוואַרעמט, אירע ליכטיקע גאָלדענע שטראַלן האָבן באַגאָסן דאָס קליינע שטעטל. דאָס דאָרפישע לעבן איז זיך רואיק געפלאָסן, ווי ס'וואָלט קיין מלחמה נישט געווען. נאָר די משפחות וואָס זייערע זין האָבן זיך געפונען אויף די שלאַכטפעלדער, האָבן געוויינט. און מאַמעס האָבן געווישט מיט די שירצן די בלוטיקע טרערן.

די צוקער־פאַבריק אין גלינאָוויעצק איז אָבער באַלד אין אָנהייב באַזעצט געוואָרן דורך די דייטשן. אין טיפן האַרבסט זענען די צוקער־בוראַקעס אויסגעגראָבן געוואָרן פון די אַרומיקע פעלדער, זיי זענען גע־פירט געוואָרן אין דער פאַבריק, צו פּראָדוצירן דעם צוקער. ס'איז געווען פיל אַרבעט, האָבן די דייטשן דורך דער פאַרמיטלונג פונעם סאָלטיס, אָנ־געהויבן נעמען יונגע יידן צו דער אַרבעט.

**
*

ווי מיין ברודער דוב, וועלכער איז פאַרבליבן אין גלינאָוויעצק, האָט מיר איבערגעגעבן, זענען יידן אין דער ערשטער צייט נישט געווען אויס־געשטעלט אויף קיין שיקאַנעס, ביז צו דער אויסזידלונג. די אויסזידלונג פון די גלינאָוויעצקער יידן, איז אָבער באַצייטנס נידערטרעכטיק, ברו־טאַל, צוגעגרייט געוואָרן. דאָס איז געשען אין אַ קאַלטער יאַנואַר־נאַכט. איבער דרייסיק גראַד פראָסט האָט געבריט. האָבן זיי אַרויסגעטריבן אַלט און יונג, ווי דער קליינער שטאָלצער יידישער ישוב, וואָס האָט געציילט קנאַפּע צוויי הונדערט יאָר; פון זיין אַנטשטייאונג, געלעבט האַרעפּאַשנע,

און געשאָפן אויף די דורותדיקע ערד, איז אויסגעריסן געוואָרן פון די דייטשישע הענקער און דערנאָך אומגעבראַכט געוואָרן.

כראָנאָלאָגיש איז עס אַזוי געשען:

דעם 13־טן יאַנואַר 1940 איז דער סאָלטיס געקומען אין דער פרי און באַשטימט אַ געוויסע צאָל יונגע מענטשן צו דער אַרבעט אויף נאַכט־שיכט אין דער צוקער־פאַבריק. דער זאַמל־פונקט איז געווען באַשטימט אין הויז פון משה קאָהן. ווען אַלע זענען שוין דאָרט געווען פאַרזאַמלט, איז אָנגעקומען דער סאָלטיס מיט אַ דייטשן זשאַנדאַרם און פאַרגעלייענט אַ באַפעל צום יודן־עלטסטן פון גלינאָוויעצק:

„גלייך נאָכדעם, ווי דער באַפעל וועט באַקאַנט ווערן, דאַרפן אַלע יידן זאַפאַרט דינגען פורן און פאָרן קיין טשעכאַנאָוו. מיטנעמען קליינע פעקלעך מיטן נויטיקסטן. צומאַרגנס, ווען מען וועט טרעפן אַ ייד אין גלינאָוויעצק, אָדער אין דער אומגעגנט, וועט ער גלייך דערשאָסן ווערן. דער יודען־עלטסטער איז פערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך, אַז דער באַפעל זאָל אויסגעפירט ווערן".

מ'איז גלייך געלאָפן אָנזאָגן די טרויעריקע בשורה יעדע משפחה. ווען מיר זענען געקומען צו דער מומע רייזל און איר דערציילט וועגן דעם שרעקלעכן גזר פון גירוש, צו פאַרטרייבן אונז אין דער קאַלטער יאַנואַר־נאַכט פון אונזערע דורותדיקע היימען, האָט זי רואיק אויסגע־הערט און באַלד, ווי איר שטייגער, שטיל, געלאָסן געענטפערט:

— וואָס הייסט, מען צווינגט אונז אַוועקצופאָרן? דאָ איז מען דאָך געבוירן געוואָרן?... ווו וועט מען פאָרן?... און צווייטנס — אין אַזאַ שרעקלעכן פראָסט... מ'וועט דאָך געפרוירן ווערן ביינאַכט. איך ריר זיך נישט. זיי שרעקן נאָר. מען שיסט נישט אַזוי לייכט... און אויב עפּעס דאַרף געשען מיט מיר, איז דאָ, אויפן אָרט...

אויף יענער זייט וואַסער, איבער דער צווייטער בריק, אָדער ווי מ'האָט עס היימיש גערופן „זאַוואַדאַ", איז מען געלאָפן דינגען דראַבי־ניאַסטע פורן. מיט טרויעריק־אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, ווי אבלים, האָט מען אין דער שפּעטער נאַכט אָנגעהויבן צו מאַכן די פּעקלעך, צו פאַרלאָזן אויף אייביק אונזערע טייערע היימען.

**
*

מיר, די איבערגעבליבענע, געציילטע גלינאָוויעצקער, נאָכן גרויסן חורבן, שטעלן זיך די פראַגע: וואָס האָבן זיי געטראַכט אין דעם טראַגישן מאָמענט, אונזערע טייערסטע? די עלטערע פרומע יידן, וואָס די אמונה איז געווען דער פונדאַמענט פון זייער לעבן, האָבן זיכער געריסן פון זיך שטיקער: עד מתי? ווי קען אָבער די געטלעכע השגחה מסכים זיין, ווען מען טרעט מיט די באַנדיטישע שטיוול דעם צלם־אלקים? מיט דורות פריער האָבן די קרייץ־ציגלער אויסגעשאָכטן גאַנצע יידישע קהילות. טייכן בלוט פון אונזער פאָלק האָבן זיך געגאָסן... דער גירוש שפּאַניע, די שרעקלעכע אינקוויזיציע פון בלוטדורשטיקן טאָרקוועמאַדאָ, האָט חרוב געמאַכט דאָס ספרדישע יידנטום... און אַצינד גרייט זיך דער עמלק פון אונזער צייט, היטלער, ימח שמו, אומצוברענגען אונז אַלעמען... פאַרוואָס שווייגן די הימלען? פאַרוואָס קומט נישט קיין מבול אויף די דייטשע באַנ־דיטן? אויף סדום איז אַראָפּ אַ פייער פון הימל, כאָטש אפילו סדום האָט נישט אָנגעטאָן אַזויפיל רשעות...

דרייסיק יאָר נאָכן גרויסן חורבן, איז דייטשלאַנד היינט צו טאָג דאָס רייכסטע לאַנד אין אייראָפּע. זיי באָדן זיך אין לוקסוס און שווילטאָג. דאָס איז זייער „שכר” פאַרן גרויסן רשעות, וואָס האָט נישט קיין גלייכן זינט די וועלט עקזיסטירט; און לגבי אונזער יידישן פאָלק. ס'איז שווער צו פאַרשטיין דיינע דרכים, רבונו של עולם. ווי קען מען, ווי מעג מען זאָגן, אַז דאָס איז דיין רצון?!!! אַ ווייטיק און אַ חרפּה נעמט דיך אַרום, בליקסט מיט שטומען צער, דאָס האַרץ קאָרטשעט זיך פאַר יסורים.

אונזער טייערע מאַמע האָט אויפגעמאַכט די שופלעדער, אָנגעהויבן אַרויסצושלעפּן דאָס ביסל זאַכן, באַטאַפּט זיי מיט ציטערדיקע פינגער. יעדע זאַך האָט אויפגעוועקט זכרונות פון אַמאָל, ווען זי איז אַראָפּגע־מען פון וואַרשע, חתונה געהאַט קיין גלינאָוויעצק. זי האָט כאָטש געוואָלט מיטנעמען אַלץ. ווי קען מען דאָס לאָזן אויף הפקר? זי האָט זיכער נישט געטראַכט, אַז זי וועט די ליבע, וואַרעמע היים מער קיינמאָל נישט זען.

און אונזער טאַטע, וואָס האָט ער געטראַכט דערביי, אין די שרעקלעכע מינוטן פון גירוש? ער איז געשטאַנען ביי דער טיר, מיט פאַרלאָפענע ברילן־גלעזער, באַנעצט פון טרערן, אַרומגענומען דאָס לעצטע מאָל די שטוב, אויפגעהויבן צוויי פינגער, צו קושן די מזוזה. ביי זיין שטאַרקער אמונה און בטחון, האָט טיף אין אַ ווינקל פון זיין צעבראָכן האַרץ, גע־

עקבערט די שאלה: פאַרוואָס? האָט דער אויבערשטער אויסגעגאָסן אַזויפיל צער און פיין אויף אונזערע קעפ,טאַטע אין הימל? פאַר וועלכע זינד? שרעק און ווייטיק האָבן אים געשטיקט, אונזער טאַטן, דעם אוהב ישראל, דעם מכניס אורח. וואָס וועט ווערן מיטן בית־מדרשל, וואָס מיר האָבן מיט אַזויפיל הייליקער מי אויפגעבויט? און מיט די הייליקע ספרי־תורה?

זיינע מחשבות זענען איבערגעריסן געוואָרן, ווען מיין ברודער איז אַריינגעקומען אין שטוב דערמאָנען, אַז די פורן שטייען גרייט. ווען, טאַטע, מאַמע, פאַרלאָזן זייער נעסט, וואָס זיי האָבן זייט צענדליקער יאָרן געבויט, זענען שוין זייערע טרערן־קוואַלן געווען אויסגעטריקנט, די הערצער פאַרקלעמט מיט ווייטיק און שטומען צער.

אַ קאַלטע פראָסטיקע נאַכט האָט איינגעהילט און געמאַכט ציטערן די אומגליקלעכע גלינאָוויעצקער יידן. די געוויינען פון די קינדער, האָבן אימהדיק געשניטן די פראָסטיקע לופט — די קריסטלעכע איינוווינער שלאָפן רואיק אין זייערע וואַרעמע היימען, הינטער פאַרמאַכטע טיר און לאָדן — נאָר אויף אונזער אומגליקלעך אתה בחרתנו־פאָלק איז אויסגעגאָסן אַ פינצטערער גזר. די אָנגעפּעלצטע, אָנגעגעבאַבלטע יידן זענען קוים אַרויפגעקראָכן אויף די דראַביניאַסטע וואָגנס. עס וואַכט איבער זיי אַ טונקל בלויער טיפער הימל. מיליאָנען שטערנדלעך שפּיזן פראָסטיק פון די הויכקייטן.

עס הילכט אָפּ מאָנאָטאָן אַ פויערישער וו־י־אָ! די איינגעשפּאַנטע פערד האָבן אַ שלעפּ געטון די וועגענער. אַ קאַלטע, בלאַסע, פאַרשעמטע לבנה — פאַר דעם הימלישן צאָרן וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אויף די אומגליקלעכע גלינאָוויעצקער יידן, שטייט אויף דעם סאַמעט־בלויען הימל ווי איינגעפרוירן. זי בליקט טרויעריק און באַגלייט מיט איר זילבער־ליכט די אַרויסגעטריבענע יידן, אין אַ שרעקלעכער סיבירער נאַכט פון אַ פּאָר און דרייסיק גראַד פראָסט אַריינגעוואַקסן דאָ זייט דורות.

דאָס איז געשען דעם 14־טן יאַנואַר 1940. די רעדער האָבן זיך געקאָלערט אויף די קאַלטע שפּיציקע ברוק־שטיינער. די גלינאָוויעצקער יידן האָבן זיך געבאָמבלט, ווי איינגעוויקלטע טויטע פעקלעך, די רעדער האָבן געקרעכצט אומעטיק, ווי זיי וואָלטן צוגעברומט:

— דאָס איז אייער לעצטער וועג!

— מער וועט איר אַהער זיך נישט צוריקקערן!...

דער באַפעל איז געווען צו פאָרן קיין טשעכאַנאָוו. אין דער פּאָוויאַ־טאָוער שטאָט. זיי האָבן נאָך נישט געוווסט די יידן, אַז די פּאָליציי האָט צווויסן געגעבן די פאָלקס־דייטשן, זיי זאָלן אָפּוואַרטן אין דאָרף אשטשיס־לאווא אויפן וועג, זיי באַרויבן, זיי באַפאַלן און צעשלאָגן.

אַזוי ווי די פּאָליציי האָט נישט באַגלייט די יידן, זיי זענען געווען פריי, האָט דער טאָטע וואָס האָט דאָ עפּעס פאָראויסגעפילט, באַשלאָסן איבערצוכיטרעווען די באַנדיטן. האָט ער פּלוצים געזאָגט צו די יידן:

— איך פאָר קיין פּלינצק. דאָרט וווינען מיינע צוויי שוועסטערן.

האָבן די אַנדערע יידן געענטפערט:

— מיר פאָרן מיט אייך ר׳ שמעון.

די וועגענער האָבן זיך אַרויסגעקייקלט פון שלאָפנדיקן דערפל, זיי זענען אַרויף אויפן טשעכאַנאָווער וועג. אַ פּאָר קילאָמעטער ווייטער האָבן זיי זיך אָפּגעדרייט רעכטס, צו גאַרוואָש, אויפן וועג קיין פּלינצק.

*****

אין ענגן פּלינצקער געטאָ זענען שוין געווען אַריינגעשטופּט טויזנ־טער יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך. מ׳האָט געלעבט עטלעכע משפּחות אין איין חדר. דער טיפוס האָט געבושעבעט. דער הונגער האָט געפּייניקט, און דער מלאך המוות האָט געשניטן און געזייט טויט. דער רוצחישער הויפּטמאַן, דער תליון פון פּלינצקער געטאָ — כ׳געדענק נישט זיין פּינצ־טערן נאָמען, ימח שמו — האָט אַנגעוואָרפן אַ פּחד און אַן אימה אויף אַלעמען. ביי אים האָט קיין ייד אויפן גאַס זיך נישט געטאָרט ווייזן. ווען ער האָט אָנגעטראָפן, האָט ער געשלאָגן מכּת רצח.

איינמאָל האָט דער טאַטע אָנבאַגעגנט פּנים אל פּנים דעם רוצח. ווען דער טאַטע האָט אים באַמערקט, איז דאָס בלוט ביי אים פאַרגליווערט געוואָרן. יענער האָט דעם טאַטן אָנגעקוקט מיט זיינע שטאָלערנע שליפּיעס, האָט אויסגעזען צו פאַרהאַלטן זיך, ער איז אָבער שנעל אַוועק. מ׳האָט זיך דערנאָך געוווּנדערט, וואָס פאַראַ נס דעם טאַטן איז געשען. אין פּלינצקער געטאָ האָט דער טאַטע פאַרקירצט די צוויי לאַנגע שפּיצן פון זיין באָרד. אַ געסטאַפּאָוויעץ האָט אים פאַרהאַלטן, געשלעפּט אין דער קיך אַריין, צו פאַרברענען זיין באָרד. מען איז גלייך געלאָפן צו אונזער קוזין יעקב גריק.

ער איז געווען וויצע־פּרעזעס פון יודען־ראַט. איז ער געקומען צולויפן און, מיט גרויס איינשטעלעטיש, אָפּשטעקנדיק דעם מערדער אַ סומע געלט, קוים אַרויסגעראַטעוועט דעם טאַטן.

כ'וויל ביי דער געלעגנהייט זאָגן עפּעס וועגן אונזער קוזין יעקב גריץ. ער האָט פאַרמאָגט אַ גוט האַרץ, גרייט געווען אַלעמאָל צו טון אַ טובה. אין געטאָ האָט ער זיך איינגעשטעלט פאַר יידן בלב ונפש. מיין ברודער דערציילט, אַז ווען דער ישוב אין פלינצק איז ליקווידירט און דעפּאָרטירט געוואָרן קיין בירקענוי, איז אים אויסגעקומען צו שלאָפן מיט אים אויף איין פּריטשע. ער איז שוין געווען צוזאַמענגעבראָכן. ער איז אינגיכן אויסגעגאַנגען אויף די הענט פון מיין ברודער.

די ערשטע צייט האָט מען זיך ווי נישט איז איינגעלעבט אין פלינצקער געטאָ. די גלינאָוויעצקער יידן האָבן געפונען אַרבעט, מפרנס צו זיין די משפחות. אָבער דער גרעסטער טייל האָט געהונגערט. דער טאַטע איז געווען אַנגעזען אין פלינצקער געטאָ, ער איז געווען דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער קיך, ווו מ'האָט יעדן טאָג אויסגעטיילט אַ פאָר הונדערט מיטאָגן; געווען; אַדמיניסטראַטאָר פון שפּיטאָל, ווו מ'האָט, ביי די באַגרענעצטע סאַניטאַרע מעגלעכקייטן, דאָך געהיילט מענטשן; געווען אויך איינער פון די דריי ריכטער, וואָס האָבן אויסגעגלייכט סכסוכים. דאָס האָט זיך גענומען דערפון, וואָס עטלעכע משפחות זענען געווען צוזאַמענגעקוועטשט אין איין חדר, און דערפון איז קיין גוטס אין משפחה־לעבן נישט אַרויסגעקומען. דער פלינצקער רב איז געהאַט אַוועק קיין וואַרשע, איז דער טאַטע געווען מסדר־קידושין. עס איז שוין אויך געווען אַ קרבן פון אַ גלינאָוויעצקער ייד אין יענער שרעקלעכער יאַנואַר־נאַכט, ווען מ'האָט אַלעמען אויסגעזידלט, ר' הערש־לייזער גארנא האָט זיך צוגעקילט, געקרענקט אַ שטיקל צייט און איז אויסגעגאַנגען. געקומען צו קבורה איז ער אויפן פלינצקער בית־עלמין.

אַזוי האָט זיך עס געשלעפּט אַ שטיקל צייט, ביז דער ענדגילטיקער יידן־לייזונג, ביזן „כרת". אין פיר עטאַפּן איז פלינצק אויסגעזידלט געוואָרן. דער ערשטער עטאַפּ איז געווען אין נאָוועמבער 1942. זיי האָבן צונויפגעזאַמלט אַלע נישט אַנטוויקלטע קינדער, דערוואַקסענע און קאַליקעס. דעם עפּיזאָד האָט מיר מיין ברודער דוב איבערגעגעבן:

— צוליב פאַרשידענע סיבות, וויל איך נישט אָנרופן קיין נעמען.

ערב דער אויסזידלונג איז געקומען אַ באַקאַנטער צו מיין ברודער און זיך געזעגנט צו אים מיט די ווערטער:

— איך האָב אַ שוועסטער. זי איז אַן אומגליקלעכע און מוז גיין מיטן טראַנספּאָרט פון די קאַליקעס. ענדערן קען מען עס נישט. ביז מען וועט זיי אומברענגען, וועלן זיי אויסשטיין פיל ליידן, ווייל מען ווייסט, אַז די דייטשן מאַכן עקספּערימענטן אויף לעבעדיקע מענטשן...

ער האָט גערעדט שטיל, זיין שטימע האָט זיך געבראָכן:

— איך האָב נישט קיין כוח עס אויסצופירן... מיין לייבלעכע שוועסטער. איך וועל פאַרשאַפן סם... זי וועט נישט ליידן... מאַך עס פאַר מיר און — פאַר איר...

מיין ברודער איז געבליבן דערשיטערט און פאַרשטיינערט. ער האָט עס קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן. ניין, ער וועט נישט אויספירן באַוווסטזיניק קיין מאָרד. דאָס מיידל איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ און איז אומגעקומען אין אומגעווייגלעכע ליידן.

אַזוי האָט מען אונז דערפירט, פאַרוואַנדלט אין ערגער נאָך ווי חיות, איידער נאָך מען האָט פאַרגאַזט, פאַרברענט און דאָס אַש אונזערס פאַרשפרייט אויף דער פאַרשאָלטענער ערד. די, וואָס זענען לעבן געבליבן על פי נס, פייניקן זיך טאָג און נאַכט, די קאָשמאַרן פאַרפאָלגן זיי.

אין ערשטן יאָר נאָכן קריג בין איך געווען אויף אַ פאָרטראָג פון דר. דוואָרזשעצקי, אַן אָפּשטאַמיקער פון ווילנע. ער האָט מיטגעמאַכט דעם גיהנום אין פאַרשידענע לאַגערן. אין די לעצטע יאָרן, ערב זיין אומגעריכטן טויט, האָט ער אָנגעפירט מיט דער חורבן־קאַטעדרע אויפן אוניווערזיטעט בר־אילן, אין תל־אביב. דאָס, וואָס ער האָט דאַן געזאָגט, האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון: „די פּסיכישע פאָלגן פון די, וואָס האָבן מיטגעמאַכט די שרעקלעכע, פינצטערע יאָרן פון געטאָ און קאַצעט, וועלן זיי באַגלייטן דאָס גאַנצע לעבן, נישט נאָר זיי, נאָר אויך די קינדער, וואָס זיי וועלן געבוירן"...

דער לעצטער עטאַפּ, וואָס איז אַוועק פון פּלינצק, איז פאָרגעקומען דעם 16־טן דעצעמבער 1942. שטיל, אָן געשרייען, צו פיר אין דער ריי, האָט מען זיי אַוועקגעפירט צום אומקום. זייער פאַרגאָסן בלוט זאָל נישט געשטילט ווערן. אָט וואָס מיין ברודער דערציילט:

— אין אַ פאַרנעפּלטן נאָכמיטאָג, אַרום 4 אַזייגער, דעם 17־טן דע־צעמבער, זענען מיר אָנגעקומען קיין בירקענוי. אַ וויסטע קעלט האָט איינגעהילט אונזערע גופים. אַ בלייערנער, פאַרויכערטער הימל איז גע־האָנגען נידעריק. ווען מיר האָבן דערזען ווי מיר געפינען זיך, האָבן אונ־זערע הערצער אָנגעהויבן שטאַרקער קלאַפּן. מיר האָבן געבליקט אין שטו־מען צער, און פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אונזער לעצטער וועג. די באַן האָט זיך פאַרהאַלטן מיט אַ שטילן קרעכץ, די פאַרע ביי די רעדער האָט גע־סיקעט טרויעריק. די טירן פון די וואַגאָנעס האָבן זיך אויפגעפּראַלט. די פליגל פון שרעקלעכן טויט — וואָס הייסט חנק, האָט אַ פלאַטער געגעבן און געשוועבט איבער אונז. דונערדיקע קולות פון שיכורע ס.ס.־באַנדיטן, האָבן געשניטן די נאַכטיקע לופט. צו די הימלען האָבן זיך געריסן ווילדע גיהנום־פלאַמען. די לופט איז געווען פאַרפּעסטעט פון די פאַרדומפּענע רויכן און די שטיקנדיקע ריחות פון די קרעמאַטאָריעס.

פון פלינצקער טראַנספּאָרט זענען נישט געווען קיין קרבנות. די ס.ס. האָבן אויסגעקליבן יונגע, שטאַרקע יידן, אַראָפּצונעמען פון וואַגאָן די אַלטע און קראַנקע, אַרויפגעזעצט זיי אויף שטופּ־וועגעלעך און זיי אַוועקגעפירט. זייער וועג איז געווען צו די גאַז־קאַמערן.

אַ קליין קינד האָט זיך צעוויינט, אויף די הענט פון אַן אומגליקלעכער מוטער. צי האָט זי דען געקענט טראַכטן אַז איר טייער קינד וועט באַלד אויפהערן וויינען — און פאַרשטומט ווערן אויף אייביק? — ווייל די דייטשישע וויסנשאַפט, די פון דער העכערער ראַסע האָבן דערפונדן אַ ספּעציעלן גאַז — צו דערשטיקן קליינע אומשולדיקע קינדער און דער־וואַקסענע, נאָר פאַר דעם פאַרברעכן ווייל זיי זענען יידן... די פינצטערע, באַנדיטישע קולות, האָבן געדונערט — רעכטס און לינקס.

ווען מיין ברודער איז באַלד דערנאָך צעשייד געוואָרן פון אונזערע עלטערן, האָט ער צום לעצטן מאָל געבליקט צו זיי און צום הייפל גלי־נאָוויעצקער יידן. די מאַמעס אויגן האָבן ווי אַ פאַרוווּנדעטע טויב אין שטומען צער — נישט געקענט אָפּרייסן דעם בליק פון איר קינד. אין די שרעקלעכע מינוטן פון טויט, האָבן זיי פאַרגעפילט אַז זיי וועלן זייערע קינדער קיינמאָל שוין נישט זען — אַ צאַפּלדיקע פערלדיקע טרער האָט אַ ציטער געגעבן און געוואָרן פאַרגליווערט — אַ באַנדיט האָט זיי ברוטאַל אַ שטורס געגעבן און אָפּגעריסן זיי אויף אייביק פון אונז, מיט די אַנדערע קדושים.

אין סטשעגאָוואָ האָט געוווינט די מומע רחלס אַ שוועסטער, לאה, פון איר ערשטן מאַן האָט זי געהאַט אַ זון, יעקב. אונזער קוזין און מיינער אַ יוגנט־חבר. איך וויל איםווידמען אַ פּאָר שורות: אַ גוט האַרץ, אַן ערלעכע נשמה. ווען מיין ברודער איז געקומען קיין בירקענוי, האָט ער דאָרט געטראָפן אונזער קוזין יעקב פון סטשעגאָוואָ. ער איז געווען אַטלעטיש געבויט און מען האָט אים אויסגעקליבן אין דער „זאָנדער־קאָמאַנדאָ״. די טרויעריקע שרעקלעכע אַרבעט איז באַשטאַנען אין דעם: נאָכן פאַר־גאַזן אונזערע ברידער און שוועסטער, אַרויסנעמען זיי פון די גאַז־קאַמערן און פירן זיי אין די קרעמאַטאָריומס צום פאַרברענען. איינמאָל, האָט ער געטראָפן מיין ברודער און אים געזאָגט:

— מער קען איך עס נישט מאַכן! — כ׳האָב זיך פאַרשריבן אין אַ צווייטן טראַנספּאָרט. כ׳ווייס וואָס דאָס איז — טויט — כ׳וויל בעסער דאָס — מער קען איך נישט...

הייליקן כבוד דיר, אונזער קוזין יעקב!

# די באַפרייאונג

31 יאָר זענען פאַרלאָפן, זינט דעם טריבן פאַרנאַכטיקן אָוונט, דעם 4־טן מאַי, ווען דער ליכטיקער שטראַל פון באַפרייאונג, נאָך לאַנגע יאָרן פון פּיין, הונגער, יסורים, האָט אויפגעלויכטן. ווערטער זענען צו שוואַך איבערצוגעבן, וואָס דער פינצטערער עמלק, דער מערדערישער היטלע־רישער מעכאַניזם פון טויט, האָט אויסגעפירט אין האַרץ פון אייראָפּע, איבער אונזער אומשולדיק יידיש פאָלק.

כ'האָב זיך אָפט פאַרטראַכט, נישט געקענט פאַרשטיין: ווי אַזוי האָבן מיר אויסגעהאַלטן דעם שטאַרקן פסיכישן שאָק פון דער באַפרייאונג? און זיך נישט איינגעבראָכן. זענען מיר דאָך פאַרבליבן שאָטנס פון לעבן, אָנגעבונדן מיט די שוואַכסטע פעדים. אַזוי ווי פויערים שטעלן אָוועק אויף די פעלדער שטעקנס, הענגען אויף זיי אַלטע מלבושים, צו שרעקן די פייגל — אַזוי האָבן מיר אויסגעזען אין דער צייט פון אונזער באַפרייאונג און געשראָקן אַלץ אַרום, מיט אונזער אויסזען.

***

ס'איז געווען אין חודש אַפּריל, 1945. יעדן טאָג זענען אָפּגעגאַנגען טראַנספּאָרטן. דער לאַגער אין מאַטהאַוזען האָט זיך אָנגעהויבן אויסצולײדיקן. מיר זענען שוין געוואָרן גלייכגילטיק צו דעם וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אַרום אונז. די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט געשפּאַרט און פאַרפאָלגט די דייטשן פון אַלע זייטן. יעדן טאָג זענען געפלויגן איבער אונז עסקאַדרעס אַוויאָנען, מען האָט באַלד דערנאָך געהערט שטאַרקע עקספּלאָזיעס אין דער געגנט. דאָס האָט אונז געשטאַרקט און פאַרשאַפט פרייד.

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט מען אויך אונז אַרויסגעפירט פון לאַ־

גער. נאָך אַ פּאָר שעה מאַרשירן, זענען מיר אָנגעקומען אויף גרויסע פרייע פעלדער, פונדערוווייטנס האָט זיך געצייכנט אַן אויפשריפט: „צעלטן־לאַגער". איבער הויכע אייזערנע צירק־שטאַנגען זענען געווען אָנגעצויגן דיקע ברעזענט־לייוונטן, צוגעבונדן מיט שטריק צו די אייזערנע שטאַנגען אין דער ערד. דער אַריינגאַנג איז געווען ווי אין אַ ריזן־צירק.

ווי שרעקלעך, טרויעריק, האָט אויסגעזען דער ספּעקטאַקל. אינעווייניק זענען טויזנטער העפטלינגע געווען אויסגעזעצט, געוויינט, געליאַרעמט — און כאַרכלדיק אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם, און געבליבן זיצן מיט שטאַרע אָפענע אויגן. אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע לאַגערן וואָס מיר האָבן מיטגעמאכט, איז דאָ געווען דער שרעקלעכסטער גיהנום. מיר זענען געלעגן אויף דער הוילער נאַסער ערד, ס'האָט אַריינגערעגנט דורך די לעכער. מיר זענען געזונקען אין אַ בלאָטע. ס'איז שווער געווען אַרויסצוציען אַ פוס פון דער בלאָטע, אַזוי אָפּגעשוואַכט זענען מיר געווען. נישט קיין וואַסער צום טרינקען, נישט אָפּצוואַשן זיך. קיין שום סאַניטאַרע באַדינגונגען. מענטשן האָבן געמאַכט אונטער זיך, זיי האָבן זיך מער נישט קאָנטראָלירט, און עס איז דאָרט געשטאַנען אַן עיפּוש. אַ נס, וואָס עס איז נישט אויסגעבראָכן קיין עפּידעמיע. אונזער גוף איז סיי ווי געווען אַ זעקל מיט שמוץ און מיקראָבן, און די כאָלערע האָט, ווי דורך אַ נס, נישט געהאַט איבער אונז קיין שליטה.

די גרעסטע פּלאָג איז געווען ביינאַכט. ס'איז נישט געווען קיין אָרט פאַר אַלע אויסצוציען דעם מידן גוף. מיר זענען געלעגן איינגענורעט אין די צעריסענע קאָלדרעס און געציטערט פאַר קעלט. די וואָס האָבן נישט געהאַט קיין פּלאַץ אָוועקצולייגן זיך, האָבן אַראָפּגעשלעפּט פון די שלאָפנדיקע זייערע שמאַטעס, ביי דער געלעגנהייט צוגעגנבעט דאָס שטיקל ברויט. זייער אָפט זענען די שוואַרצע נעכט, צעריסן געוואָרן פון געשרייען, געוויינען:

— מיין שטיקל ברויט!... מ'האָט מיר צוגענומען מיין שטיקל לעבן!...

דער דאַנטע־גיהנום איז שוואַך קעגן דעם, וואָס מיר האָבן דאָרט געזען. מען האָט נישט געזען קיין היטערס מיט געווער. זיי זענען זיכער געווען, אַז מיר וועלן נישט אַנטלויפן. נאָר ביים אויסטיילן דאָס וואַרעמע ביסל וואַסער מיטאָג־צייט, האָבן מיר געזען אַ פּאָר אַלטע עסטרייכישע זעלנער.

דאָ אין דעם צעלטן־לאַגער, האָבן די באַנדיטן נישט באַדאַרפט קיין גאַז־קאַמערן. מיר זענען געפאַלן ווי פאַרסמטע פליגן. דאָס לעבן האָט זיך שנעל געלאָשן; געשאַרט זיך, ווי אַ האַלב־טויטער, מיט די צוויי גע־שוואָלענע פיס, זיך אַ וואַקל געטון, אומגעפאַלן און געבליבן פאַרשטיינערט. אין יעדן ווינקל זענען געלעגן מתים. אין דרויסן, אויסערן באַראַק, זענען געלעגן הונדערטער, ווי אין אַ וואַלד, וואָס מען האַקט אויס, און מען לייגט אין קלאַפטער שטיקער שטשאַפּעס האָלץ, אויף ווינטער צום ברענען. זיי זענען געלעגן מיט אָפענע אויגן, אויסגעקרימטע מיילער, שוואַרצע ציין האָבן געשטשירעט מוראדיק.

די ערשטע פּאָר טעג זענען מיר געווען אויפגעשווידערט פון דעם מאַסן־טויט. ביינאַכט האָבן געפייניקט קאָשמאַרן. די שוואַרצע פינצטערע נעכט זענען צעריסן געוואָרן פון אימהדיקע קולות. ביז מען האָט זיך צוגעוווינט, צוזאַמענגעלעבט מיט די טויטע. אַ גרויסער טייל לאַגער־ניקעס זענען געווען ווי וואַנזיניק. דער געדאַנק איז געווען ווי פּאַראַלי־זירטזירט. דער פּלאַן פון די נאַצישע האַרדעס האָט זיך איינגעגעבן, צע־ברעכן אונז פיזיש און גייסטיק, דערפירן צום צושטאַנד פון ווילדע חיות.

***

כ׳דערמאָן זיך אַ טראַגישן פּאַל. מיר זענען געווען אַ פּאָר חברים און געהאַלטן זיך צוזאַמען. איינער פון אונז האָט באַקומען קרעץ אין מויל און נישט געקענט גאָרנישט אַראָפּשלינגען. האָט זיך אין לאַגער געפונען אַ טשעכאָסלאָוואַקישער דאָקטער. (דאָס איז דער זעלבער דאָקטער וואָס איז געווען מיין מלאך־רפאל אין לאַגער „ליבע־ראָזאַ״) האָט ער אים באַ־טראַכט און געזאָגט, אַז אָן רפואות קען ער אים נישט העלפן. די נאַכט וועט ער שטאַרבן. אין אָוונט האָט ער מיר אָוועקגעגעבן זיין אָרעמע פּאַרציע ברויט.

— נעם — זאָגט ער מיר שטיל — איך דאַרף שוין מער נישט — איך פיל די פליגל פון טויט זיי הייבן אָן מיך פאַרדעקן... ווען דו וועסט איבערלעבן דעם גיהנום, טראַכט אַמאָל וועגן מיר... דערצייל וואָס די באַנדיטן האָבן מיט אונז געמאַכט.

ער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, און מער נישט געקענט. זיינע טויטע אויגן האָבן זיך באַזילבערט נאָר נישט פאַרמאַגט מער קיין כוח,

די לעצטע טרער זאָל נאָס מאַכן זיינע באַקן. ער האָט זיך אויסגעדרייט, פאַרשטעקט דעם קאָפּ אין דער צעפּוילטער קאָלדרע און איז פאַרשטומט געוואָרן.

ס'האָט מיך אָנגעהויבן שטיקן אין האַלדז. כ'בין אַרויסגעלאָפן פון באַראַק, געזעצט זיך אויף אַ שטיין, מיין קאָפּ אין די הענט אַריינגענומען, און זיך צעוויינט ווי אַ קינד. די נאַכט־פינצטערניש האָט מיך איינגעהילט. אויף דעם טונקל־בלויען הימל האָבן שטערן זיך געצונדן און געלאָשן. אַ געדאַנק האָט אַ פּיק געגעבן עס וואָלט גוט געווען ווען איך שלאָף דאָ איין אויף אייביק, אויף דעם איינזאַמען שטיין... מער זיך נישט אויפוועקן, מען האָט שוין נישט געקענט איבערטראָגן דאָס רשעות. אַ פרילינגס ווינטל האָט צעשאָקלט די ביימער. זיי האָבן זיך טרויעריק צעברומט, מיט מיינע טרויעריקע געדאַנקען בין איך איינגעשלאָפן. ווען כ'האָב זיך איבערגעוועקט, האָב איך געציטערט פון קעלט. כ'בין אַריין אין באַראַק, צוגעשאַרט זיך צו מיין ווינקל און דערזען די אויפגעריסענע אויגן און דאָס צעקרומטע מויל פון מיין חבר. ער איז געווען טויט. מיר האָבן אים אַרויסגעטראָגן פון באַראַק, אַהין, ווו עס האָבן זיך געוואַלגערט צענד־ליקער פון אונזערע אומגליקלעכע ברידער.

אין דער פרי, ווען מיר זענען אַרויס פון באַראַק, האָט זיך אַנטפּלעקט אַ שוידערלעך בילד. נאָך 31 יאָר פון די שרעקלעכע איבערלעבונג, ווען איך דערמאָן זיך, נעמט מיך אַרום אַ שוידער — עס האָט ביי אים געפעלט אַ האַלבע האַנט — איך בין געלאָפן אויפזוכן דעם דאָקטער. זוכנדיק אים צווישן די טויזנטער פאַרפייניקטע, האָב איך באַמערקט פאַרשטעקט אין אַ ווינקל אַ מאַן, מיט ווילד־משוגענע אויגן, ווי ער גריזשעט אַ ביין... דאָס איז געווען די האַנט פון מיין חבר...

איך דערפיל די הייליקע צוואה פון מיין חבר, געציילטע מינוטן פאַר זיין טויט. איך דערמאָן דיך אָפּט — און די אַלע, וואָס זענען אומגעקומען מיט אַלערליי מיתות משונות, פון די דייטשישע מערדערס. איך פאַר־שרייב עס לדורות און שריי אויס מיט ווייטיק!!!

— זכור את אשר עשה לך עמלק! פאַרגעסט נישט, לאָזט אייך נישט איינוויגן מיט לאַקריץ־זיסע פאַלשע רייד! קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

עד סוף כל הדורות!

**
*

מיר ווערן אויפגעוועקט פרי, אַביסל שוואַרץ וואַסער אַ פאַרשימלט שטיקל ברויט, און מיר ווערן געטריבן טיפער קיין עסטרייך. די אַמעריקאַנער און רוסישע אַרמייען, האָבן אַלץ ענגער געמאַכט דעם רינג און איינגעשלאָסן די דייטשע האָרדעס. דאָס איז געווען אונזער לעצטער וועג — ער איז אַריין אין אונזער טרויעריקער געשיכטע, מען האָט אים גערופן דעם „טויטן־מאַרש", געטריבן אָן אויפהער. גערוט אַ פּאָר מינוט און ווייטער געיאָגט.

אויף די לאַנקעס און שאָסיי־גריבער, האָבן מיר געגעסן די פרילינגס־גראָזן, אויסגעגנאָגט זייער זאַפט, צו באַקומען אַ טראָפּן חיות. ווער ס'איז אָפּגעשטאַנען פון די רייען, פאַר שוואַכקייט מיטצוהאַלטן דעם מאַרש, האָט באַקומען דעם „גענאַדע־שאָס". אין די הונדערטער זענען זיי געלעגן פון ביידע זייטן שאָסיי. געציילטע טעג פאַר דער באַפרייאונג, פאַרשניטן געוואָרן. די פאַרשאָלטענע דייטשע און עסטרייכישע ערד, איז פעט געוואָרן פון בלוט פון אונזערע מאַרטירער, באַזייט מיט אומבאַקאַנטע קברים.

***

נאָכן מאַרשירן אַ פּאָר טעג, זענען מיר אָנגעקומען אין שטעטל „קונסקירכען" אין דער געגנט ביי וועלס. אין אַ וואַלד אויף אַן אויסגעהאַקטן שטח, זענען געווען צעוואָרפן באַראַקן, אין מיטן בויען. מ'האָט זיי שוין נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן. זייער מפּלה איז געווען נאָענט. די ווענט זענען געווען צונויפגעשטעלט, די קראַקוועס אויף די דעכער מיט די לאַטעס, איניקע שינדלען האָבן געסטערטשעט, אַן טירן, אָן פענצטער, אָן פּאָדלאָגעס. אַ בלאָטיקע, ליימיקע ערד האָט זיך געקנעטן אונטער די פיס־טריט. אָן אַ ברעקל האָפענונג, אָפּגעשניטן פון דער וועלט, האָבן מיר געוואַרט ווי צום טויט־פאַרמשפּטע.

די נעכט זענען געווען פיינלעכער ווי די טעג. ווען די פינצטערע נאַכט האָט זיך אין וואַלד צעלייגט, האָט מען אונז אין די באַראַקן ווי די שאָף געטריבן, מיר האָבן זיי גערופן הונט־בודעס. ס'איז געווען ענג, מיר האָבן נישט געהאַט אַ ברעקל אָרט, ווו אַנידערצולייגן די אויסגעטריקנטע ביינער, קוים געקענט זיצן. אַזוי זיצנדיק, האָט מען יעדן פרימאָרגן

אַרויסגעטראָגן, איינגעשלאָפענע אויף אייביק — צוזאַמענגעקאָרטשעט, פאַרקריפּלטע ווי קליינע הינדעלעך.

***

ס׳איז געווען סוף אַפּריל 1945. קאַלטע פרילינג־רעגנס האָבן דורכ־געווייקט די אויסגעמאַטערטע גופים אונזערע. מען האָט זיך פאַרשטעקט אונטער די געדיכטע צווייגן פון אַלטעביימער, געטיולעט זיך איינער צום אַנדערן צו דערוואַרעמען זיך. די גרעסטע פּלאָג איז געווען ביינאַכט, ווען קאַלטע רעגנס האָבן געגאָסן איבער די קעפּ אָן זיך צו שיצן. די וואַלד־ביימער האָבן געברומט און געוואָיעט, פון די שטאַרקע נאַכטיקע ווינטן, אומהיימלעך זיך געשאָטנט.

אין איינער אָ נאַכט האָב איך זיך אויפגעוועקט פון אַ קאָשמאַר, גע־ציטערט פון קעלט ווי אַ פאַרוועלקטער בלאַט. מיט אַ פּאָר מאָנאָטן צו־ריק, ווען איך בין נאָך געווען אין „ליבע־ראָזא״ קומענדיק פון בירקענאו, האָט מען מיר צוגעטיילט אַ מאַרינאַרקע מיט לאַנגע אַרבל. צו באַפרייען די פינגער, האָב איך אַריבערגעבויגן דעם שטאָף און אַזוי געטראָגן די גאַנצע צייט. צו דערוואַרעמען זיך, האָב איך אַראָפּגעלאָזט דעם שטאָף, אַריינגעשטעקט די קאַלטע, נאַסע הענט. אין דעם האָב איך דערפילט אין עק אַ האַרטע זאַך. פאַרטאָג האָב איך זיך צוגעשלייכט צו אַן אַלטן בוים מיט געדיכטע צווייגן, אויפגעריסן דעם אַרבל־פאָדשעווקע און אַרויס־געשלעפּט... 100 דאָלאַר אין פּאַפּיר און 20 דאָלאַר אין גאָלד... דאָס האָט מיך דערנאָך געראַטעוועט און געשטילט דעם הונגער.

אַזוי האָט אַן אומגליקלעכער אומבאַקאַנטער ברודער, וועלכער איז אוודאי אומגעקומען, צוגעגרייט פאַר מיר אין די לעצטע טעג פאַר מיין באַפרייאונג צו דערהאַלטן מיך ביים לעבן, וואָס האָט זיך גענומען לעשן.

***

דעם 4־טן מאַי האָט זיך דער פרימאָרגן געשטעלט אַ ליכטיקער. בלויע הימל פּאַסן, האָבן ווי גרויסע פענצטער, אַראָפּגעקוקט אויף די וואַלדיקע סאָסנע־ביימער. אַ וואַרעמע פרילינגס־זון האָט באַלויכטן אונ־זערע בלייכע פּנים־מאַסקעס. מען האָט זיך געשאַרט צווישן די ביימער,

געזוכט אַ שפּאַרע ליכט צו דערוואַרעמען זיך. די כוחות מיט די שוואַכע פונקן פון לעבן האָבן אָנגעהויבן צאַנקן — אַ געדאַנק האָט אויפגעוואַכט אין מיין מוח: עס קומט דער סוף! אַזויפיל יאָרן געקעמפט, אויסגעהיטן, געזען נישט איינמאָל דעם טויט פאַר די אויגן, אָבער גלייכצייטיק — אַ טיפער גלויבן אַ נאַרישער?... אַז אפשר וועל איך דאָך זיין פון די גליק־לעכע, און זיך דערהאַלטן.

איך קוק אויף מיינע חברים, ווי זיי שאַרן זיך אין שאָטן צווישן די ביימער לעבעדיקע מתים — אָבער, איך גלויב נישט מער... די וואַלדיקע אָרעמס, וואָס ציען זיך צו די הימלישע הויכן, וועלן אונז איינקלאַמערן און דערשטיקן אונזער אָטעם. אַ געשריי פון אַן ס.ס.־באַנדיט רייסט איבער מיינע געדאַנקען:

— אַלע אין די באַראַקן! — און ער מעלדעט — מיר דאַרפן צוואַנציק מאַן, פרייוויליקע, צו באַערדיקן אייערע טויטע. ווער עס מעלדעט זיך, באַקומט אַ האַלב ברויט...

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לויפן פון אַלע זייטן, מיט זייערע גע־שוואָלענע פיס, די געפּלאָגטע. צו באַקומען אַ שטיקל ברויט. אָבער מער האָבן מיר זיי דערנאָך נישט געזען, אין טאָג פון באַפרייאונג. צוזאַמען מיט די, וואָס זיי האָבן אין די גריבער אַריינגעלייגט, האָבן זיי באַקומען אַ „גנאַדע־שאָס" און געפאַלן אין די אָרעמס פון זייערע טויטע חברים. אַזוי זענען זיי פאַרשניטן געוואָרן פון די באַנדיטישע דייטשע קוילן מיט דער האָפענונג פון אַ שטיקל ברויט...

דעם 4־טן מאַי, 1945, זיבן אַזייגער אין אָוונט. דער הימל איז גע־ווען באַדעקט מיט שוואַרצע וואָלקנס, זיי שוועבן נידעריק. ס׳דאַכט זיך אַז זיי וועלן פאַרטשעפּען די הויכע וואַלדיקע ביימער־שפּיצן — פון דער ווייטנס הערט מען דאָס דונערן פון דער אַרטילעריע. דער עכאָ קלינגט אָפּ אין טיפן וואַלד. עס הייבט אָן צו פאַלן אַ דראָבנער רעגן. די טראָפּנס זילבערן זיך אויף די יאָדלע־צווייגן. זיי זאַמלען זיך, און פאַלן צו דער ערד. זיי צעשפּריצן זיך ווי קליינע ברילאַנטן און פאַרשווינדן. אַ שטורעם־ווינט האָט זיך אַריינגעריסן, צעטרייסלט די ביימער. זייערע שפּיצן־קרוינען האָבן געשמיסן און געשפּריצט מיט רעגן־וואַסער. דער אָוונט־שטורעם האָט אַלץ פאַרשטומט.

מען הערט נישט מער די געשרייען פון די זעלנער, אין דער צייט ווען זיי יאָגן צוריק אין די באַראַקן אַריין. מיר פילן, אַז עפּעס דאַרף דאָ געשען אומגעוועגליכעס, נאָר מיר זענען שוואַך, אָנמעכטיק. מיר האָבן שוין מער נישט געגלויבט, אַז מיר שטייען אויף דער שוועל פון אונזער באַפרייאונג: אַז מיר האָבן דערלעבט דאָס, וואָס מיר האָבן יאָרן אויף דעם געוואַרט, געבעטן, געחלומט, די מפּלה פון היטלעריזם פון מלכות זדון.

אַרומגערינגלט אין וואַלד, זענען געשטאַנען אָפּגערוקט איינער פון צווייטן, עלטערע עסטרייכישע זעלנער, מיט אויטאָמאַטיש געווער אין האַנט. די האַלב־טויטע שקלאַפן, כאָטש מען האָט זיי נישט געיאָגט, ווי די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָבן זיי זיך געשאַרט אין די באַראַקן. ווי די בהמות אין די דערפער אין אָוונט ציען זיי אין די שטאַלן. כ'האָב זיך געדרייט אין וואַלד, דער רעגן האָט געשמיסן אין פּנים. פון דער ווייטנס האָב איך באַמערקט אַ נידעריקן פּיען, דערלעבן איז געשטאַנען אַן אַלטער צעצווייג־טער בוים.

כ'האָב זיך געזעצט אויפן פּיען און אַ געדאַנק איז צו מיר געקומען — די נאַכט שלאָף איך אין וואַלד. כ'האָב אויסגעזוכט אַ פּאָר שמאַטעס, אויסגעלייגט אויף דער נאַסער ערד, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דעם פּיען האָב איך גערעכנט דאָ איבערצונעכטיקן.

דער רעגן האָט זיך געשטאַרקט, דער ווינט האָט געטרייסלט די ביי־מער, געפלויגן צווישן זיי און געוויעט. דער געדיכטער בוים מיט די יאָדלע־צווייגן האָט מיך באַשיצט, דעם קאָפּ איינגעהילט אין די שמאַטעס. עס פאַלן רעגן־טראָפּנס פון די צווייגן, זיי שלאָגן זיך אָפּ אויף מיר. עס קאַפּעט — עס דרייען זיך געהיימע שאָטנס, זיי זוכן שוץ אין וואַלדיקע אָרעמס — אַ קאָשמאַר־חלום וואַכט אויף איך זע זיך ווי כ'גרייט צו מיין קבר, שיט אַן פיל גראָז... אַן ס.ס.־באַנדיט ברענגט מיר צו אַ קליין קישע־לע און כאַרכלט, כיקעט... פון זיין פּיסק שפּאַרט אַ נעפּל און פאַרשטעלט אַלץ. כ'וויל דורכרייסן דעם נעפּל, פאַרליר די כוחות און פאַל אין חלשות... אין דעם פיל איך ווי מען טרייסלט מיך, מען רייסט אַראָפּ די שמאַטע פון מיין קאָפּ. עס שרייט ווער:

— שלאָפסט גאָר, משוגענער!... מיר זענען פריי!...

אַ נאַרישער חלום — טראַכט איך, אין דער הייסער רגע.

— לאָז שלאָפן! — צעשריי איך זיך, און צי די שמאַטע איבער דעם קאָפּ.

אָבער דער שלאָף קומט נישט מער. עס דערטראָגן זיך צו מיר שוואַכע געשרייען, און וואָס אַמאָל — שטאַרקער. איך רייס זיך אויף ווי אַ שלאַנג וואָלט מיר אַ ביס געטון. איך זוך די זעלנער, וואָס זענען געשטאַנען נישט ווייט פון מיר. זיי זענען פאַרשוווּנדן...

איך גלויב נישט מיינע אויגן, איך שפּיז אַדורך די נאַכט־פינצטערניש, לויף טיפער אין וואַלד אַריין. מיינע געשוואָלענע פיס, פּלאָנטערן זיך. איך פאַל. אַ זיסע פליסיקייט באַנעצט מיינע ליפּן.

די געשרייען ווערן שטאַרקער. עס פלאַקערן אויף פייערן אין פינ־צטערן וואַלד. אַרום די פייערן וויינען, לאַכן, שרייען די לעבעדיקע מתים. מען פאַלט זיך איינער דעם אַנדערן אין די אַרעמס, מען שרייט:

מיר זענען פריי!... לעבן זאָל אונזער פרייהייט!...

כ׳בין פאַרשטיינערט. ס׳קאַכט אין מיר דאָס האַרץ. כ׳וויל אויך שרייען, אויסשרייען אין פינצטערן — ניין!!! אין ליכטיקן וואַלד!... די פרייד צוזאַמען מיטן ווייטיק, פאַר די מיליאָנען, וואָס האָבן נישט דערלעבט דעם הערלעכן מאָמענט. אָבער איך קען קיין וואָרט נישט אַרויסברענגען. איך בין שטום געוואָרן פון איבעראַשונג — פון איבערלעבונג...

ביי די אָנגעצונדענע פייערן דערזע איך אַ קליין, יונג סאָסנע־ביימל. כ׳לויף צו, כאַפּ עס אַרום. דריק צו מיר ווי אַ לעבעדיקע זאַך... איך רייס אויף דאָס מויל, און אַ געשריי הילכט אָפּ אין פינצטערן וואַלד:

— איך קוש דאָס ביימעלע און מורמל ווי אַ וואַנזיניקער:

— דו! הערסט! שריי איך! מיר זענען פריי!... — מיר האָבן דערלעבט היטלערס מפּלה... — מיר זענען פריי! כ׳בין פריי!... — פריי!!!

איך שריי אַן אויפהער — אומפאַרשטענדלעכע ווערטער רייסן זיך אַרויס פון מיין האַלדז. איך טרייסל זיך אין קאָנוווּלסיעס. ס׳האָט זיך גע־עפנט אַ קוואַל פון טרערן. זיי גיסן זיך. דאָס זענען טרערן פון פּיין, און יסורים פון די פאַרלאָפענע יאָרן, טרערן פון פרייהייט — וואָס דער ליכ־טיקער פרילינג האָט אונז באַגליקט. ווערטער פון בענטשונג פּרעפּלען מיינע פאַרשמאַכטע ליפּן, צו דער פינצטערער — און ליכטיקסטער נאַכט,

צום שטומען וואַלד, צו דער השגחה, וואָס האָט אונז ענדלעך צוגעשיקט דעם הערלעכן שטראַל פון באַפרייאונג.

***

באַפרייט האָט אונז די אַמעריקאַנער אַרמיי, אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל קלאַרק. די ערשטע וואָס האָבן זיך אַריינגעריסן אין לאַגער מאַטהאַוזען, האָבן געפונען דאָרט פאַרשטעקט דעם לאַגער־קאָמענדאַנט — איך דערמאָן זיך נישט זיין פאַרשאָלטענעם נאָמען. אַלע דאָקומענטן און אַרכיוון האָט מען געפונען. עס איז אויך געפונען געוואָרן דער געהיימער דאָקומענט, ווו עס איז באַוויזן, ווי אַזוי עס איז צוגעגרייט געוואָרן דער פּלאַן פון אונזער פאַרניכטונג: ביי די טיראָלער בערג געפינט זיך אַ טו־נעל, וואָס איז לאַנג ביז 10 קילאָמעטער. פון איין זייט איז דער טונעל געווען פאַרמויערט. דערפאַר האָבן די דייטשן קאָנצענטרירט אַ פּאָר צענדליק טויזנט העפטלינגע אין דער געגנט. אין דעם טונעל האָט מען אונז געזאָלט אַריינפירן, פאַרשטאָפּן אים, און מיט שטאַרקע דינאַמיט־לאַ־דונגען, אויפרייסן דעם טונעל מיט אונז צוזאַמען.

אָט דער טייוולאַנישער פּלאַן איז צעשטערט געוואָרן, ווייל די אַמערי־קאַנער אַרמיי איז געקומען מיט צען טעג פריער, ווי די דייטשע געהיים־דינסט האָט פאָראויסגעזען. אַזוי אַרום זענען מיר געבליבן די לעבעדיקע עדות וואָס זאָלן פאַרצייכענען די גרויל סצענעס לדורות.

***

נאָך 31 יאָר, ווען מיר באַשרייבן די שרעקלעכע מערדערייען, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען, שטייען מיר נאָך אַלץ פאַר די אויגן יענע אומ־גליקלעכע יידן, וואָס האָבן געטיילט מיין גורל. דאָס קען מען נישט פאַר־געסן! ביי דעם היינטיקן מאָמענט קומען פאַר אין דער וועלט געשעענישן וואָס מאַכן אונז אומרואיק און דערמאָנען — דאָס וואָס עס האָט פּאַסירט מיט אונז מיט 31 יאָר צוריק. עס געפינען זיך נאָך גענוג געמיינע חיות אין מענטשן־געשטאַלט, וואָס פרעדיקן, און העלפן אויפלעבן היטלערס נאַצישע טעאָריעס. מיר בלייבן פאַרשטיינערט פון שרעק און עקל. עס וועקט

און מאָנט: איז עס מעגלעך? דאַן באַווייזט זיך אַ ברענענדיקער פינגער, אַן אצבע אלוהים, און עס הערן זיך פייערדיקע, דערשטיקטע רייד פון די מיליאָנען פאַרגאַזטע, אומגעקומענע, אין זייער לעצטן גסיסה־צאַפּל: פאַרגעסט נישט! מאָנט גערכטיקייט! לאָזט אייך נישט איינוויגן! געדענקט, וואָס עס איז געשען!

אין דער צייט פון לעצטן קריג האָבן די נאַציס אַריינגעטריבן דאָס גאַנצע שטעטל אָראַדור סיר גלאַן אין דער קירכע, באַגאָסן מיט בענזין און אונטערגעצונדן זיי לעבעדיקערהייט. ווי האָט דער געוועזענער פּרעזי־דענט פּאָמפּידו געקענט אונטערשרייבן אַן אַקט פון באַגנעדיקונג פאַרן געמיינעם, נידערטרעכטיקן פראַנצויזישן קאָלאַבאָראַטאָר טוויע? ער איז געווען דער הויפּט־מיטהעלפער פון דער געסטאַפּאָ אין ליאָן! ער האָט אויף זיין געוויסן נישט נאָר פראַנצויזישע יידן, נאָר אויך פראַנצויזישע פּאַטריאָטן. ווי האָט אים די האַנט נישט געציטערט, ווען ער האָט געלייגט זיין אונטער־שריפט? ווי שוואַך האָט אויסגעזען דאָ אין פראַנקרייך דער פּראָטעסט קעגן דייטשלאַנד, וואָס לאָזט פריי אירע קריגס־פאַרברעכער, אין שייכות מיט בעאַטאַ קלאַרספעלדס פּראָצעס אין קעלן, אין דער צייט, ווען אין פראַנקרייך גופא באַגנעדיקט מען און מען באַפרייט זיי.

אַמעריקע, דאָס גרויסע לאַנד פון דעמאָקראַטיע, דאָרט זוכט מען און מען נישטערט צו דערגיין דעם ריינעם אמת; כאָטש אין דער צייט פון מאַקאַרטיזם, איז דורך אַמעריקע אויך פאַרביי אַ שטורעם פון אַנטי־דע־מאָקראַטיזם. אָבער ביים פאַל פון וואַטערגעיט, האָבן זיי זיך נישט אָפּ־געשראָקן ביזן באַשמוצן פאַר דער גאַנצער וועלט דעם נאָמען פון העכסטן אויטאָריטעט פון לאַנד, זייער פּרעזידענט. דאַרף מען זיי באַגריסן פאַר זייער מוט. שטעלן מיר אָבער אַן אַנדערע פראַגע: פאַרוואָס ווערט אַ צווייטע גערעכטיקייט פאַרזען, פאַרנאַכלעסיקט? עס דרייען זיך אַרום אין אַמעריקע צענדליקער באַנדיטן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס זענען געווען אין דינסט פון די נאַציס און אויסגעפירט גרויסע פאַרברעכנס? זיי האָבן איבערגעשטיגן די דייטשן אין זייערע מערדערייען לגבי אונז. יעדן איינעם פון זיי קומט לכל הפּחות עטלעכע מאָל טויט־שטראָף. זיי לעבן אַ לוקסוס־לעבן פון די צוגערויבטע פאַרמעגנס פון זייערע קרבנות.

ווו זענען די דעמאָקראַטן? ווו זענען אונזערע איינפלוסרייכע יידישע פּערזענלעכקייטן? פאַרוואָס שטורעמען זיי נישט? ווי קענען זיי רואיק

שלאָפן? דער סקאַנדאַל איז נישט קיין קלענערער ווי וואַטערגעיט! פיל גרעסער!

אין דעם טאָג פון די דעפּאָרטירטע, ווען מען לייגט בלומען־קרענץ און מען האַלט רעדעס דאַרף הויך אויסגעשריגן ווערן וועגן דעם. דער וועלט־פאַרבאַנד פון די דעפּאָרטירטע דאַרף אָננעמען אַ באַשלוס קעגן די, וואָס שיצן די מערדער פון אונזערע מאַרטירער.

**
*

די וועלט האָט געקעמפט קעגן דער היטלער־פּעסט. מיליאָנען יונגע מענטשן האָבן מקריב געווען זייערע לעבנס; צווישן זיי, רוסלאַנד, וואָס האָט פיל געליטן. אירע בעסטע זין האָבן געקעמפט ווי לייבן צו פאַרניכטן דעם היטלעריזם. אָבער ווו האַלטן מיר ביים איצטיקן מאָמענט מיט רוס־לאַנד? וואָס האָט זי געלערנט פון גרויסן יידן און מענטשן־מאָרד? וואָס מישט זי זיך אין די פּראָבלעמען פון מיטעלן מזרח? ווער באַדראָט דען איר עקזיסטענץ? מעגלעך, אַז כינע, וואָס פאַרלאַנגט די טעריטאָריעס, וואָס דער צאַר האָט אַמאָל צוגערויבט. איז דאָך רוסלאַנד דאָס איינציקע לאַנד, וואָס האָט נישט דע־קאָלאָניזירט.

רוסלאַנד שרעקט זיך נישט פאַר די אייראָפּעאישע לענדער. אויך די פּאָליטיק פון אַמעריקע איז צו העלפן די לענדער, וואָס קענען מאָרגן ווערן אָנגעגריפן פון רוסישן עקספּאַנסיאָניזם, ווייל רוסלאַנד זוכט אויס־צושפּרייטן איר הערשאַפט פון פאַרשקלאַפונג. די אַלע „לינקע", פון אַלע צווייגן, סוגערירן זיך מיט ווילדע, פאַלשע אידייען; מיר ווען פאַרניכטן! פאַרניכטן! אָבער בויען אַ בעסערן סיסטעם זענט איר נישט פעאיק.

ווי איז צו אַזאַ רעוואָלוציע, וואָס אירע נאָענטסטע פאַרבינדעטע זע־נען די געמיינסטע באַנדיטישע עלעמענטן. געמיין און פאַרקריפּלט זענען די לאָזונגען פון אייערע אידעאישע „כאַוויירים" — די אַראַבישע פינצ־טערע נאַציאָנאַליסטן, וואָס ווערן גלאָריפיצירט דורך די סעגי'ס און אַנדערע קאָמוניסטישע גדולים. זיי זענען „העלדן", „ווי איז צו דער וועלט מיט אייך צוזאַמען, ווען אייערע „שלום־טויבן" וועלן אַרויספליען פון די מאָרד־נעסטן. אייערע טויבן זענען נישט ווייס, נאָר רויט פון אומשולדיק־

פאַרגאָסענעם בלוט פון קינדער, דערמאָרדעטע דורך זייערע באַנדיטישע קוילן אין קרית שמונה, אין מעלות.

דער אמתער שלום איז אין אונזער בלוט, מיר מורמלען אים אויס אין אונזערע תפילות עטלעכע מאָל אין טאָג.

די אַראַבער זענען באַהערשט פון איין פינצטערן ווילן — צו פאַרניכטן ישראל. זיי ווילן באַהערשן דעם גאַנצן מיטעלן מזרח, לויטן פאַנאַטישן גלויבן זייערן און מיט דער הילף פון זייער נאַפט.

ביי אָט דער בלוט־באָד וואַרעמט זיך רוסלאַנד אירע בערישע לאַפּעס. זי שאַרט צו די ברענענדיקע קוילן. זי שטיצט, זי העצט די אַראַבער, באַוואָפנט זיי מיטן מאָדערנסטן געווער, צו פאַרניכטן ישראל, כדי אַליין צו באַהערשן די וויכטיקע סטראַטעגישע פונקטן, צו עפענען אַ וועג צום פערסישן גאָלף, צו די ברעגן פון כינע. דאָס איז דאָך געווען דער אַלטער חלום פון די צאַרן! דאָס איז נאַציאָנאַליזם, שאָוויניזם, אימפּעריאַליזם, קאָלאָניאַליזם !...

דאָס זענען אויסגעוווייטיקטע רייד פון אַ געליטענעם, וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם שרעקלעכסטן גיהנום. פינצטערע מענטשן־חיות האָבן אים אונטערגעצונדן. דאָס זענען ווערטער, נישט פון האַס און נקמה, נאָר געשריבענע מיט צער און ווייטיק, מיטן בלוט פון האַרצן.

די בלוט־באָד גיסט זיך ווידער. די פינצטערע אידייען פון פעלקער־מאָרד, וואָס היטלער האָט פאַרזייט, שווימען ווידער אַרויף. עס ווערט אָפן געררופן צו אונזער פאַרניכטונג. איך בין נישט ביי דער מיינונג פון די, וואָס האַלטן, אַז רוסלאַנד ווינטשט נישט די פאַרניכטונג פון ישראל. דאָס באַווייזט די ווילדע, זאָאָלאָגישע שנאה זייערע קעגן ישראל, קעגן דעם יידישן פאָלק. זיי באַוואָפענען כסדר די עקסטרעמע, בלוט־דורשטיקע אַראַבער, וואָס זייער איינציקער ציל, איז, חלילה, די פאַרניכטונג פון ישראל.

כ׳וואָלט צופרידן געווען, ווען דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן דאָ געזאָגט, זאָל זיך אַרויסווייזן פאַר נישט ריכטיק. מיר פרעדיקן נישט קיין שנאה צו רוסלאַנד, מיר רעספּעקטירן דאָס פיל־געליטענע רוסישע פאָלק, פונקט ווי מיר טראָגן נישט קיין שנאה צו די אַראַבישע פעלקער. שנאה איז ווי אַ פייער־פונק, וואָס צעפלאַקערט, און איז ווי אַ בומעראַנג, וואָס קומט צוריק. זאָלן די סימבאָלישע ווייסע טויבן פליען און פאַרשפּרייטן אמתדיקע ליבע, פאַרשטענדעניש, צווישן אַלע אַן אויסנאַם פעלקער אויף דער גאַנצער וועלט!

## די איבערלעבונג פון אַ גלינאָוויעצקער ייד
## אויף דער אַרישער זייט

אין אַ קילן פרילינג־אָוונט, אין 1974, בין איך געזעסן אין הויז ביי מיין קוזין אברהם מאַרקעוויטש, אין ברוקלין. זיין קאָפּ אַרומגענומען מיט שניי־ווייסע האָר. ער בליקט סטאָיש־רואיק, אָבער פון צייט צו צייט באַמערקט מען אַ נערוועאישן צוק אויף זיין פּנים. ער דערציילט מיר זיינע איבערלעבונגען אויף דער אַרישער זייט, פון סעפּטעמבער 1939 ביז מערץ 1945:

**
*

ס'איז געווען אין אַ פרימאָרגן — דעם 25־טן אויגוסט 1939, קומט אַריין דער סאָלטיס פון גלינאָוויעצק און ברענגט מיר אַ צעטל, גלייך זיך מעלדן אין 32־טן פּולק, אין מאָדלין. די מאַמע האָט אַ קוק געגעבן אויף מיר מיט פאַרגאָסענע אויגן. און שטיל געזאָגט:

— נו, איצט הייבט זיך אָן אונזער בראָך...

איינגעפּאַקט אויף שנעל די נויטיקע זאַכן אין הילצערנעם זעלנער־קעסטל, אַ קוש געגעבן דער מאַמען און געצויגן אין מיין פּולק. מאָדלין איז געווען באַקאַנט אין פּוילן אַלס איינע פון די וויכטיקסטע פעסטונגען. דאָ אין דער געגנט, האָט דער טיפער טייך נארעוו אַריינגעפלאָסן אין דער ווייסל. צונויפגעפּאָרט זיך, ווייטער האָבן די וואַסערן זיך געדרייט, און געשווומען ביז וואַרשע און ווייטער נאָך דאַנציק. פון דער ווייטן האָבן זיך געגרינט גרויסע שטחים באַוואַקסענע לאָנקעס. אין די טיפעניש, געגאָסן מיט מעטערדיקע בעטאָנענע ווענט. דאָרט זענען געווען קאָנצענטרירט ריזיקע געווער־מאַגאַזינען; אַלץ איז דאָ געווען איינגעהילט אין מיליטערישע סודות, וואָס נאָר געציילטע העכערע אָפיצירן האָבן זיי געקענט.

ס׳איז געווען אין אַ נאָכמיטאָג, ווען כ׳בין אָנגעקומען קיין מאָדלין. געמאָלדן זיך אין ביוראָ, באַקומען די נויטיקע אָנווייזונגען און איינקוואַרטירט געוואָרן אין די קאַזאַרמעס. אַרום איז שוין געשטאַנען אַ טומל, אַ צעמישעניש האָט אַלע אַרומגענומען. עס זענען געקומען קורצע באַפעלן, אין אַ צייט אַרום זענען זיי אָפּגערופן געוואָרן — מיר האָבן נאָך דאַמאָלט נישט געוווסט, אַז דאָס איז די סאַבאָטאַזש־אַרבעט פון דער דייטשער פינפטער קאָלאָנע, דער זייט יאָרן פּערפעקציאָנירטער היטלערישער שפּיאָנאַזש. אין פּוילן האָבן זיי געהאַט דעם גינסטיקן באָדן. פיל העכערע פּוילישע אָפיצירן זענען געווען פון דייטשער אָפּשטאַמונג, און אין געהיים — היטלערישע אַגענטן. צווייטנס — די אָנפירנדיקע קרייזן האָבן פאַרשלעפּערט דאָס פאָלק מיטן האַס קעגן יידן. עס זענען אין די לעצטע פּאָר יאָר פאָרגעקומען פּאָגראָמען אין יידישע שטעט און שטעטלעך, די יידן זענען עקאָנאָמיש דערדריקט געוואָרן דורך אַ באָיקאָט, נישט צו קויפן ביי יידן. יידן, וואָס זענען געפאָרן אויף אַ יאַריד מיט אַ ביסל סחורה, זענען באַפאַלן געוואָרן און בלוטיק צעשלאָגן געוואָרן. יידישע סטראַגאַנעס אויף די יאַרידן זענען פּאָגראָמירט געוואָרן. דער ייד — האָבן זיי געריטשעט — איז פאַראַנטוואָרטלעך געווען פאַר אַלעם שלעכטן, וואָס איז געשען אין לאַנד.

אין עטלעכע שעה בין איך געווען אַ פולקאָמער פּוילישער זעלנער, מיט אַן אַלטער פראַנצויזישער ביקס, פון אַן אַלטן מאָדעל, צו גיין זיך שלאָגן קעגן דער מעכטיקער היטלערישער מלחמה־מאַשין. אין הייסן זומערדיקן פאַרנאַכט איז געקומען דער באַפעל צו שטעלן זיך, אין פולער גרייטקייט, אויפן אַפּעל־פּלאַץ. אַ מאַיאָר, אויף אַ פערד, האָט אָפּגענומען דעם אַפּעל, און געהאַלטן פאַר אונז אַ קורצע רעדע:

„זייט שטאָלץ! איר זענט די בלום פון פּוילישן מיליטער! געוועזענער גרענעץ־קאָרפּוס, דאַרפט איר באַווייזן אויף וואָס איר זענט פעאיק. שלאָגט זיך העלדיש! מיר וועלן דעם שונא פאַרניכטן, ווייל ער קומט אָנצופאַלן אויף אונזער פאָטערלאַנד״...

ער האָט אַ צי געגעבן מיט די קורצע לייצעס דאָס פערד, סאַלוטירט און איז שנעל אַוועקגעריטן. מיר זענען איינגעשטיגן אויף לאַסט־וועגענער און גערירט אין וועג אַריין. געפאָרן זענען מיר אַ גאַנצע נאַכט. פאַר זונאויפגאַנג זענען מיר אָנגעקומען קיין ילאָווע. פון דער ווייטנס האָבן זיך געצייכנט די גרענעץ־סלופּעס פון מזרח־פּרייסן.

אונזער באַוועגונג איז פאָרגעקומען שנעל און שטיל. איך האָב נישט געגלויבט, אַז אין געציילטע מינוטן וועל איך אַריינפאַלן אין אַזאַ גיהנום־פייער. מיר זענען געלעגן אין די טראַנשייען, אויף די קאַמפּס־פּאָזיציעס. אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אַרום. אַ גרויסע גאָלד־קופּערנע זון האָט זיך אַרויסגעשלייכט פון האָריזאָנט ווי אַ גרויסער טעלער, און געשפּריצט מיט ליכטיקע שטראַלן. פייגעלעך האָבן געטשוויטשערט און אויסגעטרעלערט זייער פרימאָרגן תפילה די שיינע וועלט אַרום איז געשטאַנען שטום אין דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939, און ס'האָט זיך גאָרנישט געגלויבט, אַז מענטשן־חיות האָבן שוין באַשלאָסן דאָס אַלץ אומצוברענגען, פאַרוואַנדלען אין חורבות, ליידן, פאַר מיליאָנען מענטשן.

אין דעם מאָמענט האָט אָנגעהויבן צו דונערן און בליצן מיט פייער און אויסגעמישט הימל מיט ערד. אַ פּאָרוטשניק רייסט זיך אויף, ציט אַרויס דעם רעוואָלווער פון דער שייד און גיט אַ געשריי:

— אויף מיין באַפעל!

ער פאַלט באַלד, אַ באַגאָסענער פון בלוט, מיט אַן אָפן מויל. עס הערן זיך שוין די געשרייען, קרעכצן פון די פאַרוואונדעטע, זיי ווערן פאַרשטומט פון די אויפרייסנדע שראַפּנעלן. אין משך פון אַ קורצער צייט, איז די ערשטע פאַרטיידיגונגס־ליניע שוין געווען צעשמעטערט. די גרענעץ ליניע איז געשטאַנען הפקר.

אַזוי האָט זיך דאָס נאַצישע מיליטער אַריינגעריסן אויף דער פּוילישער טעריטאָריע און אונז פאַרפאַלגט. מיר זענען צוריק געלאָפן אין דער ריכטונג צו מאָדלין. אין דער פעסטונג האָבן מיר זיך געגרייט צו שטעלן דעם אמתן ווידערשטאַנד. די דייטשן האָבן אָבער בכלל אויסגעמיטן מאָדלין, און ווען פוילן איז סוף חודש סעפּטעמבער שוין געלעגן אין אַש און חורבות, זענען די דייטשע אַרמייען ערשט געקומען אונז אַטאַקירן אין דער פעסטונג. אויפן אַנדערן טאָג האָבן מיר אַרויסגעהאָנגען אַ ווייסן פאָן אַז מיר קאַפּיטולירן.

מען האָט אונז געפירט קיין מלאַווע. דאָרט איז שוין געווען אַ לאַגער פון די געפאַנגענע פּוילישע זעלנער. דאָרט האָב איך געטראָפן מיין ברודער יהודה מאיר, מיין ברודער איטשע, ווי אויך משה גורנא. אויפן צווייטן טאָג איז געקומען חוה און אַרויסגענומען משהן. צומאָרגנס האָב איך אויך, צוזאַמען מיט מיינע ברידער, זיך אַרויסגעקריגן פון געפאַנגען־לאַגער.

עס האָבן אונז געהאָלפן ציווילע מענטשן, וואָס זענען געקומען צו די דראָטן, זוכן משפּחה. כ׳בין אַוועק קיין סטשעגאָווע, ווו מיין שוועסטער רחל האָט געוווינט, און דערנאָך — אין גלינאָוויעצק, ביז דער אויסזידלונג אין יאַנואַר 1940, קיין פּלינצק. כ׳בין אָבער אַרויס פון פּלינצקער געטאָ און צוריקגעקערט זיך קיין גלינאָוויעצק, כאָטש ס׳האָט מיר געדראָט דער טויט, ווען מען כאַפּט מיך. איך האָב זיך פאַרשטעקט ביי אַ באַקאַנטן קריסט אויף זאַוואָדע, און געאַרבעט שניידעריי, ביי מיין פאַך.

חיים־יצחק קליינמאַן איז אויך שטילערהייט צוריקגעקומען קיין גלינאָוויעצק. ער האָט געניייט ביי זיינעם אַ באַקאַנטן גוי. אָבער מיין לעבן איז כסדר געווען אין געפאַר, צוליב אַ געשיכטע, וואָס האָט פּאַסירט אין דער צוקער־פאַבריק. אין גלינאָוויעצק האָט געוווינט אַ קריסט, ער האָט געהייסן אַפּליק. ער האָט אין דער פאַבריק געגנבעט טראַנסמיסיע־פּאַסן, גראָב לעדער, און דערפון האָט מען געמאַכט זוילן צו שיך און צו שטיוול. די פּאַסן האָט ער פאַרקויפט צו דוד שוואַרץ, אין פּלינצקער געטאָ. די גנבה איז אינגיכן אַנטדעקט געוואָרן און ס׳איז אַראָפּגעקומען אַן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע.

אין גלינאָוויעצק איז געווען אַ פּריזירער. ביי אים האָט געאַרבעט אַ יידיש מיידל פון רופּין. ווען די קאָמיסיע איז אַראָפּגעקומען, זענען זיי קודם געפאַלן אויף די שפּורן פון חיים יצחקן און דעם יידישן מיידל. מען האָט זיי ביידן אַרויסגעפירט אין אַ שטשיסלאָווער וואַלד און זיי דאָרט דערשאָסן. דאָס איז שוין געווען סוף 1941. ס׳איז אויך אַרעסטירט געוואָרן דוד שוואַרץ אין פּלינצקער געטאָ. דער וויצע־פּרעזעס פון יודען־ראַט, יעקב גריץ, האָט זיך באַמיט, איז געלאָפן אינטערוועני רן, און דוד שוואַרץ איז באַפרייט געוואָרן.

***

אין אַ פאַרנאַכט, זיצנדיק ביי דער אַרבעט, און שווערע מחשבות האָט מיר געבוישעט אין דעם מוח — מיט וואָס ס׳קען זיך ענדיקן מיין הינטיש לעבן — קומט אַריין דער קריסט, וואָס איך האָב זיך ביי אים אויפגעהאַלטן. ער טרייסלט זיך פאַר שרעק און זאָגט מיר:

— שנעל, אַנטלויף! זשאַנדאַרמען זוכן דיך!

דאָס האַרץ איז מיר אַנטפאַלן. כ׳בין אַרויס פון שטוב. געגומען לויפן נישט וויסנדיק וווהין. די נאַכט האָט אָנגעהויבן צופאַלן. אַ דריבנער רעגן האָט געגאָסן אויף מיר. כ׳האָב זיך דערמאָנט, אַז אין קונדראַיעץ געפינט זיך מיינס אַ קונד, אַ פאָלקס־דייטש. קלאָזע האָט ער געהייסן. איך האָב זיך געזאָגט, אין צווייפל: צי דאַרף איך גיין צו אים? צי וועט ער נישט גלייך גיין מעלדן די פּאָליציי, אַז אַ ייד איז ביי אים? כ׳האָב אָבער נישט געהאַט קיין ברירה — זאָל זיין וואָס עס וויל. אַלצאיינס דערנענטערט זיך מיין פינצטערער סוף. איך בין אין דעם געדיכטן חושך אַוועק צו אים און ציטערנדיק אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. ער האָט אויפגעריגלט און מיך אויפגענומען:

— אָ, דאָס ביסטו אַבראַמעק! קום אַריין!...

איך האָב אים אַלץ דערציילט, און מיט טרערן אין די אויגן געבעטן ער זאָל מיך אויסבאַהאַלטן אַ טאָג־צוויי. ער האָט מיך אָנגעקוקט טרויעריק און האָט איינגעשטימט. ער האָט מיך פיין באַהאַנדלט. ווען איך האָב זיך מיט אים געזעגנט, האָט ער מיר געזאָגט:

זאָל דיין יידישער גאָט דיך באַשיצן. האָסט קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן...

ביינאַכט בין איך צוריקגעלאָפן קיין זאַוואַדאַ, ווי אַ פאַרפאַלגטע חיה. כ׳האָב אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון פישער יאַשינסקי, זייער אַ פיינער מאַן. ער האָט מיר דערלויבט צו בלייבן ביי אים צוויי טעג.

— ווייסט דאָך — האָט ער געזאָגט — איך ריזיקיר מיטן לעבן, אָבער ווי קען איך דיר אָפּזאָגן אין אַזאַ שרעקלעכער נויט... אייער יידישער גאָט האָט אייך פאַרלאָזן...

כ׳בין אָפּגעלעגן אַ נאַכט אין קאַלטן שוויס, אין קאַשמאַרן. חיים־יצחק און דאָס יידישע מיידל פון רופין, וואָס מ׳האָט זיי דערשאָסן אין וואַלד, זענען געשטאַנען פאַר מיינע אויגן אין חלום. בלוט האָט זיך געגאָסן פון זייערע שלייפן. חיים־יצחק האָט מיר געשטופּט שטיקער ווייסע לייוונט און גערעדט צו מיר מיט אַ כאַרכלענדיקער שטים: „אברהם... מיר שטאַמען דאָך ביידע פון גלינאָוויעצק... ניי פאַר אונז אויף תכריכים און קום ביינאַכט אין וואַלד... גראָב אויף אונזער קבר און היל אונז איין... נאָר זיי פאַרזיכטיק, די דייטשן זאָלן דיך נישט כאַפּן"...

אין אַזאַ קאַשמאַר בין איך אָפּגעלעגן די נאַכט. אין דער פרי האָב איך

באַשלאָסן צוריקצוגײן אין סטשעגאָװער געטאָ. דאָרט בין איך געװען צװײ װאָכן צוזאַמען מיט אונזערע געפּלאָגטע ברידער. דער סטשעגאָװער בירגערמײסטער האָט מיר געגעבן אַ דערלויבעניש צו גײן אַרבעטן צו די פּויערים אין די דערפער. די גאַנצע צײַט בין איך געװען אין גיזינען, בײַ אַ פּויער. אַ פײַנער מאַן. ער האָט מיך באַהאַנדלט מענטשלעך, מיט מיטלײַד. דערװײַל האָט זיך געגרײט די ליקווידאַציע פון געטאָ. אין אָװנט קומט אַרײַן דער סאָלטיס, דאָ װי איך האָב געאַרבעט, און זאָגט מיר:

— איך האָב אַ באַפעל דיך צו ברענגען אין געטאָ. נאָר אַזוי װי איך קען דיך, און האָב צו דיר צוטרוי, נעם דײַנע זאַכן און גײ אַלײן מעלדן זיך בײַ דער פּאָליצײ. אויפן װעג, נישט װײַט פון סטשעגאָװאָ, איז אָנגעקומען אַ קריסטין. איך באַגריס זי און פרעג:

— צו געפינען זיך זשאַנדאַרמען אויפן װעג?

— װער ביסטו? — פרעגט זי מיך.

— כ׳בין אַ ײד.

איך האָב זיך אַלײן דערשראָקן פאַר מײַנע רײד, געבליבן װי פאַרשטײנערט:

— כ׳דאַרף זיך מעלדן אין געטאָ... — גיב איך צו שטיל. ביזן הײַנטיקן טאָג קען איך נישט פאַרגעסן, די באַגעגעניש אין דעם טרויעריקן דיאַלאָג, אין אַ שײנעם זוניקן טאָג אויף אַ באַגרינטע לאָנקע. אַרום האָבן פײגל געטרעלעט, געטשװיטשערט, זײ האָבן זיך געהויבן געפלויגן, צו די בלויע הימלען. אַ רואיקע שטילקײט האָט אײַנגעהילט צװײ מענטשן. אַן אומגליקלעכן פאַרפאָלגטן ײד, װאָס דער אײביקער עמלק, האָט זיך פאַרמאָסטן אומצוברענגען אונז. און די פּוילישע פרוי, װאָס איך זע זי צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן, מיט אַזאַ אײדל האַרץ, אירע בלויע קינדערישע אויגן, האָבן אַ פלײץ געגעבן מיט אַזאַ טרויער, זי האָט אָנגעכאַפּט מײַן האַנט, און אַ דערשראָקענע אויסגעשריגן:

— גײט נישט! מען גרײט זיך אַרויסצופירן די ײדן און זײ דער־הרגענען...

— פאַרװאָס? — רײַסט זיך בײַ מיר אַרויס אַ געשרײ.

— קום מיט מיר... — זאָגט זי — מײַן נאָמען איז באַרניעצקאַ.

װי אַ װאָנזיניקער, בין איך איר נאָכגעגאַנגען. איר אָרעמע כאַטקע

איז געשטאַנען ביים ראַנד פון אַ זאַגייניק. נאָכן איבערשלאָפן די נאַכט ביי איר, זאָגט זי מיר אין דער פרי:

— איך קען דיך נישט האַלטן ביי מיר. זיי מיר מוחל — כ׳האָב אַ קראַנק האַרץ. גיי צו מיין ברודער. ער וווינט נישט ווייט פון דאַנען. ביי אים וועסטו זיך קענען אויפהאַלטן. זאָג אים, אַז איך האָב דיך געשיקט.

**
*

אין מיין לעבן האָב איך נישט געטראָפן אַ מענטש מיט אַזאַ גוט האַרץ, ווי עס איז געווען דער ברודער פון דער פרוי באַרניצקאַ. ער האָט זיך געטיילט מיט מיר, מיטן אָרעמען ביסן ברויט. פאַרשטעקט אין אַ ווינקל זענען מיר געזעסן גאַנצע טעג. מיר האָבן שטיל געשמועסט, פון שטילן רואיקן לעבן אין אונזערע אַמאָליקע היימען... ער האָט געקייט אַ שטרוי, פון צייט צו צייט זי אויסגעשפּיגן, און אַרויסגעוואָרפן קללות אויף די דייטשן מיט ביטערע טענות — ער האָט טיף באַדויערט „די סטאַראַ־זאַקאָננע״, און נישט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס גאָטס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן אויף זייערע קעפּ... און צו די באַנדיטישע דייטשע האָרדעס, צו זיי איז דער „פּאַן בוג״ — גוט די פאַרשאָלטענע אַנטי־כריסטן...

איינמאָל ווען מיר זענען געזעסן, האָט ער מיר געזאָגט אַבראַמעק — זיי נישט ברוגז — דו קענסט מער נישט זיין ביי מיר... איך שרעק זיך פאַר מיין משפּחה, און אויך פאַר דיר — איך וועל דיר אָנווייזן אויף וועלכן אָרט אין פרייען פעלד וועסטו צוגרייטן אַ בונקער.

ס׳איז האַלבע נאַכט, דער געדיכטער חושך האָט געשראָקן. נאַכט־חיות האָבן געוואָיעט און מיך געמאַכט ציטערן. אַ געדריקטע שטילקייט האָט אַלץ איינגעהילט. איך שלייך זיך ווי אַ גנב, און האַלט זיך ביי די סימנים פון פויער. אין דער האַנט אַ לאָפּאַטע, אין אַ זעקל אַביסל פּראָ־וויאַנט, אַ צעריסענע קאָלדרע, מיט אַ היי־קישעלע. ווי צונויפגעפּרעסטע, שוואַרצע שרעקעוודיקע שאָטנס, איז געשטאַנען שטום אַ וועלדל. דער־לעבן האָב איך גענומען גראָבן אַ גרוב, צו פאַרשטעקן זיך.

די צעזייטע שטערן אויפן הימל האָבן שוואַך געלויכטן. אַ שטערן האָט אַ פלי געגעבן, געמאַכט אַ לאַנגן קרייץ און זיך פאַרלאָשן. אַ פינצטערער

גערדאַנק האָט אַ פּיק געגעבן ביי מיר אין מוח: אפשר איז איצט מיין שטערן פאַרלאָשן געוואָרן? דעם בונקער וואָס איך גראָב איז פאַר זיך אַליין אַ קבר... אַ געשריי פון אַ נאַכט־חיה, האָט איבערגעריסן מיינע געדאַנקען. כ'האָב זיך אַריינגעוואָרפן אין מיין אַרבעט. וואָס פאַר אַן געוואַלדיקן כוח האָט דאָס וואָרט לעבן... מען ליידט שרעקלעך, געפּלאָגט, ערגער ווי אַ הונט, מען־בייסט זיך אין מיט די ציין פאַר דעם נאַרישן ברעקל האָפענונג...

— נאָך אַ פּאָר שעה אַרבעט, איז מיין הינטישע נאָרע געווען גרייט. אַ מעטער פופציק די לענג, די טיף ביי אַ מעטער, דערביי אַ קליין גריבל פאַרן מענטשלעכן געברויך, גוט פאַרמאַסקירט אַן עפענונג צו קענען זיך הינטיש אַריינשאַרן.

אַזוי האָב איך דאָרט, אין דער גרוב אָפּגעפּינצטערט 8 חדשים, דאָס איז געווען אַן אייביקייט עס איז אוממעגלעך איבערצוגעבן דעם פּיין, די שרעקלעכע ליידן, פון אַ געפּלאָגטן ייד — יעדע מינוט איז געווען אַ יאָר. ווי איז דאָס מעגלעך אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט? אַזאַ רשעות פון איין מענטש צום אַנדערן? — דאָס וואָס איך קען נישט פאַרשטיין ביזן היינטיקן טאָג — ווי אַזוי כ'בין נישט אַראָפּ פון זינען אין די שרעקלעכער צייט. געפּרווירן געוואָרן, אַ דורכגעווייקטער פון שטורעם רעגנס געטאָפּ־טשעט אין קאַלטן שמוציקן וואַסער. דער פויער האָט מיך באַזאָרגט מיט אַ ביסל עסן, און מיך געבעטן, טאָמער פּאַסירט אַן אומגליק און מען פאַר־האַלט מיך — זאָל איך אים נישט אויסגעבן. מער קען איך פאַר דיר נישט מאַכן — און מיט די ווערטער „ניעך ציען בוג בראָני״ (זאָל דיך גאָט היטן), האָט ער זיך דערווייטערט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

אין די טיפע, פינצטערע נעכט בין איך אָפּט אויפגעציטערט געוואָרן. כ'האָב געהערט נאָענט דאָס פאַרבייררייטן פון פערד. עס האָבן אָפּגעהילכט דאָס קלאַפּן פון די פערדישע קאָפּיטעס און זייער הירזשען. דאָס האָבן דייטשע זשאַנדאַרמען פּאַטרולירט, געזוכט פאַרשטעקטע יידן אין דער געגנט. דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן שטאַרקער קלאַפּן און געוואָרן פאַרשטיינערט. כ'האָב יעדע מינוט דערוואַרט, מען אַנטדעקט מיך. אַ ברענענדיקע קויל וועט אַ ברי טון מיין לייב — און דאָס פּינצטערע לעבן וועט זיך אויסלעשן.

איינמאָל, פאַרטאָג, דער הימל אין מזרח האָט אָנגעהויבן בלויען. מיין גוף האָט זיך געטרייסלט און געציטערט, ווי אַ פאַרוועלקטער בלאַט. הער איך ווי מען שרייט אַריין צו מיר, אין מיין קבר:

— אַבראַמעק! אַנטלויף! זשאַנדאַרמען נישטערן די געגנט. מען זוכט יידן.

כ'בין קוים אַרויסגעקראָכן און געלאָזן זיך לויפן נאָך גאַרוואָש. אין דעם האָב איך זיך פאַרהאַלטן, אַריינגעוואָרפן זיך אין אַ קאָרן־פעלד און זיך פאַרטראַכט. די אַלע חיהשע איבערלעבונגען, האָבן מיך געהאַלטן אין אַ פּחד. כ'האָב אָנגעהויבן זיך שרעקן פאַר מיין אייגענעם שאָטן. איך האָב באַשלאָסן זיין פאַרזיכטיק. ביינאַכט, בין איך געווען פאַרשטעקט ווי אַ געפלאָגטע חיה, פרימאָרגן בין איך אַוועק קיין ריביצאַ. דאָרט האָב איך געהאַט אַ קונד. כ'האָב געהאַט צו אים צוטרוי. ס'איז שוין געווען אין יולי 1943. די קריסטן אין דערפל האָבן מיך אָנגענומען פאַר אַ גוי. זיי האָבן זיך נישט פאַרגעשטעלט, נישט געטראַכט... אַז אַ ייד פון גלינאַ־וויעצק זאָל זיך אין אַזאַ צייט אַרומדרייען פריי אויף די געפערלעכע וועגן. זיי האָבן מיך געפרעגט, פון וואַנען איך קום.

— איך קום פון דייטשלאַנד... האָב איך זיי געענטפערט — כ'בין אַנטלאָפן פון דער אַרבעט. זיך פאַרבענקט נאָך מיין „קאָביטאַ" (פרוי) נאָך די קינדער...

רופט זיך אָפּ אַן עלטערער פּויער:

— ס'איז איצט געפערלעך צו זיין אויף די וועגן. די זשאַנדאַרמען קאָנטראָלירן שטרענג. און ביים קלענסטן פאַרדאַכט דערשיסן זיי, אָן צו מאַכן אַן אויספאָרשונג. מען וועט דיר געבן אַ קאָסע, און אַזוי ווי עס איז איצט שניט־צייט פון קאָרן, וועט עס נישט אַרויסרופן קיין פאַרדאַכט. גיי מיטן נאָרמאַלן וועג, און ווען וועסט באַגעגענען דייטשן באַגריס זיי, קוק זיי גלייך אין די אויגן — וועיז נישט אַרויס קיין פּחד...

ביז דעם היינטיקן טאָג קען איך נישט פאַרשטיין, פונוואַנען עס האָט זיך גענומען צו מיר דער כוח צו דערשטיקן דעם פּחד — וואָס האָט מיך געדריקט און פאַרקלעמט דאָס האַרץ — פונדערוויטנס האָט זיך געזען אַן אַלכע־וועלדל — אַנידערגעזעצט זיך, איבערצובינדן דעם פאַרוואונדעטן פוס.

מיט דער קאָסע אויפן אַקסל האָב איך גענומען דעם וועג קיין פּלינצק. ס'זענען געשטאַנען גרויסע היצן. דער הונגער און דער דורשט האָבן געפּייניקט. כ'בין אַנידערגעפאַלן אַ מידער ביי אַ קאָרן־פעלד פּשוט אַ פאַרחלשטער, אַזוי בין איך אַנטשלאָפן געוואָרן. פּלוצים פיל איך ווי מען

וועקט מיך. ס'שטייט פאַר מיר אַ פויער מיט אַ קאָסע, און רעדט צו מיר — אין ערשטן מאָמענט האָב איך געטראַכט, ס'איז אַ קאָשמאַר — כ'זע מיין שאָטן... דער פרעמדער מאַן זאָגט מיר:

ס'איז געפערלעך אַרומצובלאָנקען זיך... די פאַרשאָלטענע „שוואָבן" (דייטשן) לויפן אַרום ווי די שדים, שלאָגן, פייניקן, שיסן...

ער האָט מיר געגעבן אַ שטיקל ברויט, אַ שלוק וואַסער און איז זיך געגאַנגען זיין וועג. איך האָב אַ רגע געטראַכט: דער אומבאַקאַנטער פויער וואָס האָט מיך דערהאַלטן ביים לעבן מיטן שטיקל ברויט ווער איז ער? — צי איז עס נישט אַמאָל אליהו הנביא? אָדער אַ למד־וואָוניק?... אין אונזער יידישער געשיכטע זענען געווען פאַרשפּרייט פאָלקס־געשיכטעס, וועגן די לעגענדאַרע געשטאַלטן — וואָס האָבן זיך באַוויזן אין קריטישע מאָמענטן. צי קען איך נאָך היינט גלויבן אין נסים? — ווען אונזער לעבן איז הפקר? און דער מלאך־המוות שנייט מיט זיין שווערד. אין דעם מאָמענט האָב איך באַשלאָסן אַז איך וועל דערגיין ביז וואַרשע. אָבער ס'האָט זיך אויסגעלאָזן גאָר אַנדערש ווי איך האָב געטראַכט, מיינע פּלענער זענען צעשטערט געוואָרן.

מיט פרישע כוחות האָב איך אַזוי געשפּרייזט, מיט דער קאָסע אויפן אַקסל, מיט זיכערע טריט. פיל מאָל האָב איך צו זיך אַליין געזאָגט: ניין! ביסט נישט אברהם מאַרקעוויטש פון גלינאָוויעצק. ביסט אַ גלגול! אַ דיבוק! אַ חיה אין געשטאַלט פון אַ מענטש! אָדער אַ פויערישער תבואה־שניידער פון דורות...

***

ס'איז געווען פאַר זון אונטערגאַנג בין איך אָנגעקומען נאָך פּלינצק, די שטאָט איז געווען ווי אויסגעשטאָרבן. געציילטע קריסטן האָבן זיך באַוויזן אין די קליינע געסלעך. ווי שאָטנס, פאַרביי דעם מאַרק און פאַרשווונדן. מיין האַרץ האָט זיך געקורטשעט פאַר ווייטיק און פיין. דער קוואַל פון ביטערע טרערן איז געווען פאַרטריקנט. אין דעם הייסן פאַרנאַכטיקן יולי האָט מיך אָנגעהויבן שוידערן ווען ס'האָט אויפגעלעבט, און איך האָב געזען פאַר זיך די שרעקלעכע סיבירישע ווינטער־נאַכט, בעת דער אויסזידלונג פון גלינאָוויעצק. איך זע פאַר מיינע אויגן, מיין טייערע שטילע

מאַמע, מיין משפּחה, יידן, יונג און אַלט, געהונגערט, אויסגעשטאַנען צרות, אין ענגן שמוציקן געטאָ, אין פּלינצק. זיי זענען אַלע סוף 1942 אַרויסגעפירט געוואָרן קיין אוישוויץ, און דאָרט זענען זיי אַלע אומגעקומען אין שרעקלעכע ליידן.

און איצט, בלאָנקע איך דאָ אויף די פאַרשאָלטענע שטיינער — אפשר בין איך דער איינציקער פון די גלינאָוויעצקער יידן וואָס לעבט — ווי לאַנג נאָך ?...

— מיין געדאַנק איז ווי פּאַראַליזירט. איך הער דאָס שטאַרקע קלאַפּן פון מיין האַרץ.

— די נאַכט איז צוגעפאַלן. כ׳בין געגאַנגען אַן אַ ציל אין דער פינצטערניש, ווי אַ וואַנזיניקער. פון דער וויטנס האָב איך באַמערקט אַן איינזאַמע כאַטקע, אַ שוואַכע שיין פון אַ שייבל. איך קלאַפּ אָן. ס׳דויערט אַ ווײַלע, און אַ גראָבע מענער־שטימע פרעגט:

— ווער איז ? !

— אַן איינזאַמער וועג־גייער האָט פאַרבלאָנדזשעט און בעט אָנווייזן דעם ריכטיקן וועג... — ענטפער איך.

יענער האָט אויפגעמאַכט די טיר, און אין דער פינצטערער נאַכט מיר אָנגעוויזן די ריכטונג פון אַ וועלדל, אַ הילצערנעם צלם, אַ פאָלוואַרק.

— האַלט זיך רעכטס — האָט ער מיר אָנגעוויזן — ביז נאָווידזוואָר איז 12 קילאָמעטער...

אויף מזרח האָט דער הימל אָנגעהויבן ווערן העלער. כ׳בין געגאַנגען מיט אַ שנעלן טראָט, פאַרזונקען אין מיינע פינצטערע מחשבות, און פּלוצים וואַקסט אויס, ווי פון דער ערד, אַ זשאַנדאַרם, און אַ דונערדיקער געשריי :

— שטעה בלייבן ! מענטשן־קינד, ווער ביסטו ? פון וואַנען שלעפּסטו זיך אַזוי שפּעט ביינאַכט ? ס׳איז דאָך שטרענג פאַרבאָטן...

— געווען אויף אַרבעט — ענטפער איך זיכער — אין דייטשלאַנד... און זיך פאַרבענקט נאָך פרוי און קינדער... אַנטלאָפן און צו קיין וואַרשע... בייטאָג, האָב איך געטראַכט, וועט מען מיך פאַרהאַלטן. דאָס איז די ריינע וואַרהייט...

ער באַפעלט מיך פאַרויס צו מאַרשירן און וואָרנט מיך :

— ביים קלענסטן פאַרדאַכט, אַז דו ווילסט אַנטלויפן, דערשיס איך דיך...

מיר זענען אָנגעקומען אין אַ דערפל. ער האָט מיך צוגעפירט צו אַ כאַטע מיט פאַרקראַטעוועטע שייבלעך, אויפגעמאַכט די טיר, זיך צערעוועט, אַ שטויס מיט דער ביקס און פאַרשלאָסן די טיר. כ׳בין געפאַלן אויף דער הוילער ערד און פאַרזונקען אין אַ שלאָף.

אַ מיידל פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק וועקט מיך. זי האָט מיר געבראַכט קאַפע מיט ברויט.

— וואָס וועלן זיי מאַכן מיט מיר? — פרעג איך זי.

זי ענטפערט גלייכגילטיק:

מען וועט דיך פירן קיין נאָווידוואָר, צו דער געסטאַפּאָ. מיט דיר וועט געשען דאָס, וואָס מיט די אַנדערע פאַרהאַלטענע — טורמע, אָדער דערשיסן...

ווען כ׳האָב דערהערט דאָס וואָרט „געסטאַפּאָ״, האָב איך זיך גענומען טרייסלען ווי אין פיבער. און אויסגעשריגן:

— כ׳וויל נישט גיין צו דער געסטאַפּאָ!

דאָס מיידל האָט אויסגעשטעלט אויף מיר אירע פאַרוווּנדערטע בליקן און אָן איין וואָרט, איז זי אַרויס. באַלד דערנאָך קומט אַריין דער זשאַנדאַרם, ער וואַרפט זיך אויף מיר שלאָגט מיך און שרייט:

פאַרשאָלטענער שווין! — ווי וואַגסטו זיך קעגנצושטעלן דער דייטשער מאַכט! — וואַרט! דו הינטישער זון! מען וועט דיך פערטיק מאַכן... ער האָט מיך מיטגענומען און געפירט מיט זיך ביז נאָווידוואָר.

אין דער געביידע פון דער געסטאַפּאָ, אין וואַרטע־צימער, זענען געזעסן ציווילע פּאָליאַקן באַוואַכט פון פּאָליציי. מיין אויער האָט אויפגעכאַפּט דערשטיקטע געשרייען, זיי זענען געקומען פון הינטער פאַרמאַכטע טירן. כ׳האָב אַ טראַכט געגעבן וועגן מיין ביטערן גורל — דאָ וועט זיין מיין סוף... כ׳וועל נישט אויסהאַלטן דאָס פּייניקן, איך וועל זיך צוזאַמענברעכן, מיין טרויעריק קאַפּיטל וועט זיין געשלאָסן.

מיינע געדאַנקען זענען איבערגעריסן געוואָרן מיט אַ שטורך פון מיין היטער. מיט אונטערגעהאַקטע פיס בין איך אַריין אין אַ גרויס ביור־ראָ־צימער. אַ געסטאַפּאָוויעץ גיט אַ קוק אויף מיר — קאַלטע באַנדיטישע פיש־אויגן האָבן מיך געשפּיזט. אַ רונדע אויסגעפּאַשעטע מאָרדע, גרויסע

אָפּגעשטאָנענע אויערן. אויפן טיש זענען אָנגעוואָרפן פּאַפּירן. דערלעבן ליגט זיין הוט, דער טויטן־קאָפּ סטערטשעט און שרעקט. אַ קאַוואַלערסקע שפּיצרוט, ביים עק מיט אַ שטיק בליי. אויף דער וואַנט הענגט היטלערס פּאָרטרעט מיט זיינע רוצחישע שליפּיעס, ער קוקט נאָר אויף מיר, זיי בריען מיך אָפּ.

ס׳איז שטיל. דער באַנדיט קוקט אין די פּאַפּירן. אַזוי ווי איך וואָלט דאָ נישט געווען... מיט אַלע כוחות באַהערש איך מיך צו זיין רואיק — אָבער מיינע קניען ציטערן פאַר פּחד.

פּלוצלונג פאַלט אַ פראַגע:

— דיין נאָמען?

ער הייבט אויף דעם קאָפּ, קוקט אויף מיר פאַרשנדיק. אין אַ ברוכטייל פון אַ סעקונדע האָט אין מיין מוח אויפגעבליצט אַ געדאַנק. אָט דער גע־דאַנק ווייזט אויס האָט מיר מיין מזל אָדער אַ מלאך... געוואָרפן אַ בליץ־שיין — און דאָס האָט מיך דאַן אָפּגעראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט.

ביי דעם גוטן פויער, וואָס ביי אים בין איך געווען אויסבאַהאַלטן 8 חדשים אין אַ גרוב אין מיטן פעלד. ער האָט געהאַט אַ זון, יאַן וויש־ניעווסקי. מען האָט אים פאַרשיקט קיין אָסט־פּרייסן אויף אַרבעט ביי אַ גוט־באַזיצער. אין אונזערע אָפטע שמועסן האָט דער פויער מיר געהאַט דערציילט וועגן זיין זון מיט די קלענסטע פּרטים. אין איין סעקונדע בין איך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין... יאַן ווישניעווסקי, געבוירן אין דאָרף באַראַנעק. כ׳האָב געענטפערט מיט זיכערקייט, געצייכנט דעם פּראָטאָקאָל, זאָגט ער מיר:

— מאָרגן קומט דיין אורטייל...

צומאָרגנס פרעגט מיך דער ריכטער:

— פאַרוואָס ביסטו אַנטלאָפן? דאָס איז קעגן געזעץ...

— כ׳האָב געבעטן ביים באַוער ער זאָל מיך באַפרייען אויף אַ פּאָר טעג, צו זען מיין פרוי און קינדער. האָט ער מיר אָפּגעזאָגט. האָב איך באַ־שלאָסן צו אַנטלויפן. כ׳האָב שלעכט געהאַנדלט... איך באַדויער...

נאָך אַ קורצער באַראָטונג: דריי חדשים טורמע. דעם אורטייל בין איך אָפּגעזעסן אין דער פּאַניאַכאָווקער תּפיסה. בייטאָג האָבן מיר געאַרבעט, אין אָוונט — אַ מאָגערע זופּ, אַ שטיקל ברויט, פאַרשלאָסן אין דער צעלע.

מיר זענען געזעסן אַ פּאָר מאָן צוזאַמען. יעדער אַרעסטאַנט האָט דערציילט פון זיין לעבן, צו פאַרטרייבן די צייט. איינמאָל רופט זיך אָן מיין שכן:

— נו, יאַניע, היינט איז דיין רייע. דערצייל...

אַ ווייטיק האָט געשניטן מיין האַרץ. איך שליס די אויגן און זע זיי, מיינע טייערע אין מיין שטעטעלע גלינאָוויעצק. איך הער ווי מיין מאַמע רופט מיך: „אברהמל, שטעל אַוועק דאָס פּרעס־אייזן. דער קרופּניק ווערט קאַלט"... דאָס טיר־גלעקל פון געוועלב לאָזט זיך הערן, ס'צעברומט זיך היימיש. די מאַמע פאָרעט זיך ביי דער קיך. אַ צעשמייכלטע, דערציילט זי וועגן איר שוועסטער רחל, ווען זיי זענען נאָך געווען יונגע מיידלעך... געשטאַלטן פון גלינאָוויעצקער יידן שוועבן אויף — איך זע זיי. איך פיל זייער אָטעם. זיי זענען שוין לאַנג פאַרגאַנגען אין דערשטיקטע געשרייען אין די גאַז־קאַמערן... מיין שכן טאָרעט מיר:

— נו, לאָמיך הערן... האָסט זיך אוודאי פאַרבענקט נאָך דיין „קאָביטאַ"... אַ שיינע „קאָביטאַ" ביי דיר ?... — האַ ?

און איך דערצייל זיי אַ געשיכטע וועגן אַ געזונטער, דיקער דאָרפישער גויה, וואָס רופט זיך זאָשאַ... דריי קינדער... גוטע שכנים... אַזוי האָב איך דערציילט מיינע תפיסה־שכנים.

***

מיר האָבן געהאַט אַ שווערן טאָג. ס'איז אָנגעקומען אַ נייער אויפזעער, וואָס האָט אונז געפּייניקט. דער טאָג האָרעוואַניע האָט זיך געצויגן לאַנג. כ'בין געווען זייער נידערגעשלאָגן, דאָס עסן האָט זיך פאַרצויגן לענגער. ווען כ'בין צוריקגעקומען, איז מיין צעלע געווען געשלאָסן. אין לאַנגן קאָרידאָר, פוןביידע זייטן, זענען געווען די צעלעס. איך הער קרעכצן. איך דערנענטער זיך און דערזע, ווי אַ יונגער פּאָליאַק ליגט אויף דער צעמענטענער פּאָדלאָגע, געבונדן אין קייטן, אַ צעשלאָגענער, מיט פאַרטרוקנט בלוט אויף זיין פּנים. דערלעבן — אַ מענאַשקע מיט עסן. דאָס איז געווען נאָך אַ פאַרהער פון דער געסטאַפּאָ. אַזוי צעשלאָגן האָבן זיי אים. אין דעם דערהער איך הילכיקע שטיוול־טריט. איך בין שנעל אַוועק צו מיין צעלע. עס זענען אָנגעקומען צוויי באַנדיטן, אַ פאָלקס־דייטש און אַ רייכס־דייטש. זיי האָבן גענומען די מענאַשקע עסן פון צעשלאָגענעם און מיר דערלאַנגט.

אין דעם שטעלט זיך דער פאָלקס־דייטש האַרט לעבן מיר, שטורכעט מיר מיט אַ פינגער אין ברוסט און זאָגט:

— כ׳קען שווערן, דאָס דו ביסט יודע...

כ׳בין געבליבן גאַנץ רואיק, נישט געענטפערט. דער רייכס־דייטש האָט אָבער אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט:

— אַך, קוואַטש... ער איז איין קריסט... מאַך קיינע דומהייטן...

זיי האָבן זיך אויסגעדרייט און אַוועק. אַ שווערער שטיין האָט זיך אַראָפּגעקייקלט פון מיין האַרץ. טיף אין האַרצן האָט געטליעט אַ פונק פון האָפענונג: און אפשר איז יאָ פאַראַן אַ מלאך הגואל, וואָס היט מיך?. מיר זענען געווען 15 מאַן אין דער צעלע, וואָס האָבן באַקומען דעם אורטייל פון 3 חדשים, פאַר אַנטלויפן פון דער אַרבעט. נאָכן טערמין אָפּזיצן, האָט מען אונז געשיקט קיין אָסט־פּרייסן, אין אַ שטעטל, וואָס האָט זיך גע־רופן ליצען. אין אַרבעטס־אַמט האָט מען אונז געפרעגט ווו מען האָט פריער געאַרבעט, ווי דער באַלעבאָס הייסט? אויב אַלץ האָט געשטימט, האָט מען צוריקגעשיקט צום זעלבן פויער.

ווען ס׳איז געקומען מיין רייע, האָב איך אָנגעגעבן דעם נאָמען פון מיין כלומרשטן אַרבעטס־געבער. מען רופט אים טעלעפאָניש. ער ענטפערט;

— ביי מיר האָט געאַרבעט אַ יונגער פּאָליאַק. ער איז נישט אַנטלאָפן. מען האָט אים געשיקט קיין בערלין, שוין עטלעכע מאָנאַטן...

האָט מען מיך ווידער פאַרשפּאַרט אין דער טורמע. אַ גאַנצע נאַכט בין איך נישט געשלאָפן. איין געדאַנק האָט געיאָגט דעם צווייטן. איך האָב געטראַכט, אַז פון דעם פּלאָנטער, וואָס איך האָב פאַרקניפּט, וועט זיין שווער זיך אַרויסצודרייען. כ׳בין געווען גלייכגילטיק צו מיין גורל. נישטאָ מער קיין כוח צו קעמפן פאַר דער הינטישער עקזיסטענץ. פאַרן אויפגייענדיקן טאָג בין איך אַן אויסגעשעפּטער אַריינגעפאַלן אין טיפן שלאָף.

נאָך מיטאָג קומט נאָך מיר אַ זשאַנדאַרם און פירט מיך צוריק אין אַרבעטס־אַמט. דער באַאַמטער קוקט אין מיינע פּאַפּירן און ברומט:

— עס שטימט דאָך נישט מיט דיר! איך ווייס נישט וואָס צו מאַכן...

— איך וויל אַרבעטן! — האָב איך געענטפערט מיט אַן אומשולדיקער מינע.

דער באַאַמטער האָט אָנגעקלונגען. פון דעם געשפּרעך האָט ווידער אַ
ון־שטראַל אַ שיין געטון פאַר מיר.

— ווּעסט אַרבעטן אין וואַלד — האָט ער זיך לסוף אָפּגערופן צו מיר
— נאָר געדענק, פּרוּוו נישט מער צו אַנטלויפן, ווייל דאָס מאָל ווּעט זיך
ּס פאַר דיר שלעכט ענדיקן...

דריי חדשים האָב איך געאַרבעט אין אַ שטילער געגנט אין וואַלד.
די אַרבעט איז געווען נישט לייכט, דערפאַר האָב איך געהאַט אַ רואיקן
קאָפּ, כ׳האָב אויפגעהערט צו טראַכטן. איינמאָל האָב איך אויפגעכאַפּט אַ
שמועס צווישן די צוויי זשאַנדאַרמען, וואָס האָבן אונז געהיטן:

— ווייסט, פריץ, כ׳האָב פאָריקע נאַכט געהערט דעם לאָנדאָנער ראַדיאָ...
כ׳דענק, דאָס מיר זענען קאַפּוט...

— אַך, וואַס שפּריכסטו... דאַס איזט גרויל־פּראָפּאַגאַנדע... דער „פּי־
רער" ווּעט דעם קריג געווינען...

— כ׳האָב נישט געדענקט, דאַס דו זאָ דום ביזט... אין קורצן ווּעסטו
זיך איבערצייגן...

אַ פרייד און אַ וואַרעמקייט האָט פאַרפלייצט מיין האַרץ נאָך אָט דעם
געשפּרעך. די נייעס האָט מיך באַרוישט. אין דעם באַמערק איך אַ קנאָפּ
פון מונדיר ביים זשאַנדאַרם האַלט ביים אַראָפּפאַלן. זאָג איך אים דרייסט:

— כ׳בין אַ שניידער. ווען דו ווינטשסט, קען איך דיר גלייך צונייען.
צומאָרגנס, ווען כ׳בין געקומען צו דער אַרבעט, רופט מען מיך אין ביוראָ.
דער אויפזעער זאָגט מיר:

— פאַרוואָס האָסטו געשוויגן ווען דו שניידער ביסט?

און מ׳האָט מיך אָפּגעשיקט אין אַ וואַרשטאַט צו אַ שניידער. דאָרט
האָב איך געאַרבעט 6 חדשים. דער שניידער איז אָבער אויך געווען אַ...
געהיים־אַגענט. כ׳קען נישט זאָגן, ער האָט זיך באַצויגן צו מיר גאַנץ
מענטשלעך. עס איז אָבער אינגיכן געקומען אַ באַפעל פון בירגערמייסטער,
אַז אַלע פּאָליאַקן, וואָס האָבן געאַרבעט ביי גוט־באַזיצערס, דאַרפן זיך גלייך
מעלדן. מיין באַלעבאָס, דער געהיים־אַגענט, האָט מיר גלייך געזאָגט, אַז
מען שיקט אונז קיין קעניגסבערג און האָט צוגעגעבן:

— איך גלויב נישט, דאַס דו קאָמסט צוריק...

מיר זענען געווען ביי צוויי הונדערט מאַן. מען האָט אונז אַריינגעפירט

אין אַן אַרבעטס־לאַגער, געגעבן מלבושים מיט לאַגער־נומערן. געשיקט אונז צו גראָבן טראַנשייען אַרום דער שטאָט. איינמאָל קומט אַ געסטאַפּאָ־וויעץ און פאַרלאַנגט 5 מאַן. מיר שטעלן זיך אויס אין אַ רייע. אַ פּאָליאַק, וואָס איז געשטאַנען לעבן מיר, האָט געהאַט אַ געהויקערטע נאָז. דער באַנ־דיטישער געסטאַפּאָוויעץ דערנענטערט זיך, אָן אַ וואָרט צו זאָגן, גיט ער אים אַ הילכיקן פּאַטש, און שרייט אויס ווילד:

— דו ביסט יודע!...

— איך בין אַ קריסט — ענטפערט יענער רואיק — מיין טאַטע, זיידע, עלטער־זיידע זענען געווען קריסטן...

ביז היינט קען איך נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי איך האָב זיך דעמאָלט נישט איינגעבראָכן. כ'האָב שוין אַליין אויך אָנגעהויבן גלויבן, אַז איך בין אַ קריסט, פון לאַנגע דורות... אָט דער פּסיכישער שאָק האָט אין דעם מאָמענט קורץ פאַר מיין באַפרייאונג מיך אָפּגעראַטעוועט פון טויט.

די אַרבעט ביים גראָבן די אָקאָפּעס איז געווען אַ שווערע. די דייטשן האָבן געיאָגט, געשלאָגן מכות־רצח, ווי מיר זאָלן זיין די שולדיקע אין זייע־רע מפּלות. מ'האָט שוין אָנגעהויבן צו הערן די ווייטע דונערן פון די שווערע קאַנאָנען. אַ האַפענונג האָט געטריפט אין מיין צעווייטיקט האַרץ, אַז דער קאָשמאַר דערנענטערט זיך צום סוף.

***

דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט מיטן פרילינג. די רוסן האָבן געשפּאַרט פון אַלע זייטן. די דייטשן האָבן זיך איינגעביסן מיט די ציין, האָבן געוואָרפן די בעסטע עס־עס־דיוויזיעס אין שלאַכט. יעדער שפּאַן ערד איז פאַרטיידיקט געוואָרן מיט פאַרביסנקייט. נאָר די רוסישע מעכטיקע אָפענסיווע פון גענעראַל זשוקאָוו האָט געשפּאַרט ווי אַ וואַסער־פאַל. ס'איז נישט געווען אַזאַ קראַפט צו פאַרהאַלטן דעם רוסישן בער, וואָס האָט גע־שטורעמט מיט זיינע סיבירישע, אוזבעקישע, קאַלמוקישע דיוויזיעס. דער בלויזער געדאַנק, אַז זיי שלאָגן זיך שוין אויף דער דייטשער ערד, האָט זיי ווילד געמאַכט, פאַרשיכורט. זיי זענען געקומען נקמה נעמען אין דייטש, וואָס איז זיי באַפאַלן אין דער שיינער נאַכט פון 22־טן יוני 1941 און האָט

חרוב געמאַכט רוסישע טעט, דערפער, געמאָרדעט, פאַרגוואַלטיקט, אומ־געבראַכט מיליאָנען רוסישע מענטשן.

מיינאַכט זענען די הימלען צעריסן געוואָרן פון ווילדע פלאַמען. זיי האָבן אויפגעבליצט, און באַלויכטן די אַרומיקע געגנט. אין איינער אַזאַ נאַכט האָט מען אונז אויפגעוועקט. עס זענען געווען 15 מאַן, עלטערע דייטשן, מיט קליינע אויטאָמאַטן. זיי האָבן אונז געמאָלדן:

— די רוסן דערנענטערן זיך. מיר מאַרשירן אָפּ אין דער ריכטונג, צו די אַמעריקאַנער...

מיט אַ פּאָר טעג פריער האָט מיר אַ ציווילער דייטש געזאָגט, אַז אין קורצן וועט מען אונז פון דאַנען עוואַקואירן. ס'וועט בעסער זיין פאַר מיר, כ'זאָל זיך דאָ פאַרשטעקן. אַזוי האָב איך טאַקע געטון. אין דער פינצטערער נאַכט האָב איך זיך אַוועקגעשלייכט, זיך צו באַהאַלטן אין אַ פינצטערער ליידיקער שטוב. מיט צוויי טעג שפּעטער זענען די רוסן אָנגעקומען. דאָס איז געווען דעם 15־טן מערץ 1945.

דעם ערשטן רוסישן סאָלדאַט, וואָס איך האָב באַגעגנט, איז געווען אַ קאַלמיק: אַ קליינער מיט קורצע פיס. כ'האָב זיך געוואָלט וואַרפן אין זיינע אָרעמס, וויינען, קושן אים און דאַנקן, פאַר דער ליכטיקער שטראַל פון באַפרייאונג, וואָס ער האָט אונז געבראַכט. זיינע שוואַרצע, קליינע ווינקל אויגן, האָט אַ בליק־געגעבן אַ קרומער שמייכל האָט זיך צעלייגט אויף זיין ברייט פּנים. ער האָט דערפילט, וואָס אין מיין האַרץ קומט פאָר. ערער האָט זיך דערנענטערט, גוט־ברודעריש מיר געקלאַפּט אין דער פּלייצע און אַרויסגעברומט:

— ניטשעוואָ! בודיעט כאַראַשאָ... (ס'מאַכט נישט, ס'וועט זיין גוט)

עטלעכע קילאָמעטער פון קעניגסבערג האָט מען אונז קאָנצענטרירט אין אַ לאַגער. אַלע באַפרייטע פּאָלאַקן זענען אויסגעפאָרשט געוואָרן פון דער נ.ק.וו.ד. ווען מיין ריי איז געקומען, האָב איך געענטפערט, אַז איך בין אַ שניידער, און געאַרבעט ביי די דייטשן ביי מיין פאַך. ווען דער פּראָ־טאָקאָל איז געווען געשלאָסן, זאָגט מיר דער אָפיציר:

— דער קריג איז נאָך נישט פאַרענדיקט. וועסט אַרבעטן פאַרן רו־סישן מיליטער אַלס שניידער. ס'איז נישט קיין צוואַנגס־אַרבעט. אַצינד ביסטו אַ פרייער מענטש.

***

דעם 28־טן מאַי 1945 רופט מען מיך אין ביוראָ. דער קריג איז שוין פאַרענדיקט, זאָגט מען מיר, דער היטלעריזם פאַרניכטעט, דאָ איז דיין „פשעפּוסטקע" פאַר אין דיין היים...

— פאַרגעס אין דעם קאָשמאַר וואָס האָסט מיטגעמאַכט — און פאַנג אָן אַ ניי לעבן...

***

אַ פּאָר טעג שפּעטער, נאָך דעם פריינדלעכן געשפּרעך מיט דעם רו־סישן אָפיציר, האָב איך פאַרשטאַנען אונזער נייע גרויסע טראַגעדיע וואָס עס דערוואַרט אונז, נאָכן איבערלעבן דעם גיהנום אויף דער פּוילישער ערד ווו ס'איז געשטאַנען אונזער וויגעלע. אַ גאַנצן טאָג האָב איך זיך געשלעפּט מיט אַ לאַסט־באַן ביז טשעכאַנאָוו.

די 26 וויאָרסט קיין גלינאָוויעצק בין איך געלאָפן ווי אַ וואַנזיניקער. אַ פינצטערע פרילינג־נאַכט האָט מיך אַרומגענומען, ווען איך האָב אַריינ־געשפּאַנט אין מיין שטעטעלע — ווער וויל און קען פאַרשטיין אונזער גרויסע טראַגעדיע?! — צי קען מען איבערגעבן מיט ווערטער וואָס עס פילט אַ גלינאָוויעצקער ייד, וואָס זיינע אבות זענען געבוירן געוואָרן דאָ — אויף דער פּוילישער ערד, אין דעם שטילן נאַטור־ווינקעלע? — און דער פינצטערער עמלק האָט אַלץ פאַרשניטן, ס'זאָל נישט בלייבן קיין זכר.

אַ טויטע שטילקייט איז צעלייגט, זי פּיקט שרעקלעך אין מוח. מען הערט קוים די טרעלן פון אַ פויגל. כ'בין אין אַ קאַלטן שוויס, כ'ציטער אויף פון מינדסטן קלאַנג. עס דאַכט זיך מיר די דייטשן לויערן נאָך אַלץ ערגעצווו... איך טרעט אויף די באַקאַנטע מיר — און איצט פרעמדע ברוק־שטיינער. דער עכאָ פון מיינע טריט קלינגט שאַרף אָפּ אין מיין מוח. זכרונות דערוועקן זיך. אונטער דעם בלאַסן שיין פון די שטערן — גליקלעכע טעג און שיינע מאַיאָווע נעכט פון מיינע קינדער־יאָרן, באַ־לויכטן, מיטן זילבערנעם שיין פון פולע לבנה־נעכט. אַלע וועגן און שטעגן דאָ, בין איך דורכגעלאָפן מיט באָרוועסע פיס, געקאַלערט דראָטענע רעד־לעך. און דאָס קליינע באַחנטע שטעטעלע — איז געשטאַנען און שלווה־דיק געדרימלט.

אַצינד דריי איך זיך דאָ אַ פאַרלוירענער, אין דעם נאַכטיקן פאַר־

יתומטן שטעטעלע — איך שאַר זיך צו מיין אַמאָליקער שטוב, באַריר מיט ציטער, די טויטע קאַלטע ווענט... עס דאַכט זיך מיר, פון דער טויט־שטילקייט, צו דערהערן דאָס קול פון מיין שטילע טייערע מאַמע:

— אברהמל!...

— יאָ, מאַמע... מורמל איך שטיל ווי אַ וואַנזיניקער איך פיל דאָס פלאַטערן פון די נשמות, פון די אומגעבראַכטע גלינאָוויעצקער יידן. מיין האַרץ ווייטיקט שרעקלעך. טרערן גיסן זיך פון מיינע אויגן כ׳קען זיך נישט באַהערשן. די בעז־אַראָמאַטן פון דער מאַיאָווער נאַכט 1945 — שטיקן ווי דער געשטאַנק פון די קרעמאַטאָריעס אין אוישוויץ־בירקענוי. אונזער לעבן איז אַזוי ווי די פינצטערע נאַכט... פון וואַנען וועלן מיר אַצינד שעפּן כוחות דאָס אַלץ איבערצוטראָגן?!

איך קלאַפּ אָן ביי אַ באַקאַנטן קריסט.

— אָ! אַבראַמעק, דו לעבסט?... — באַגעגנט ער מיר.

זיין פראַגע גרילצט מיר אין די אויערן. איז דאָס פון איבעראַשונג ביי אים? אָדער אפשר באַדויערט ער, וואָס איך בין לעבן געבליבן...

כ׳בין געווען זיכער, אַז די דייטשן האָבן אַלע אייערע אומגעבראַכט...

— גיט ער נאָך צו, דער „טייערער" שכן...

צומאַרגנס האָב איך זיך אַרומגעדרייט אין שטעטל, ווי אַ דערשראָקע־נע חיה, געבליקט אין די אויגן פון די גלינאָוויעצקער קריסטן, כ׳האָב געוואָלט וויסן וואָס זיי טראַכטן, זייערע בליקן האָבן מיך געשראָקן, כאָטש אייניקע האָבן געשמייכלט צו מיר.

אַ פרייד און אַ וואַרעמקייט האָט אונז אַרומגענומען צו באַגעגענען דאָ מיין עלטסטן ברודער יהודה־מאיר, בערעק מאָשקאָוויטש, שכנה איצ־קאָוויטש, מאָטל און יהודה־מאיר קאָהן, און זייער שוועסטער שרה. מיר האָבן נאָך דעמאָלט געגלויבט, אַז עס איז מעגלעך דאָ אָנצוהייבן אַ ניי לעבן, און זיך איינאָרדענען. מיר האָבן זיך אָבער באַלד דערפילט ווי דער־שראָקענע הירשן אין אַ וואַלד, פיל מיט געפאַרן, צו אַנטרינען פאַר די יעגער מיט זייערע הינט.

**
*

איינמאָל אין אַן אָוונט, שוין שפּעט, ווען מיר זענען די על פּי נס אָפּגעראַטעוועטע גלינאָוויעצקער יידן, געווען פאַרזאַמלט, און מיט שוואַכע האָפענונגען געזוכט אַן אויסוועג ווי אַזוי ווייטער צו לעבן אויף דער ערד פון אונזערע אבות, האָט מען פלוצים דערהערט אַ שטאַרקן זעצן אין דער טיר, אין די פענצטער. מיר האָבן דערהערט ווילדע אויסגעשרייען:

— יידן טראָגט זיך אָפּ פון דאַנען! טראָגט זיך אָפּ פון פוילן!

די גלינאָוויעצקער יידן האָבן במשך פון קנאַפּע צוויי יאָרהונדערטער נישט געוווסט פון אַנטיסעמיטיזם, געלעבט בשלום מיט די גויאישע שכנים. אָבער היטלערס סם האָט געפונען דעם בעסטן באָדן אין פוילן. שוין פאַר דער מלחמה האָבן די אָפיציעלע רעגירונגס־קרייזן געהעצט די פוילישע באַפעלקערונג קעגן אונז.

עס האָבן זיך באַלד געלאָזן הערן טרויעריקע בשורות פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. אין ראַטשווינז 13 וויאָרסט פון גלינאָוויעצק, זע־נען צוריקגעקומען 13 יידישע בחורים און מיידלעך, אָפּגעראַטעוועטע פון די גאַז־קאַמערן. אין אַן אָוונט האָבן זיך אַריינגעריסן די אַ.ק.־באַנ־דיטן, דאָס הייסט די „פאָלקס־אַרמיי", און אַלע אויסגעמאָרדעט.

מיין ברודער בערעק האָט מיר איבערגעגעבן:

— איינמאָל קומט אַריין מיינער אַ שול־חבר און זאָגט מיר: „בערקו, ווען ביסט נישט מיין יוגנט־פריינט, רעד איך נישט, נאָר פיר אויס דעם טויט־אורטייל אויף דיר... און די איבעריקע יידן, וואָס געפינען זיך דאָ, פאַרשווינדט! איך גיב אייך נישט מער ווי 24 שעה... מיר האָבן געשווירן, אַז קיין יידן אין פוילן זאָלן זיך מער נישט געפינען"...

פוילן איז געווען דאָס ערשטע לאַנד וואָס האָט געליטן פון היטלעריזם. יידן האָבן געקעמפט ווי די לייבן צו פאַרטיידיקן דאָס פוילישע — און זייער פאָטערלאַנד... אין דער צייט פון נאַצישן אָנפאַל אין 1939. אין די איבעריקע יאָרן פון דער מלחמה, געקעמפט אַלס פאַרטיזאַנער אין די וועלדער, געפאַלן — און בייגעשטייערט צו פאַרניכטן דעם היטלערישן קאַנסער.

דערפאַר — איז פוילן געווען דאָס איינציקע לאַנד — אַזוי ווי די מלחמה איז געווען פאַרענדיקט, האָט זיך גלייך אָנגעהויבן אַ כוואַליע פון מאָרדן, אויף די שוצלאָזע, דערשראָקענע, מיט נסים אָפּגעראַטעוועטע

יידן. מיט דעם באַרבאַרישן, נידערטרעכטיקן אָרגאַניזירטן פּאָגראָם אין קעלץ — וואָס האָט געמאַכט אויפציטערן די יידן אין דער גאַנצער וועלט.

אייביקע חרפּה און שאַנד דיר פּוילן! די בלוט־פלעקן פון די אויס־געמאָרדעטע יידן, וועסטו קיינמאָל נישט אָפּוואַשן! דער קין צייכן וועט בלייבן אויף דורות!

ווייזט אויס, אַז די לעגענדע וועגן פּה־לין, צייטווייליק איבערנעכטיקן איז געווען דער ריכטיקער אויסדרוק. אַ געוואַלדיקער טעות איז געווען ביי די, וואָס האָבן אַנדערש געטראַכט און געפּרווט זיך אויפסניי איינ־וואָרצלען אויף דער פאַרשאָלטענער פּוילישער ערד.

מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן די איינצלנע פּוילישע מענטשן, וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן און אָפּגעראַטעוועט יידן, די טייערע איידעלע פּוילישע מענטשן — אייביקער כבוד.

***

ס'איז געווען קרוב צו מיטן נאַכט, ווען אברהם מאַרקעוויטש האָט פאַרענדיקט דערציילן מיר זיינע טרויעריקע איבערלעבונגען אַלס קריסט, אין דער צייט פון חורבן און אומקום, פון אונזער מאַרטירער־פאָלק.

***

די ניו־יאָרקער פאַרשטאָט „פלאַשהינג" איז איינגעהילט אין דער פינצטערער נאַכט. שטיל איז אַרום, אַלץ ליגט אין טיפן שלאָף. אַן איינ־זאַמער הונט צעוואָיעט זיך, און רייסט איבער די נאַכט שטילקייט. אַ דראָבנער פריילינג־רעגן, געיאָגט פון צפון־ווינט, שמייסט אין די פענצטער, און מאַכט ציטערן די שויבן. דער ווינט פייפט אין דער איינזאַמער נאַכט... עס דאַכט זיך מיר, אַז מען הערט שדים־קולות, געלעכטער און געוויין מישן זיך צונויף און פאַרשווינדן... אַ געבראַזג פון צעבראָכן גלאָז מאַכט מיך אויפציטערן.

איך וואַרף זיך אויפן בעט און קיין שלאָף קומט נישט צו מיר. ס'באַווייזן זיך שרעקלעכע פאַטאַ־מאָרגאַנאַ בילדער זיי שוועבן ווי אין אַ נאַרקאָטישן שלאָף. איך זע אין קאָשמאַר אַן אַלטן ייד, מיט אַ שניי־ווייסער

באָרד. ווי ער שטייט איינגעהילט אין אַ צעפּליקטן טלית. פון די ציצית רינט בלוט... ער שרייט מט אַ כאַרכלענדיק קול:

— פאַרוואָס פייניקט מען אונז? — פאַרוואָס ברענט מען אונז?!

אַ יאָמערדיקער ווינט רייסט שטיקער פון פאַרבלוטיקטן טלית — די מלבושים פליען אַוועק. די הויט שיילט זיך, מענטשן, מיט קעפּ פון חיות — רייסן שטיקער פון זקן. עס בלייבט אַ הוילער סקעלעט און פאַרשווינדט...

אַ קליין מיידעלע, מיט ליכטיק־בלויע אייגעלעך, לאַנגע, בלאָנדע צעפּ, דריקט צו זיך אַ ליאַלקע מיט צעשמייכלטע אויגן. אַ פלאַם פייער פליט, דרייט זיך אין אַ כישוף־ראָד אַרום דעם קינד. כאַפּט עס אַרום מיט די פלאַמען. ס'קינד שרייט: מאַמע! מאַמע! דאָס פייער כאַרכלט און לאַכט מעפיסטאָפעליש, כאַפּט אַרום דאָס קינד. די ליאַלקע הייבט אָן צו ברענען. דאָס מיידעלע דריקט צו זיך די ברענענדיקע ליאַלקע.
אַלץ פאַרוואַנדלט זיך אין אַ פלאַם־פייער.

איך וואַרף זיך צום קינד מיט אויסגעשטרעקטע הענט. אַ דייטש מיט ווילדע פייער־אויגן שלאָגט דאָס ברענענדיקע קינד. איך שריי מיט מיינע לעצטע כוחות... און כאַפּ זיך אויף, אַ באַגאָסענער מיט אַ קאַלטן שווייס...

***

דאָס לעצטע קאַפּיטל פון דעם בוך איז אָנגעשריבן געוואָרן אין די בערג, נישט ווייט פון ניצײי (ניס).
עס איז אין די שפּעטע נאַכט־שעהן, איינע פון די פּרעכטיקע סעפּטעמבער נעכט. דאָס שטעטל שלאָפט שוין, ס'איז איינגעהילט אין די שלווהדיקע בערג־שטילקייט. אַ כאָר פון נאַכט־גרילן זינגען אויס מאַנאָטאָן אַ סערע־נאַדע... אין די טיפקייט פון די בערג, ווינקען און ציטערן, קליינע פייער־צייכנס פון איינזאַמע הייזקעס. עס זעט אויס ווי מען וואָלט איבערגעגעבן געהיימע סימנים...

אַ טונקל־בלויער סאַמעט הימל, איז פאַרזייט מיט קליינע שטערנד־לעך. אַ קופּער־רויטע גרויסע לבנה שלייכט זיך אַרויס פון אַ באַרג־שפּיץ ביי מזרח, זי שוועבט וואָס אַמאָל העכער צו איר אייביקן נאַכט־שפּאַציר, און באַגיסט מיט כישופדיקע זילבער־ליכט דעם אַרום. אַ לייכט דרום־

ווינטל בלאָזט אין אָפענעם פענצטער. אַ שמעטערלינג פליט אַריין קרייזט ווי געפאַנגען אַרום די ליכט, פלאַטערט מיט די אידעלע קאָליריקע פליגעלעך און בלייבט פאַרגליווערט.

טרויעריקע מחשבות שפּאַרן אין דער נאַכט־שטילקייט, נישט נאָר פון דעם גרויסן חורבן, פון די שרעקלעכע פאַרברעכנס וואָס זיי האָבן אויסגעפירט קעגן אונזער פאָלק — נאָר פון די פינצטערע פּלענער, ווילדע מאַכינאַציעס, פאַרקריפּלטע ליגנס וואָס די אַראַבישע היטלערס, מיט דער מיטהילף פון זייערע פאַרבינדעטע אין דער גאַנצער וועלט, גרייטן זיך אויפסנייע און פּלאַנירן אונזער אומקום.

עס נאָגט און פּייניקט אין מוח פון אַ געוויזענעם דעפּאָרטירטן, ווי בלינד איז די וועלט! ווען עס האַנדלט זיך אין שנאה צו דעם יידישן פאָלק — מען לערנט גאָרנישט פון דער טרויעריקער געשיכטע: די אַראַבישע פינצטערע אַפּעטיטן, הייבן זיך אָן מיט מדינת ישראל און די יידן, און קענען זיך פאַרענדיקן ווייטער... זיי חלומען צו באַהערשן אַ טייל פון דער וועלט איבערהויפּט די לענדער ביים מיטללענדישן ים. זייער אָפּט ווען מיר טראַכטן וועגן די זעקס מיליאָן יידן, אומגעבראַכטע אין די גאַז־אויוונס, דערשאָסענע, געהאָנגענע, לעבעדיק פאַרשיטע, אין די אומבאַקאַנטע קברים, צעזייט איבער גאַנץ אייראָפּע, די פּסיכישע שטערונגען, וואָס באַגלייטן די לעבן־געבליבענע. זיי וועלן זיך פון די קאָשמאַרן קיינמאָל נישט באַפרייען. יעדער פון אונז פרעגט זיך מיט אַנגסט: ווי איז עס מעגלעך געווען? אַ גאַנצע וועלט, אַ ציוויליזירטע, אַ קולטורעלע, האָט געוווסט, אַז מען פאַרניכטעט אַ גאַנץ פאָלק אין האַרץ פון אייראָפּע, און — האָבן געשוויגן, נישט רעאַגירט. דער עיקר די רעגירונגען, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער מלחמה־מאַשין... זיי האָבן זיך שטום צוגעקוקט צו אונזער אומגליק. די הימל־שרייענדיקע חרפּה פאַלט אויף דער אַזוי גערופענער ציוויליזירטער וועלט!

***

31 יאָר ווי די מלחמה איז פאַרענדיקט. דער היטלעריזם איז טויט, אָבער די פינצטערע, נידערטרעכטיקע טעאָריע איז פאַרבליבן. די חיהשע דזשונגל־אינסטינקטן פאַרסמען און פאַרפעסטן די וועלט. נאַציס מיט

אָנגעגזלטע אוצרות פון יידיש האָב־און־גוטס, זענען אַנטלאָפן, מיט דער הילף פון פאַשיסטישע קלעריקאַלע עלעמענטן, אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, און די אַראַבישע לענדער. מעטאָדיש, מיט יונקערישער דייטשער פּינקטלעכקייט האָבן זיי איינגעפלאַנצט אין די פּרימיטיווע איסלאַמישע פעלקער דעם ווילדן יידן־האַס אין זייערע היציקע, מערדערישע מוחות. זיי מיינען אויך פּונקט ווי היטלער, אַז דער איסלאַם דאַרף דאָמינירן און דיקטירן די וועלט.

צוהילף אַט די פינצטערע עלעמענטן איז געקומען רוסלאַנד, מיט אירע קאָמוניסטישע סאַטעליטן. געשטעלט זיך אויף דער זייט פון די אַראַבער, העלפן זיי פּאָליטיש, מאַטעריעל, אין זייערע פינצטערע פּלענער: פאַרשפרייטן ליגנס דורך אַ פאַרברעכערישער פּראָפּאַגאַנדע, צו באַרעכטיקן זייער איינציקן ציל, צו פאַרניכטן, חלילה, מדינת ישראל און דאָס יידישע פאָלק.

פון וואַנען עס דערנעמט זיך אַזאַ זאָאָלאָגישע שנאה צו אונז פון די קאָמוניסטן? איז נישט צו פאַרשטיין. האָבן דאָך יידן אַזויפיל בייגעשטייערט פאַר דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, געהאָלפן באַפעסטיקן דעם קאָמוניסטישן אָפּגאָט, פאַרלייקנט און פאַראַטן זייער אייגן פאָלק...

מיט וואָס האָט מען זיי באַלוינט? — דערשאָסן דורך פאַלשע פּראָצעסן, באַשמוצט, אָדער פאַרפוילט געוואָרן אין די סיבירישע טייגעס!

צי האָבן די אַראַבער ווען עס איז געשאַפן, מיטגעהאָלפן צו פאַרווירקלעכן די קאָמוניסטישע אידעע? צי ווייסן דען נישט די קרעמל־לייט, אַז אין לעצטן קריג האָבן די אַראַבער מיטגעאַרבעט מיט היטלערן קעגן רוסלאַנד? ביז דעם היינטיקן טאָג די אַראַבישע לענדער, וואָס רופן זיך פּראָגרעסיוו — אַסאַד, אָדער בומעדיען, זיי בייגן זיך פאַר דעם קאָמוניסטישן אָפּגאָט — ווייל זיי ווערן געשיצט פון רוסלאַנד. אין זייערע פינצטערע פאַלשע הערצער האָסן זיי דעם קאָמוניזם אַזוי ווי די אַראַבישע פעאָדאַלע רעגירונגען.

מיר האָבן אַ רעכט צו באַשולדיקן און פאַראורטיילן די — וואָס האָבן אונז אַזויפיל שלעכטס געטון! גענוג צו באָדן זיך אין יידיש בלוט! גענוג מיט מענטשן — און ברידער־האַס!

***

דער זייגער אויפֿן קלויסטער־טורעם אין שטעטל לעוועגס, קלאַפּט אויס מיטן אויטאָמאַטישן אייזערנעם האַמער די צוועלפֿטע שעה. עס איז חצות... כ׳וויל — אַזוי ווי אונזערע אומגעבראַכטע טאַטעס און זיידעס, און די יידן זייט דורות זיך זעצן אויף אַ קליין בענקעלע מיט אַ ליכטל אין דער האַנט... — אויסקלאָגן די טרויעריק־האַרציקע תפילות, פֿון אונזער מאַרטירער־פֿאָלק פֿון די פֿאַרלאָפֿענע יאָרהונדערטער ביז דעם היינטיקן טאָג:

— עד מתי!... שריי איך שטום אין דער שטילער פֿינצטערער נאַכט — זאָל דער גואל־צדק באַשיינען מיט אַ ליכטיקן זון־שטראַל דאָס גע־פּלאָגטע יידישע פֿאָלק — מיט אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט.

**
*

זאָל מיין באַשיידן בוך זיין אַ מצבה און אַ הייליקע צוואה פֿון די פֿאַר־שניטענע גלינאָוויעצקער יידן מיט די זעקס מיליאָן קדושים, ווען זיי האָבן אין זייער לעצטן גסיסה־צאַפּל אויסגעשריגן מיט פֿאַרשטיקטע שטימעס:

— פֿאַרגעסט אונז נישט!... — פֿאַרצייכנט עס זאָל בלייבן לדורות, וואָס די דייטשן האָבן אָפּגעטון מיט אונזער פֿאָלק, און מיט דער שטומער גלייכגילטיקייט פֿון דער רשעותדיקער וועלט.

זאָל אָט די שיינע וועלט אונזערע, וואָס איז אויסגעלאָשן געוואָרן, באַקומען דעם „תיקון" דורך דעם וואָס יידן וועלן לייענען אָט די יזכור־ביכער און זיך פֿאַרטראַכטן, און דערמיט מאַכן אויפֿלעבן אונזערע פֿאַר־שניטענע שטעט און שטעטלעך.

זאָלן מיר אויך נישט פֿאַרגעסן די צוואה פֿון אונזערע טראַגיש־אומ־געקומענע היסטאָריקער עמנואל רינגעלבלום און שמעון דובנאָוו.

דאָס זענען זייערע לעצטע הייליקע ווערטער:

יידן פֿאַרשרייבט אַלץ; גאָרנישט זאָל פֿאַרלוירן ווערן פֿון דער טראַגישער געשיכטע פֿון אונזער פֿאָלק, אין 20־טן יאָרהונדערט.

# באַמערקטע דרוק - פעלערן

| זייט | שורה | | | אַנשטאָט | דאַרף מען לייענען |
|---|---|---|---|---|---|
| 57 | 31 | פון | אונטן | פסך | פסח |
| 58 | 31 | פון | אונטן | מדה | מודה |
| 64 | 19 | פון | אונטן | יהושועה | יהושע |
| 64 | 30 | פון | אונטן | אדוני | א' |
| 103 | 26 | פון | אונטן | ישירים ובורך | ישרים יבורך |
| 105 | 31 | פון | אונטן | מלכות | מלאכות |
| 114 | 23 | פון | אונטן | אום | אין |
| 115 | 1 | פון | אויבן | פעדאַוונט | געדאַוונט |
| 123 | 7 | פון | אויבן | שטעלער | שטאַלן |
| 136 | 6 | פון | אויבן | בספר | בסבר |
| 142 | 12 | פון | אויבן | יהושוע | יהושע |
| 142 | 16 | פון | אויבן | יהושוע | יהושע |
| 143 | 29 | פון | אונטן | דר | דבר |
| 150 | 31 | פון | אונטן | אלינו | עלינו |
| 153 | 21 | פון | אונטן | הוצו | הוציא |
| 169 | 31 | פון | אונטן | אולא | הלל |
| 172 | 26 | פון | אונטן | געקאָט | געהאָט |
| 176 | 27 | פון | אונטן | שלעו תבו | שלא תבוא |
| 209 | 18 | פון | אונטן | לנאַד | לאַנד |
| 224 | 11 | פון | אויבן | גרייטר | גרייטן |
| 273 | 15 | פון | אויבן | הויכ | הויך |
| 273 | 19 | פון | אויבן | מיכ | מיך |
| 287 | 7 | פון | אויבן | פוילטשע | פוילישע |
| 290 | 30 | פון | אויבן | מזווזה | מזוזה |
| 293 | 2 | פון | אויבן | איינשטעלעטיש | איינשטעלעניש |
| 302 | 9 | פון | אויבן | געטיולעט | געטולעט |
| 318 | 9 | פון | אויבן | קונד | קונה |
| 327 | 24 | פון | אונטן | טעט | שטעט |
| 327 | 1 | פון | אויבן | ערער | ער |

